# יידישע פאָלקס-לידער

צונויפגעשטעלט:

י. דאָברושין און א. יודיצקי





מעלוכע־פארלאג „דער עמעס“, מאָסקווע 1940

Printed in Soviet Union

# פאָרוואָרט

וולאדימיר איליטש לענין, — דערציילט באָנטש-ברויעוויטש, — האָט, דורכקוקנדיק אייניקע רוסישע פאָלקלאָר־זאמלונגען, געזאָגט: „ס'ארא אינטערעסאנטער מאטעריאל... מע וואָלט דאָכ אפנ גרונט פונעם דאָזיקנ מאטעריאל געקאָנט אָנשרייבנ אנ אויסגעצייכנטע אויספאָרשונג וועגנ די האָפענונגענ און דערווארטונגענ פונעם פאָלק".

לענינס ארויסזאָגונג שטעלט איינ דעמ גרויסנ דערקענטעניש־ווערט פונ דער פאָלקס-שאפונג באמ דערלערנענ די געשיכטלעכע פארגאנגענהייט פונ די ברייטע פאָלקס־מאסנ. דער פארגאנגענער לעבנשטייגער, די גרויסע טאָגטעגלעכקייט מיט אירע מאסנ־ליידנ און מאסנ־פריידנ, נויט, ארבעט און קאמפ האָבנ געפונענ זייער בעסטע און פולסטע אָפשפיגלונג אינ דער מינדלעכער שאפונג פונ די ברייטע פאָלקס־שיכטנ, אינ דער שאפונג פונעם פאָלקסמענטש, וואָס איז געווענ איינגעוואָרצלט, פארקניפט און פארבונדנ מיט די פאָלקס־אינטערעסנ, מיט די שטרעבונגענ פונעם פאָלק, מיט זיינע טרוימענ און האָפענונגענ.

די קראפט פונ די דאָזיקע עכטע פאָלקס-שעפער איז באשטאנענ אינ דעמ, וואָס זיי האָבנ געלעבט מיטנ לעבנ פונ די ברייטסטע פאָלקס־מאסנ, זיי האָבנ געאָטעמט מיט זייער אָטעמ און געזונגענ מיט זייער שטימ, מיט דער שטימ פונ מיליאָנענ האָרעפאשניקעס, וועלכע זיינענ שטענדיק געווענ די עמעסע, די עכטע בויער פונ לעבנ.

„דאָס פאָלק איז נישט בלויז א קראפט, וועלכע באשאפט אלע מאטעריעלע ווערטנ, — האָט געשריבנ דער גרויסער פראָלעטארישער שרייבער מאקסימ גאָרקי, — עס איז דער איינציקער אומויסשעפבארער קוואל פונ גייסטיקע ווערטנ". „די אמערסטנ טיפע און העלע קינסטלעריש־פארפולקומטע טיפנ פונ העלדנ, — שרייבט גאָרקי אינ אנ אנדער אָרט, — זיינענ באשאפנ

געוואָרן דורכן פאָלקלאָר, דורך דער מינדלעכער שאפונג פונעם ארבעטס-פאָלק".

אויך דאָס יידישע ארבעטס־פאָלק האָט געשאפן זיין רייכן פאָלקלאָר, וועלכער האָט אָפגעשפיגלט פארשיידענע עטאפן פון זיין געשיכטלעכער פארגאנגענהייט: דאָס לעבן פונעם קינד, מישפּאָכע-שטייגער, ליבע, רעוואָ־ליוציאָנערן קאמף, היסטאָרישע פאסירונגען, שארפע ארויסטרעטונגען קעגן די גווירישע און פרומאק־שע פארדארבער פון לעבן — אין פארשיידענע פילארטיקע זשאנרען און פאָרמען איז דאָס אלץ מערקווירדיק פארקריצט געוואָרן דורך פאָלקס־שעפער, דורכן טאלאנטפולן מאסן־מענטש. דערביי איז צו באמערקן, אז די דאָזיקע פאָלקס־שאפונג האָט באדארפט געווען, סיי אין אינהאלט און סיי אין סטיל, דורכשלאָגן זיך א וועג און זיך באפרייען פון די הערשנדיקע בירגערלעכע און קליינבירגערלעכע אָנשויונגען, וואָס האָבן אָפּ זייער אויפן געפונען א געוויסן אויסדרוק אין פארשיידענע פאָלק־לאָר־פאָרמען.

אין דער דאָזיקער זאמלונג, וואָס שפיגלט אָפּ דעם אלגעמיינעם צוזאַ־מענשטעל פון דער עלטערער יידישער פאָלקלאָר-שאפונג, איז שוין צו זען, אז דער פאָלקלאָר פון די „באלעבאטישע" שיכטן האָט פארנומען א פאר־העלטניסמעסיק אומבאדייטנדיק אָרט, אין דער צייט, ווען די פירנדיקע ראָליע האָט געשפילט די עכטע פאָלקס־ליד פון די אָרעמע און אונטערדריקטע מאסן. די פאָלקס־מאסן האָבן אויסגעדריקט אין ליד זייער לייד און צאָרן, געשאפן די ליי־רישע ליבע־לידער, אַן עכטן קאָלעקטיוון פאָלקס־ראָמאַן, און אויסגעגאָסן זייער ברענענדיקן האס צו די אונטערדריקער. אין די צייטן פון רעוואָליוציאָנערן אופברויז האָבן זיי מיט אזויפיל אָפּטימיסטישן פאָלקס־גלויבן באזונגען אין אַן א שיר לידער די שמרייטן און שלאכטן פאר דער פראָלעטארישער באפרייונג. הומאָריסטישע לידער, ליריק, באלאדישע לידער, עפּישע דיכטונגען— אלע זשאנרען און פאָרמען האָבן מייסטעריש געדינט דעם פאָלק אין זיין גרויסן קאמף פאר מענטשלעכן גליק, פאר א וועלט פון ליבע און פרייד.

די דאָזיקע פאָלקס־שאפונג האָט פון שטענדיק אָן געהאט א גרויסע ווירקונג אף דער אנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראטור, ארייַנגעטראָגן אין דער ליטעראטור געזונטע פאָלקישע זאפטיקייט און רעאליסטישע עכטקייט. די גרונטלייגער פון דער יידישער קלאסישער ליטעראטור מענדעלע און שאָלעם־אליכעם האָבן דאָך מיט אזא באוווסטזיין און ליבשאפט באצויגן זיך צום פאָלקס־שאפן, וואָס איז געוואָרן איינער פון די הויפט־קוואלן פאר דער אויסבילדונג פון זייער אייגענעם שאפונג־סטיל.

די שעפערישע קרעפטן פונעם פאָלקס־מענטש האָבן זיך באזונדערס שטארק אנטפלעקט נאָך דער גרויסער סאָציאליסטישער אָקטיאבער־רעוואָליו־ציע, וועלכע האָט ארייַנגעצויגן אינעם קולטור־שעפערישן שטראָם די גרויסע

באפרײַטע פּאָלקס-מאסן פונעם ראטנפארבאנד. בא אונדז אינעם ראטנלאנד האָט זיך מעכטיק פאנאנדערגעבליט די פאָלקס־שאפונג, וואָס באזינגט דאָס פרײלעכע גליקלעכע לעבן פון די באפרײַטע פעלקער, באזינגט די באָל־שעוויסטישע זיגן אין אלע געביטן פון דער ווירטשאפט און קולטור אונטער דער אָנפירונג פונעם גרויסן פירער פון די פעלקער דעם כאוועד ס ט א ל י ן.

די פארטיי און די ראטנמאכט גיבן אָפּ א סאך אופמערקזאמקײַט דער פאָלקס-שאפונג, וואָס האָט זיך צעוואקסן און וואונדערבאר צעבליט אין אלע רעפובליקן, אין אלע נאציאָנאלע געגנטן פון די ברידערלעכ־באהעפטע פעלקערשאפטן פונעם ראטנפארבאנד. די יידישע פאָלקס־מאסן האָבן אויך געשאפן א רײַכן סאָוועטישן פאָלקלאָר, וואָס דריקט אויס דעם אָנטייל פונעם יידישן פאָלק אינעם סאָציאליסטישן אופבוי פונעם לאנד, א פאָלק־לאָר, וואָס איז פול מיט באגײַסטערונג און מיט ליבשאפט צום גרויסן סאָ־ציאליסטישן היימלאנד, ליבשאפט צום גרויסן באשעפער און בויער פונעם גליקלעכן סאָציאליסטישן לעבן — דעם כאווער ס ט א ל י נ.

די סאָוועטישע יידישע פאָלקס־ליד ציט די שעפערישע יערושע־ליניע פון די בעסטע זשאנער־מוסטערן, וואָס דאָס פאָלק האָט אָנגעזאמלט אין מעשעכ פון דורעס, און איז אײַנצײַטיק פארבונדן מיטן נײַעם וואָרט און געדאנק פון דער יידישער סאָוועטישער הײַנטצײַטיקײַט, וואָס שלאָגט ווי א קוואל און ברויזט מיט אלע פארבן פון דער סאָציאליסטישער ווירקלעכ־קײַט. די צעגאָסענע פאָלקס־פרייד, די באגײַסטערונג פאר דער באָלשעוויס־טישער פארטיי, פאר דער זאך פון לענין און סטאלין — דאָס איז דער הויפּט־צייכן פון דער סאָוועטישער פאָלקס־שאפונג ביכלאל און אויך פון דער יידישער, און דערפאר איז זי אזוי סאָציאל פארשארפט אין איר שטייגערישער קאָנקרעטקײַט און לעבנס-פארוואָרצלטקײַט.

דאָס פאָלק שאפט, דיכטעט און זינגט וועגן דער קאָלווירטישער ארבעט און אויסקומעניש, וועגן שטאַטישן און שטעטלשן לעבנשטייגער, וועגן ביראָבידזשאן, וועגן בירגערקריג, וועגן דער רומפולער רויטער ארמיי, וועגן קיראָוון, וועגן דעם באליבטן פירער פון אלע פעלקער דעם כאווער סטאלין. די פארצווײַגטע טעמאטיק פון דער נײַער סאָוועטישער יידישער פאָלקס־ליד פארמאָגט לידער וועגן די ארקטישע פליער, וועגן דער סטאכאנאָווישער ארבעט אין פעלד און אפ דער פאבריק, וועגן דער נײַער ליבע פון דער סאָ־וועטישער יוגנט; זי פארמאָגט קינדער־לידער, וויג-לידער, אנטירעליגיעזע לידער, אנטיפאשיסטישע לידער און לידער וועגן לאנדשוץ.

פּאָליטישע דערשײַנונגען און פראָטים פונעם לעבנשטייגער — אפ אלץ רופט זיך אָפּ אונדזער יידישע סאָוועטישע פאָלקס-ליד, זי רופט זיך אָפּ מיטן מויל און הארץ פון קינדער, יוגנט, עלטערע און זקיינים, מיטן מויל און הארץ פון די אלע, וואָס זײַנען אליין איבערגעגעבענע שעפער פון זייער לעבנס־גליק און רופן זיך אָפּ אָט דאָ באלד אפן אָרט מיט אומיטל־

בארנ פאָעטישנ פערז, פארוואָרצלטנ אינ טאט אונ אינ פריידיק־אייגענער לעבנס־דערפארונג.

די גרויסע סטאלינישע קאָנסטיטוציע האָט געגעבנ א באזונדערנ שטויס דעמ שטראָמ פונ דער סאָוועטישער יידישער פאָלקלאָר-שאפונג. הונדערטער ארבעטער, קאָלווירטניקעס אונ ארבעטנדיקע האָבנ זיכ צעזונגענ פאר פרייד, זיכ צעזונגענ מיטנ הארצ אונ מיט דער נעשאָמע, אויסגעזונגענ דורכנ פאָלקס־וואָרט דעמ געפילנ־ברויז פונעמ באפרייטנ סאָציאַליסטישנ מענטשנ, וואָס איז באוואָרנט מיט גליק, ווייל „דעמ רודער פונ אונדזער לאנד האלט סטאלינ זיכער אינ האנט", ווי עס זינגט דער פאָלקס-דיכטער.

„די פארבינדונג מיט די מאסנ, די פארפעסטיקונג פונ דער דאָזיקער פארבינדונג, די גרייטקייט צוצוהערנ זיכ צו דער שטימ פונ די מאסנ — אָט אינ וואָס עס איז די קראפט אונ די אומבאזיגבארקייט פונ דער באָלשעוויסטישער אָנפירונג" (סטאלינ).

די דאָזיקע פארבינדונג דריקט זיכ אויכ אויס אינ די באגייסטערטע שטימענ פונ די יידישע סאָוועטישע פאָלקס-זינגער אונ פאָלקס־שעפער, וועלכע פלעכטנ ארײנ זייער שאפונג אינ דער שאפונג פונ אלע ברידערלעכ־פאראייניקטע פעלקער פונעמ גרויסנ סאָציאַליסטישנ היימלאנד.

---

די דאָזיקע זאמלונג פונ פאָלקס-לידער באשטייט פונ צוויי גרונט־טיילנ: דער עלטערער פאָלקלאָר אונ די סאָוועטישע פאָלקס-ליד. נעמענדיק אינ אכט די שוועריקייט גענוי צו קלאסיפיצירנ די פאָלקס־ליד לויט באזונדערע אויסגעשפראָכענע טעמעס אונ זשאנרענ, איז די דאָזיקע זאמלונג אויסגעקומענ צו בויענ לויט א באדינגלעכ־קאָמבינירטנ פרינציפ, וואָס פירט דורכ, אפ וויפל ס'לאָזט זיכ, א לעגערעכדיקע טעמאטישע ליניע צווישנ פארשיידענע לידער, איינשטעלנדיק דערביי א געוויסנ כראָנאָלאָגישנ סיידער אינ די ראמענ פונ יעדער טעמע.

דער דאָזיקער געבוי קאָנ געבנ א מעגלעכקייט נאָכצושפירנ נאָכ דער אנטוויקלונג אונ אָנוווקס פונ דער טעמאטישער ליניע אינ דער פאָלקס-ליד, נאָכ די אומוואנדלונגענ אונ וואריאַנטנ־מאָדעלירונגענ אפ אזויפיל, אפ וויפל די דאָזיקע וואריאַנטנ ווערנ דאָ געגעבנ קאָנצענטרירט, איינער נאָכנ אנדערנ. אָבער אינ געוויסע פאלנ איז דאָכ אויסגעקומענ איבערצייסנ די טעמע אונ אפילע וואריאַנטנ, געבנ זיי אינ פארשיידענע טיילנ, ביכדיי צו כארהיטנ דעמ איינהייטלעכנ סאָציאַלנ כאראקטער, וואָס בינדט די דאָזיקע טעמע מיט אנדערע טעמעס לויטנ צייכנ פונ קלאס אונ טקופע. אזוי איז, אשטייגער, אויסגעקומענ אויסטיילנ פונ דער עלטערער וויג־ליד באזונדער די רעוואָליוציאָנערע וויג־ליד אונ ארײנפאסנ זי אינעמ אָפטייל פונ די רעוואָליוציאָנערע פאָלקס־לידער.

וואָס איז שײַעכ די וואַריאַנטנ, זײַנענ זיי דאָ צוליב מאַנגל אינ פלאַצ געגעבנ געוואָרנ אינ א באַגרענעצטער צאָל. צוליב די זעלבע מאָטיוונ זײַנענ אײניקע לידער אַרײַנ אינ דער זאַמלונג אינ דער פאָרמ פונ אויסצוגנ.

אינ דער דאָזיקער זאַמלונג זײַנענ אינ דער אָפטײלונג „עלטערע פאָלקס-לידער" אופגעקליבנ געוואָרנ די וועלטלעכע לידער, וואָס זײַנענ דאָ אײַנגעטײלט געוואָרנ לויטנ פאָלגנדיקנ סיידער:

ערשטער טײל: קינדער-לידער אונ וויג-לידער. ליבע-לידער מיט אַנ אינווייניקסטער אײַנטײלונג אפ „ליבע", „צעשיידונג" אונ „פעלשונג". מישפּאָכע-לידער אונ שטײגער-לידער. לידער סאַטירישע אונ אַנטיקלעריקאַלע אונטערנ נאָמענ: „קעגנ פרומקײט". הומאָריסטישע לידער.

אינ דעמ צווייטנ טײל פונ דער ערשטער אָפטײלונג זײַנענ אַרײַנ די לידער לויט פאָלגנדיקער אָרדענונג:

היסטאָרישע לידער, רעקרוטשינע-, פריזיוו- אונ מילכאָמע-לידער. לידער וועגנ נויט, אַרבעט אונ קאַמפ אונ טפיסע-לידער אונטערנ נאָמענ „אינ טורמע אונ קייטנ" אונ רעוואָליוציאָנערע וויג-לידער.

אינ דער צווייטער אָפטײלונג פונ דער זאַמלונג זײַנענ אַרײַנ די סאָוועטישע פאָלקס-לידער, אײַנגעטײלט לויט דער מער געברויכטער טעמאַטיק: סאָוועטישע וויג-לידער. לידער וועגנ דער רויטער אַרמיי, אָנגעהויבנ פונ בירגערקריג, קאָלווירטישע לידער, אָנגעהויבנ פונ די איבערוואַנדערישע לידער. סאָוועטישע שטײגער-לידער. לידער וועגנ ביראָבידזשאַנ אונ לידער וועגנ סטאַלינענ.

אינ דער דאָזיקער טעמאַטישער אײַנטײלונג פונ דער סאָוועטישער פאָלקס-ליד איז בלויז איינ גרופּע לידער, די „טשאַסטושקע"-גרופּע, אַרײַנ לויט דער זשאַנר-באַצייכענונג. דאָס איז, ערשטנס, דערפאַר, ווײַל אינ דער „טשאַסטושקע"-ליד איז אומעגלעכ אָפצובאַזונדערנ איינ טעמע פונ דער אַנדערער, אונ, צווייטנס, דאַרפ דער דאָזיקער זשאַנר באַצייכנט ווערנ באַזונדער, ווי א זשאַנר לאַכלוטנ א נײַער אינעמ יידישנ פאָלקלאָר. געשאַפנ געוואָרנ אונטער דער ווירקונג פונ דער צעבליטער רוסישער סאָוועטישער „טשאַסטושקע", האָט דער דאָזיקער זשאַנר שוינ פולשטענדיק אײַנגעבירגערט זיכ אינעמ יידישנ סאָוועטישנ פאָלקלאָר-שטײגער.

די פאַרברידערונג פונ דער יידישער סאָוועטישער פאָלקס-ליד מיט דער רוסישער, ווי אויכ מיט די לידער פונ אַלע פעלקערשאַפטנ פונעמ ראַטנ-פאַרבאַנד, האָט זיכ סײַ טעמאַטיש סײַ אינ זינ פונ פאָרמ אומגעהייער צעבליט אינ דער סאָוועטישער יידישער פאָלקס-שאַפונג, באַצייכענענדיק די עכטע פאָליטישע אונ געזעלשאַפטלעכע ברידערלעכע געמיינזאַמקײט פונ די אינטערעסנ פונ אַלע פעלקער אינעמ לאַנד פונ די ראַטנ.

די דאָזיקע אינטערעסנ-פאַרפלאָכטנקײט איז דאָכ אינ אַלגעמיינ שטענדיק וואַכ געוועזנ אינ די פאָלקס-טיפענישנ, זי האָט דאָכ אפ איר אײגענעמ

אויפן אָפגעשפיגלט זיך אין דער עלטערער ייִדישער פאָלקס־ליד, אָפגעשפיגלט זיך סיי אין דער טעמאַטישער ווירקונג סיי אין די איבערזעצונגען פון רוסיש, אוקראַיניש און ווייסרוסיש, וואָס זיינען אזוי מייסטעריש גע־מאכט פונעם פאָלקס־מענטש, און זיינען, ווי די ליד „אפ די בערג די הוי-כע", אריין אין דער אָרגאניק פונעם ייִדישן עלטערן פאָלקלאָר.

אין דער אָפטיילונג פון דער עלטערער פאָלקס־ליד זיינען אריין אויך אייניקע לידער, וואָס געהערן צו באוווסטע שרייבער. זיי זיינען, הייסט עס, ניט קיין אנאָנימע לידער, אָבער זייער מינדלעכער סטיל־כאראקטער, זייער פארשפרייטקייט און גרויסע פּאָפולערקייט האָט זיי פארוואנדלט אין פאָלקס־לידער, זיי האָבן דאָך באקומען אפילע זייער וואריאַנטיק אין דער פאָלקס־אויספירונג, גייען זיי אריין אין פאָלקס־שאפונג און ווערן דאָ אין דער זאמ-לונג אריינגעבראכט, אייניקע אפילע לויטן פאָלקלאָריסטישן וואריאַנט זייערן.

אין דער דאָזיקער זאמלונג זיינען אפ אזא אויפן אריין לידער פון מענדעלע מויכער־ספאָרים (די וויג־ליד „אליו־ליו־ליו, בידנע קינד"), פון שאָלעם־אליינעם (די וויג־לידער „שלאָף, מיין קינד, מיין קרוין מיין שיינער" און „שלאָף, אלעקסיי, יוירעש מיינער"), פון וועלוול זבארזשער („הער זשע צו, דו פילאָזאָף"), פון עליאָקום צונזער („ווער האָט ווען געזען"), פון ב. שאפיר („אפן בוידעם שלאָפט דער דאך") און וואריִרטע לידער פון עדעלשטאט, באָוושאָווער און ווינטשעווסקי, וואָס זייערע לידער האָבן באקומען פיל פאָלקס־וואריאַנטן אין דעם רעוואָלוציאָנערן פאָלקלאָר פון 1905 יאָר.

די דאָזיקע אויסגאבע פון די ייִדישע פאָלקס־לידער טראָגט א כאראקטער פון א מאסן-אויסגאבע, און דערפאר איז ניט שייעך געווען צו איבערלאָדן זי מיטן וויסנשאפטלעכן אפאראט פון קאָמענטארן און דערקלערונגען, אין וועלכע ס'נייטיקט זיך באזונדערס דער עלטערער פאָלקלאָר. די דאָזיקע על-טערע פאָלקס־ליד האָט דאָך צו טאָן מיט לאנג פארגאנגענע דוירעס, מיט א פארשוווּנדענעם בא אונדז לעבנשטייגער, און פילע פון די אלטע לידער, די לידער ביפראט אפ א לאָקאלער טעמע, צי אפילע אייניקע היס־טאָרישע לידער, פאָדערן א ברייטערע דערקלערונג, אן אויסטייטשונג פון די גערדיכטעטע פאסירונגען און דערשיינונגען.

אויסער דעם האָבן א צאָל לידער אין פארלויף פון זייערע וואַ־ריאַנטישע וואנדלונגען אָנגעוואָרן זייער לעכאטכילעדיקן קאָנקרעטן אינהאלט, אייניקע פון די לידער האָבן זיך קאָנטאמינירט, צוויי לידער, הייסט עס, צי מער, האָבן זיך באהעפט, צוזאמענגעגאָסן אין איין ליד און האָבן ער־טערוויי אָנגעוואָרן דערפון זייער קלאָרן באטייט. אָבער אויך די דאָזיקע לידער האָבן א גרויסן ווערט, ניט בלויז פארן ספעציעלן פאָרשער, אפ אזויפיל, אפ וויפל זיי שפיגלען אָפ זייער אינטערעסאנטע היסטאָרישע און שטייגערישע טעמעס, פארמאָגן שיינע פּאָעטיש-פארביקע בילדער און מאכן

אינ אלגעמיינ באקאנט מיטנ כאראקטער פונ זייער צײַט און דערבײַ אויכ מיט די פאָרמ-ענדערונגענ פונ דער פאָלקלאָר־דיכטונג, וואָס גייט דורכ דורכ פארשיידענע סאָציאַלע טקופעס און שיכטנ.

אינ דעמ פראט זײַנענ, אשטייגער, אינטערעסאנט די צוויי וואריאַנטנ פונ דער געשיכטלעכער ליד „דאָס הארצ, דאָס הארצ שרעקט אינ מיר" און אויכ די ליד „אָרעמער יעגער", וואָס שפיגלענ אָפּ וואַרשײַנלעכ דעמ פוילישנ אופשטאנד אינ ווילנע, האגאמ די ליד „אָרעמער יעגער" קער האָבנ ערטערווײַז אויכ א שײַכעס צומ קאָנטראבאנדע-האנדל, ווײַל דער זינ פונ די לידער איז שוינ היפש פארטונקלט, די שורעס, אפּאָנעמ, שטארק פארגרײַזט. עס דארפנ פארצייכנט ווערנ אויכ די אינהאלטלעכ=פארטונקלטע קינדער־לידער, די קינדער-ציילעניש ביפראט, אינ וועלכע ס'הערשט די פרײַע אסאָציאַציע-שפּיל, די קינדישע רייד-שפּיל, וואָס שפיגלט אָבער אָפּ אָפּט־מאָל צײַט-פּאסירונגענ, שטייגער־שטריכנ און אפילע היסטאָרישע געשעענישנ, אזוי ווי די ליד „איינע קליינע ווײַסע טײַבל". א ליד א ציילעניש, וואָס איז אייגנארטיק פארבונדנ מיט די שטימונגענ ארומ די געשעענישנ פונ דעמ רוסיש־פוילישנ קריג.

נעמענדיק אינ אכט דעמ מאסנ־כאראקטער פונ דער אויסגאבע, זײַנענ די אלע לידער פונ דער אָפּטיילונג „עלטערע פאָלקס-לידער" געגעבנ דאָ אָנ קיינ שומ אָנווײַזונגענ, ווו און ווענ זיי זײַנענ פארשריבנ און צומ ערשטנ מאָל געדרוקט. די אלע לידער זײַנענ שוינ דאָכ געוואָרנ פולשטענדיקע אנאָנימענ, און די פראגע פונ זייער געבורט־אָרט און פארשפּרייטונג איז א פראגע א וויסנשאפטלעכ־אויספאָרשערישע.

אנדערש אָבער איז מיט די סאָוועטישע פאָלקס־לידער. דאָ איז פארא־נענ א מעגלעכקײַט און א נויטווענד פארצייכענענ די לידער מיט די נעמענ פונ זייערע פאָלקס־שעפער, אפּ וויפל זיי זײַנענ אָנגעקומענ צו דער עפנט־לעכקײַט. די דאָזיקע נעמענ ווערנ דאָ אינ דער אויסגאבע געגעבנ אינ דער אינהאלט־פארצייכענונג פונ דער זאמלונג. די דאָזיקע נעמענ באצייכענענ דעמ נײַעמ כאראקטער פונ אנאָנימישקײַט אינ דער שאפונג פונעמ סאָוועט־טישנ פאָלקס־מענטש. די סאָוועטישע פאָלקלאָר־שעפער האָבנ דאָכ באקומענ בא אונדז א מעגלעכקײַט, פונקט ווי די פראָפעסיאָנעלע דיכטער, פארצײַ־כענענ אינ דרוק זייערע נעמענ אפּ זייערע לידער, וואָס ווערנ דערפונ ניט אָנ זייער פאָלקלאָריסטישנ כאראקטער, ווײַל ס'האנדלט זיכ, דעריקער, וועגנ דער מינדלעכער אייגנשאפט פונ די דאָזיקע לידער. אָט די אייגנשאפט מאכט זיי דאָכ פאר שאפונגענ, וואָס זײַנענ געבוירנ אפּ צו זײַנ רעפּראָ־דוצירט, אפּ צו זײַנ געזונגענ צי פאָרגעלייענט פונ מאסנ און פאר מאסנ.

און טאקע נעמענדיק אינ אכט די פארשיידנארטיקע דערנעענטערונג פונ דער סאָוועטישער פאָלקלאָר-ליד צו דער ליד פונעמ פראָפעסיאָנעלנ

דיכטער, זײַנען דאָ אין דער זאמלונג, אין דער אָפּטײלונג פון די סאָוועטישע פֿאָלקס-לידער, אריַין אײניקע לידער, וואָס זײַנען שוין געשטעמפּלט מיט געוויסע אײגנשאַפֿטן פון דער אינדיווידועלער ליטעראַרישער דיכטונג. אָבער גראָד די דאָזיקע לידער, וואָס געהערן צו יוגנטלעכע אָדער שילער (די לידער: „ווײַסער שניי און קאַלטע ווינטן" אָדער די ליד „עס איז אַף אונדזער גרויסער ערד"), שפּיגלען אָפּ די פּאַרוואָרצלטע סאָוועטישע מאַסן-שטימונגען פון די רויטאַרמייער און פון דער לערן-יוגנט און שטעלן מיט זיך פאָר וויכטיקע, אײגנאַרטיקע שעפערישע מוסטערן, וועלכע צײכענען דעם באַהעפטונגס-מאָמענט פון דער ליטעראַטור מיט דער מעכטיק צעבליטער סאָוועטישער ייִדישער פאָלקס-שאַפונג.

מאָסקווע, 18. V. 1938 — י. דאָברושין.



# קינדער־לידער

## 1. שפּילן, צײלענישן

1

חאָב איך אַ פּאָר אָקסן, אָקסן,
וואָס זיי בראָקן לאָקשן.

אַך, וואונדער,
ליבער וואונדער,
ווי די אָקסן
בראָקן לאָקשן, —
דאָס איז מיר אַ וואונדער!
דאָס איז מיר אַ וואונדער!

חאָב איך אַ פּאָר בערן, בערן,
וואָס זיי שטיבער קערן.

אַך, וואונדער,
ליבער וואונדער,
ווי די בערן
שטיבער קערן, —
דאָס איז מיר אַ וואונדער!
דאָס איז מיר אַ וואונדער!

האָב איך אַ פּאָר ציגן, ציגן,
וואָס זיי קינדער וויגן.

אכ, ווּנדער,
ליבער ווּנדער אאוו.

האָב איכ א פּאָר מוידנ, מוידנ,
וואָס זיי קינדער זויגנ.

אכ, ווּנדער,
ליבער ווּנדער אאוו.

האָב איכ א פּאָר הינט, הינט,
וואָס זיי מאכנ טינט.

אכ, ווּנדער,
ליבער ווּנדער אאוו.

האָב איכ א פּאָר טויבנ, טויבנ,
וואָס זיי נייענ הויבנ.

אכ, ווּנדער,
ליבער ווּנדער אאוו.

האָב איכ א פּאָר הענער, הענער,
וואָס זיי קלײַבנ שפּענער.

אכ, ווּנדער,
ליבער ווּנדער אאוו.

האָב איכ א פּאָר קאצקעס, קאצקעס,
וואָס זיי באקנ באצקעס.

אכ, ווּנדער,
ליבער ווּנדער אאוו.

האָב איכ א פּאָר פייגעלעכ, פייגעלעכ,
וואָס זיי באקנ בייגעלעכ.

אכ, ווּנדער,
ליבער ווּנדער אאוו.

האָב איכ א פּאָר קעצלעכ, קעצלעכ,
וואָס זיי מאכנ פּלעצלעכ.

אך, וווּנדער,
ליבער וווּנדער אַאוו.

האָב איך אַ פּאָר ברידער, ברידער,
וואָס זיי דאַווענען אין איין סידער.

אַך, וווּנדער,
ליבער וווּנדער,
ווי די ברידער
דאַווענען פון איין סידער,
ווי די קעצלעך
מאַכן פלעצלעך,
ווי די פייגעלעך
באַקן בייגעלעך,
ווי די קאַצקעס
באַקן באַצקעס,
ווי די הענער
קלייַבן שפּענער,
ווי די טויבן
נייען הויבן,
ווי די הינט
מאַכן טינט,
ווי די מוידן
קינדער זויגן,
ווי די ציגן
קינדער וויגן,
ווי די בערן
שטיבער קערן,
ווי די אָקסן
בראָקן לאָקשן,
דאָס איז מיר אַ וווּנדער.

2

בא דעם שטעטל שטייט אַ שטיבל
מיט אַ קליינעם דאַך,
מיט אַ קליינעם דאַך,
און אַרום דעם שטיבל וואַקסן
ביימעלעך אַ סאַך.

און ארום דעם שטיבל וואקסן
ביימעלעך א סאך.

און דער טאטע מיט דער מאמע,
כאנעלע מיט מיר,
כאנעלע מיט מיר,
שוין א לאנגע צייַט איניינעם
ווינען אלע פיר.
שוין א לאנגע צייַט איניינעם
ווינען אלע פיר.

און דער טאטע ארבעט, ארבעט
א־ע יאָרן זייַנע,
אלע יאָרן זייַנע,
און ער קויפט אונדז און ער ברענגט אונדז
זאכן שיינע, פייַנע.
און ער קויפט אונדז און ער ברענגט אונדז
זאכן שיינע, פייַנע.

קויפט א פערדל, וואָס סע הירזשעט,
מיט דעם נאָמען מוציק,
מיט דעם נאָמען מוציק,
קויפט א הינטל, וואָס סע האווקעט,
מיט דעם נאָמען צוציק.
קויפט א הינטל, וואָס סע האווקעט,
מיט דעם נאָמען צוציק.

קויפט א גאנדז מיט א ווייַסן האלדז,
פעדערלעך ווייַס ווי שניי,
פעדערלעך ווייַס ווי שניי,
קויפט א הון, וואָס קוואָקעט, קוואָקעט,
ביז זי לייגט אן איי.
קויפט א הון, וואָס קוואָקעט, קוואָקעט,
ביז זי לייגט אן איי.

נעמט די מאמע אָט די אייער,
אוי, איז דאָס א מויפּעס,
אוי, איז דאָס א מויפּעס,
זעצט זי אויף אף זיי א קוואָקע,

האָבן מיר שיינע אויפּעס.
זעצט זי אוף אפּ זיי א קוואָקע,
האָבן מיר שיינע אויפּעס.

3

שפּילן מיר אינ קעסטעלעכ, אינ קעסטעלעכ,
גייט ארויס א הונ.
— הונ, הונ, וואָס גיבסטו צו?
— איכ גיב מײַנ איי!
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווידער צוויי.

שפּילן מיר אינ קעסטעלעכ, אינ קעסטעלעכ,
גייט ארויס א האָנ.
— האָנ, האָנ, וואָס גיבסטו צו?
— איכ גיב מײַנ קריי!
דעמ האָנס קריי,
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווידער צוויי.

שפּילן מיר אינ קעסטעלעכ, אינ קעסטעלעכ,
גייט ארויס א גאנדז.
— גאנדז, גאנדז, וואָס גיבסטו צו?
— איכ גיב מײַנ קאָפּ!
דער גאנדזס קאָפּ,
דעמ האָנס קריי אאוו.

שפּילן מיר אינ קעסטעלעכ, אינ קעסטעלעכ,
גייט ארויס אנ ענדיק.
— ענדיק, ענדיק, וואָס גיבסטו צו?
— איכ גיב מײַנ קראָפּ!
דעמ ענדיקס קראָפּ,
דער גאנדזס קאָפּ אאוו.

שפּילן מיר אינ קעסטעלעכ, אינ קעסטעלעכ,
גייט ארויס א מאד.

— מאד, מאד, וואָס גיבסטו צו?
— איך גיב מײַן צאָפּ!
דער מאדס צאָפּ,
דעם ענדיקס קראָפּ אאוו.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט ארויס א באָכער.
— באָכער, באָכער, וואָס גיבסטו צו?
— איך גיב מײַן פּייע!
דעם באָכערס פּייע,
דער מאדס צאָפּ אאוו.

שפּילן מיר אין קעסטעלעך, אין קעסטעלעך,
גייט ארויס א פּאָרעץ.
— פּאָרעץ, פּאָרעץ, וואָס גיבסטו צו?
— איך גיב מײַן דייע!
דעם פּאָריצס דייע,
דעם באָכערס פּייע,
דער מאדס צאָפּ,
דעם ענדיקס קראָפּ,
דער גאנדזס קאָפּ,
דעם האָנס קריי,
דער הונס איי,
שפּילן מיר ווידער צוויי!

4

א זון מיט א רעגן,
די קאלע געלעגן,
דער כאָסן געקומען,
די קאלע אוועקגעשוומען.
— וואָס האָט זי געהאט?
— א ייִנגעלע.
— וויאזוי האָט עס געהייסן?
— מוישעלע.
— ווו האָט מען עס געוויגט?
— אין א וויגעלע.
— וואָס האָט מען דעם געגעבן?

— ברויט מיט ציבעלע.
— ווּ האָט מען עס באגראָבן?
— אין א גריבעלע.

5

— פייגעלע, פייגעלע!
— פּי־פּי־פּי!
— ווּ איז דער טאטע?
— ניטאָ הי.
— ווען וועט ער קומען?
— מאָרגן פרי.
— וואָס וועט ער ברענגען?
— א פּעסעלע ביר.
— ווּ וועט ער שטעלן?
— הינטער דער טיר.
— מיט וואָס וועט ער צודעקן?
— מיט א שטיקל פּאפּיר.
— ווער וועט עס טרינקען?
— איך מיט דיר.

6

ציפּ-צאפּ, העמערל,
קום צו מיר אין קעמערל,
וועל איך דיר עפּעס ווײַזן—
שיסעלעך מיט רײַזן,
ביר אין די קריגעלעך.
קינדער אין די וויגעלעך
שרײַען ווי די ציגעלעך:
— מאמע, מאמע!

7

היי, היי, העמערל,
קום צו מיר אין קעמערל,
איך וועל דיר וואָס ווײַזן —
שיסעלעך מיט רײַזן,

טעפּעלעך מיט לויטער גאָלד,
כאָסנ־קאַלע האָבנ זיך זייער האָלט.

איך האָב דיך זייער האָלט.
גיי איך אהינ,
טרעפ איך א בינ.
גיי איך אהער,
טרעפ איך א בער.
גיי איך א ביסעלע וויַיטער,
טרעפ איך א קו מיט אנ איַיטער.

8

היי, היי, העמערל,
קומ צו מיר אינ קעמערל,
כ'וועל דיר עפּעס וויַיזנ —
שיסעלעך מיט ריַיזנ,
שיסעלעך מיט לויטער גאָלד,
כאָסנ־קאַלע האָבנ זיך האָלט.
א פּאָר פערד יאָגנ זיך,
מעכותאָנים שלאָגנ זיך,
רעדעלע דרייט זיך,
אונ כאָסנ־קאַלע פרייט זיך.
צימבל, בימבל, טו א קלונג,
כאָסנ-קאַלע, טו א שפּרונג!

9

בינ איך מיר א יידעלע,
באדארפ איך א וויַיב האָבנ;
וואָלט איך וועלנ וויסנ,
ווי מיַינ וויַיב וועט הייסנ?
כיַיע-ראָכל ראָע
הייסט מיַינ ליבע פרוי!

האָב איך מיר א וויַיב,
באדארפ איך א קינד האָבנ;
וואָלט איך וועלנ וויסנ,
ווי מיַינ קינד וועט הייסנ?
ביילע־הינדל

הייסט מײַן קינדל,
כײַע-ראָכל ראָע
הייסט מײַן ליבע פרוי!

האָב איך מיר א קינד,
באדארפ איך א וויג האָבן;
וואָלט איך וועלן וויסן,
ווי די וויג וועט הייסן?
ציגל-מיגל
הייסט די וויגל,
ביילע-הינדל
הייסט מײַן קינדל,
כײַע־ראָכל ראָע
הייסט מײַן ליבע פרוי!

האָב איך מיר א וויגל,
באדארפ איך א דירע האָבן;
וואָלט איך וועלן וויסן,
ווי די דירע ט'הייסן?
פינטל־מירל
הייסט די דירל,
ציגל-מיגל אאוו.

האָב איך מיר א דירע,
באדארפ איך א שטאל האָבן;
וואָלט איך וועלן וויסן,
ווי מײַן שטאל וועט הייסן?
אף־דאל
הייסט די שטאל,
פינטל-מירל אאוו.

האָב איך מיר א שטאל,
באדארפ איך א וואָגן האָבן;
וואָלט איך וועלן וויסן,
ווי דער וואָגן וועט הייסן?
קאָזע־דאָ־וואָזע
הייסט דער וואָגן,
אל-דאל אאוו.

האָב איך מיר א וואָגן,
באדארף איך א פערד האָבן;
חאָלט איך וועלן וויסן,
ווי דער פערד וועט הייסן?
הימל און ערד
הייסט דער פערד,
קאָזע־דאָ־וואָזע
הייסט דער וואָגן,
אל־דאל
הייסט די שטאל,
פינטל־מירל
הייסט די דירל,
ציגל־מיגל
הייסט די וויגל,
ביילע־הינדל
הייסט מײַן קינדל,
כײַע־ראָכל ראָע
הייסט מײַן ליבע פרוי!

10

— אלטער יידעלע,
קאלטער יידעלע,
קריך אראָפ פון אויוון!
איך האָב דיר געבראכט,
איך האָב דיר געבראכט
א היטל צו פארקויפן!

— איך בין אלט
און איך בין קאלט
און איך וועל דאָס ניט קויפן!

— אלטער יידעלע,
קאלטער יידעלע,
קריך אראָפ פון אויוון!
איך האָב דיר געבראכט,
איך האָב דיר געבראכט
א קאפאָטע צו פארקויפן!

— איך בין אלט
און איך בין קאלט
און איך וועל דאָס ניט קויפן!

— אלטער ייִדעלע,
קאלטער ייִדעלע,
קריך אראָפּ פון אויוון!
איך האָב דיר געבראכט,
איך האָב דיר געבראכט
א מיידל צו פארקויפן!

— איך בין יונג
און איך טו א שפרונג
און איך וועל דאָס קויפן!

11

שמערל מיט דער פידל,
יעקל מיט דעם באס,
שפּילט מיר אופ א לידל
אפן מיטן גאס!
אוי־אוי־אוי, אוי־אוי־אוי!

צען גוטע־ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאנדלט מיט, מיט ווײַן,
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי נײַן.
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי נײַן.

נײַן גוטע־ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאנדלט מיט, מיט פּראכט,
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי אכט.
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי אכט.

אכט גוטע-ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאנדלט מיט, מיט ריבן,
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי זיבן.
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי זיבן.

זיבן גוטע־ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאנדלט מיט, מיט געבעקס,
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי זעקס.
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי זעקס.

זעקס גוטע־ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאנדלט מיט, מיט שטרימפּ,
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי פינף.
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי פינף.

פינף גוטע-ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאנדלט מיט, מיט ביר,
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי פיר.
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי פיר.

פיר גוטע־ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאנדלט מיט, מיט בלײַ,
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי דרײַ.
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי דרײַ.

דרײַ גוטע־ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאנדלט מיט, מיט טיי,
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי צוויי.
איז פון אונדז געוואָרן מער ניט ווי צוויי.

צוויי גוטע-ברידער זײַנען מיר געווען,
האָבן מיר געהאנדלט מיט, מיט ביינער,
איז פון אונדז געבליבן נאָר איך איינער.
איז פון אונדז געבליבן נאָר איך איינער.

איין גוטער־ברודער בין איך מיר געווען,
האָב איך מיר געהאנדלט מיט, מיט טראָן,
איז פון מיר געוואָרן א גרויסער האָן.
איז פון מיר געוואָרן א גרויסער האָן.

שמערל מיט דער פידל,
יעקל מיט דעם באס,
שפּילט מיר אוף א לידל
אפן מיטן גאס!
אוי־אוי־אוי, אוי־אוי־אוי!

12

האָב איך מיר א קליינעם מיכאלקו, מיכאלקו,
ווינט ער אין די לאנגע גאס.

מאכט ער מיר, וואָס ער וויל,
מאַכט ער מיר, וואָס ער קען;
מאכט ער מיר א פּײַפּעליו, א פּײַפּעליו.
פּײַפּעליו מאכט אזוי:
טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ, טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ,
טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ, טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ,
דאָס איז די פּײַפּעליו.

האָב איך מיר א קליינעם מיכאלקו, מיכאלקו אאוו.
מאכט ער מיר א טראָמבעצקו.
טרו — טרו — טרו, טרו — טרו — טרו,
טרו — טרו — טרו, טרו — טרו — טרו,
דאָס איז די טראָמבעצקו.
טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ, טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ,
דאָס איז די פּײַפּעליו.

האָב איך מיר א קליינעם מיכאלקו, מיכאלקו אאוו.
מאכט ער מיר א פּײַקעליו.
טרבאָמ — באָמ — באָמ, טרבאָמ — באָמ — באָמ,
טרבאָמ — באָמ — באָמ, טרבאָמ — באָמ — באָמ,
דאָס איז די פּײַקעליו.
טרו — טרו — טרו, טרו — טרו — טרו,
דאָס איז די טראָמבעצקו.
טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ, טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ,
דאָס איז די פּײַפּעליו.

האָב איך מיר א קליינעם מיכאלקו, מיכאלקו אאוו.
מאכט ער מיר א פידעליו.
טידל — נידל, טידל — נידל,
טידל — נידל, טידל — נידל,
דאָס איז די פידעליו.
טרבאָמ — באָמ — באָמ, טרבאָמ — באָמ — באָמ,
דאָס איז די פּײַקעליו.
טרו — טרו — טרו, טרו — טרו — טרו,
דאָס איז די טראָמבעצקו.
טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ, טרפּאָנ — פּאָנ — פּאָנ,
דאָס איז די פּײַפּעליו.

האָב איך מיר א קליינעם מיכאלקו, מיכאלקו אאוו.

מאכט ער מיר א צימבעלּיו.
צימ — בימ — בימ, צימ — בימ — בימ,
צימ — בימ — בימ, צימ — בימ — בימ,
דאָס איז די צימבעלּיו.
טידל — נידל, טידל — נידל,
דאָס איז די פידעלּיו.
טרבאָמ — באָמ — באָמ, טרבאָמ — באָמ — באָמ,
דאָס איז די פײַקעלּיו.
טרו — טרו — טרו, טרו — טרו — טרו,
דאָס איז די טראָמבעצקו.
טרפאָנ — פאָנ — פאָנ, טרפאָנ — פאָנ — פאָנ,
דאָס איז די פײַפעלּיו.

13

אינ א קלײנעמ שטיבעלע
װױנט אנ אלטע ייִדענע
מיט אירע זיבנ קינדער —
אלע אפ בײז־װוּנדער:
מיט אזױנע נעזער,
מיט אזױנע אױגנ,
מיט אזױנע אױערנ,
מיט אזױנע קעפּ,
מיט אזױנע האָר,
מיט אזױנע בערד,
מיט אזױנע בײַכער,
מיט אזױנע רוקנס,
מיט אזױנע זײַטנ,
מיט אזױנע פיס,
מיט אזױנע הענט.
גאָרנישט ניט געגעסנ,
גאָרנישט ניט געטרונקענ,
נאָר זײ טאנצנ, שפרינגענ,
לידער נאָר זײ זינגענ
פונ אזא מעכאשעפ,
פונ א פיפערנאָטער,
פונ א שװארצנ קאָטער.
אינײנעמ, קינדער, שפילנ מיר,
אינײנעמ, קינדער, טאנצנ מיר,

אינײנעם, קינדער, זינגען מיר.
— וואָס?
— א לידעלע!

14

— איך בין געפּאָרן קײן אײנס.
— פארוואָס ניט צװײ?
— כ'האָב געקױפט א הון.
— וואָס מאכט די הון?
— טענדע־װערענדע—מאכט די הון.
סעווערע װעװער, סעווערע װעװער,
סעווערע װעװער, װערע־װערע־װער.

— איך בין געפּאָרן קײן צװײ.
— פארוואָס ניט דרײַ?
— כ'האָב געקױפט א האָן.
— וואָס מאכט דער האָן?
— קוקו־רעקו — מאכט דער האָן,
— טענדע־װערענדע — מאכט די הון.
סעווערע װעװער, סעווערע װעװער,
סעווערע װעװער, װערע־װערע־װער.

— איך בין געפּאָרן קײן דרײַ.
— פארוואָס ניט פיר?
— כ'האָב געקױפט א קאטשקע.
— וואָס מאכט די קאטשקע?
— קירי־קירי־קאטשקע—מאכט די קאטשקע,
— קוקו־רעקו—מאכט דער האָן אאוו.

— איך בין געפּאָרן קײן פיר.
— פארוואָס ניט פינף?
— כ'האָב געקױפט א גאנדז.
— וואָס מאכט די גאנדז?
— לאנגער האלדז—מאכט די גאנדז,
— קירי־קירי־קאטשקע—מאכט די קאטשקע אאוו.

— איך בין געפּאָרן קײן פינף.
— פארוואָס ניט זעקס?

— כ׳האָב געקויפט א בער.
— וואָס מאכט דער בער?
— קריך אהער—מאכט דער בער,
— לאנגער האלדז—מאכט די גאנדז אאוו.

— איך בין געפאָרן קיין זעקס.
— פארוואָס ניט זיבן?
— כ׳האָב געקויפט א שליטן.
— וואָס מאכט דער שליטן?
— ווער צעשניטן—מאכט דער שליטן,
— קריך אהער—מאכט דער בער אאוו.

— איך בין געפאָרן קיין זיבן.
— פארוואָס ניט אכט?
— כ׳האָב געקויפט א פערד.
— וואָס מאכט דער פערד?
— ליג אין דר׳ערד—מאכט דער פערד,
— ווער צעשניטן—מאכט דער שליטן אאוו.

— איך בין געפאָרן קיין אכט.
— פארוואָס ניט ניין?
— כ׳האָב געקויפט א וואָגן.
— וואָס מאכט דער וואָגן?
— ווער באגראָבן—מאכט דער וואָגן,
— ליג אין דר׳ערד—מאכט דער פערד,
— ווער צעשניטן—מאכט דער שליטן,
— קריך אהער—מאכט דער בער,
— לאנגער האלדז—מאכט די גאנדז,
— קירי־קירי־קאטשקע—מאכט די קאטשקע,
— קוקו־רעקו—מאכט דער האָן,
— טענדע־ווערענדע—מאכט די הון.
סעווערע ווער, סעווערע ווער,
סעווערע ווער, ווערע־ווערע־ווער.

15

זיצן, זיצן זיבן ווייַבער
באם קוואל און ברונעם,
באם קוואל און ברונעם;

שפראכט איינע צו די אנדערע:
— וואָלט מײַן מאַן געקומען,
וואָלט איך מיך פארשטעלט
פאר א האָז!
וואָלט איך געשפרונגען
איבערן גראָז,
וואָלט מיר ווייל באקומען,
וואָלט מיר ווייל באקומען!

זיצן, זיצן זיבן ווײַבער אַוו.
— וואָלט איך זיך פארשטעלט
פאר א בער!
וואָלט איך געשפרונגען
הין און הער,
וואָלט מיר ווייל באקומען,
וואָלט מיר ווייל באקומען!

זיצן, זיצן זיבן ווײַבער אַוו.
— וואָלט איך זיך פארשטעלט
פאר א קאַץ!
וואָלט איך געשפרונגען
איבערן פּלאַץ,
וואָלט מיר ווייל באקומען,
וואָלט מיר ווייל באקומען!

זיצן, זיצן זיבן ווײַבער אַוו.
— וואָלט איך זיך פארשטעלט
פאר א מויז!
וואָלט איך געשפרונגען
איבערן הויז,
וואָלט מיר ווייל באקומען,
וואָלט מיר ווייל באקומען!

זיצן, זיצן זיבן ווײַבער אַוו.
— וואָלט איך זיך פארשטעלט
פאר א בין!
וואָלט איך געפלויגן
אהער און אהין,

וואָלט מיר ווייל באקומען,
וואָלט מיר ווייל באקומען!

16

מיך רופט מען זאלמען,
דער טאטע הייסט קאלמען,
מײַן ברודער הייסט זאָרעך,
דער זיידע הייסט באָרעך,
די מאמע הייסט ביילע,
די שוועסטער הייסט קיילע,
דאָס פערדל הייסט סירקע,
דאָס קעצל הייסט מירקע,
די באָבע הייסט יאָכע —
די גאנצע מישפּאָכע.

17

ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע,
רויטע פּאָמעראנצן;
אז דער טאטע שלאָגט די מאמען,
גייען די קינדער טאנצן.
ציגעלע, מיגעלע, קאָטינקע,
כאִימ־באָרעך שפּרינצעס;
אז דער טאטע שלאָגט די מאמען,
עסן די קינדער בלינצעס.

18

— באָבעצקע, ליובעצקע,
וואָס הערט זיך אין דער היים?
— די קאטשקע איז געפּייגערט,
די באָבעצקע איז געשטאָרבן,
דער מילכיקער קלינגל
איז פארפאלן געוואָרן.
— אוי, א יאָמער, אוי, א קלאָג,
דרײַ נעפּאשעס אין איין טאָג!

19

אמאָל איז געווען א באָבעצקע,
האָט זי געהאט א הינדעלע

א ראבעצקע.
הינדעלע האָט געלייגט
אַן אייעלע,
איז געוואָרן צווייעלע.

האָט גענומען די באָבעצקע
באהאלטן דאָס אייעלע
אונטערן טישעלע;
איז געקומען דאָס מײַזעלע
און צעבראָכן דאָס אייעלע
מיטן פיסעלע.

דער דיעד וויינט,
די באָבעצקע כליפּעט,
דאָס טויערל סקריפּעט,
און דאָז פייגעלע סווישטשעט,
און יאַנקעלע פּישטשעט!

20

א ראָד און א ראַנע,
א שטרויענע פאַנע,
זיבן מאָל ארום —
כײַקע, קער זיך אום!

21

איינ — א מילינג,
צוויי — א צווילינג,
דרײַ — מעזומענ,
פיר — רעדער,
פינף — פינגער,
זעקס — זינגער,
אכט — א טויז,
נײַנ — א הויז,
דרײַצנ —
מיט די לאַנגע בײַטשנ,
האלבע גולדנס ארויס!

22

איינע קליינע
ווײַסע טײַבעל
פירטע מיך
אין איינגעלאַנד.
איינגעלאַנד
איז צוגעשלאָסן,
און די שליסל
איז אָפּגעבראָכן.
איינס, צוויי, דרײַ —
פוילן איז פאַרבײַ.
רוס איז געלאָפן
מיט אלע הארמאטן,
פוילן איז געבליבן
אָן סאָלדאטן.

23

יעכאל פאן
פיער מאל הערען, (?)
ווען ט'די קאָפּע
פארטיק ווערן?
אוהר זעקס —
ווערט געבעקס,
אוהר זיבן —
ווערט געריבן,
אוהר אכט —
ווערט געמאכט,
אוהר נײַן —
ווערט די קאָפּע פארטיק זײַן!

24

איינס, צוויי, דרײַ,
לודא, לוא, לײַ,
ענעס, בענעס,
הענטלעך, פענעס,

גאָפּ, מעסער,
עמער, פּעסער,
ס'ליד איז אויס,
איינער גייט ארויס.

25

פּישעלעכ אינ וואסער מערנ זיכ,
פאלשע צינגער שווערנ זיכ.
אז מע וויל עסנ, עסט מענ ברויט,
אז מע שטארבט, איז מענ טויט.
אז מע וויל טרינקענ, טרינקט מענ ביר,
שיינע מיידעלע (יינגעלע) קומ צו מיר.

26

ויתן לך,
קיינ געלט איז ניטאָ;
מטל השמים,
ניטאָ ווו צו לייענ;
ומשמני הארץ,
געשטאָרבנ דער פּאָרעצ;
ורוב דגן ותירוש,
מ'האָט אימ באגראָבנ אינ פּירעס. [פּירהויז

27

עס, בעס, טראָאקעטער,
מאדעמאועל ווידאוועטער,
מאדעמאזעל ווידאווו —
דאָס הייסט דו.

28

יעקומ פּורקאָנ,
פּורקע הייַנט, פּורקע מאָרגנ,
ווער דערשטיקט אונ ווער דערוואָרגנ.



519—3

29

אז דער קלײנער מוישעלע פּאָלגט מיר ניט,
װײסט איר, װאָס איך טו?
איך שטאָפּ עס אַרײַן אין אַ זעקעלע
און בינד פון אויבן צו.

30

אײן אָטלער־קאָטלער
האָט געדאַרפט קעסל־קײלים
צו באַשלאָגן;
דער אַנדערער װײסט ניט װיפל
שינדל־נעגל
מע דאַרף דערצו האָבן.

ניט אײנס, ניט צװײ, ניט דרײַ,
אָדער־לידער־לײַ.
אָקן, באָקן,
בײדע גלאָקן,
צירל, פּערל,
דוקס אַרויס!

31

יעכאל פּאנע
איז מאלאָװע,
דאיע צאפּקע,
פּיווא לאָװע.
אָסע־קאָסע,
שעסאלע,
דאיע באָגע,
בעכאלע.
איק־מיק,
פּאָקאזיק,
עצ־פּרעצ,
דוד קאָניעצ!

32

מאדאם פיטענ
איז געריטענ
אפנ ווייַסנ ציגענבאָק.
הענע די גראָבע
איז געגאנגענ טאנצנ,
האָט זי פארלאָרנ דעמ אונטערראָק.

33

אנא־וואנע, טאטיאנע,
סיע-וויע, קאָמפאניע,
סאָלאָוו־ראקא
טיקא־טאקא.
איינס, צוויי, דרייַ,
דו ביסט פרייַ.

34

עגעטע, פעגעטע
צוגדע מע,
אבל-פאבל
דע מינע.
איקע־פיקע
גראמאטיקע.
איינע קליינע
זאָנט.
איינס, צוויי, דרייַ,
דו ביסט פרייַ
פונ רוסישע פאָליצייַ.

35

ענגעלע בענגעלע,
לאָז מיר לעבנ!
איכ וועל די קו
שטרוי געבנ.

די קו וועט מיר
מילך געבן.
די מילך וועל איך
דעם פעכטער געבן.
דער פעכטער וועט מיר
פוטער געבן.
די פוטער וועל איך
דעם פּאָרעצ געבן.
דער פּאָרעצ וועט מיר
ווייצ געבן.
די ווייצ וועל איך
דעם מילנער געבן.
דער מילנער וועט מיר
מעל געבן.
די מעל וועל איך
דעם בעקער געבן.
דער בעקער וועט מיר
ברויט געבן.
ברויט וועל איך
די מאמען געבן.
די מאמע וועט מיר
...געבן.

36

בובי, בובי, לייזעלע,
אינ קראָקע שטייט א הייזעלע.
ווער ווינט דרינען?
יאש מיט מארינען.
דריי פאנעס זיצן אונ שפינען.
איינע שפינט זייד,
די צווייטע שפינט זילבער,
די דריטע שפינט גאָלד,
דאָס קינדעלע האָב איך געוואָלט.

מיטן פיסעלע
נאָך א ביסעלע
טאנצ, זונעלע, טאנצ.
מיטן קעפּעלע,
ווי אנ עפּעלע,
טאנצ, זונעלע, טאנצ.
מיטן מײַלעלע,
ווי א גדײַלעלע,
טאנצ, זונעלע, טאנצ.
מיטן נעזעלע,
ווי א העזעלע,
טאנצ, זונעלע, טאנצ.
מיט די זײַטעלעך,
ווי די לײַטעלעך,
טאנצ, זונעלע, טאנצ.
מיטנ...
צו די מישפּאָכעס
טאנצ, זונעלע, טאנצ.

★

## 2. וויג־ליד

1

אונטער יאנקעלעס וויגעלע
שטייט א גילדנ ציגעלע.
דאָס ציגעלע איז געפאָרנ האנדלענ
ראָזשינקעס מיט מאנדלענ.
וואָס איז די בעסטע סכוירע ?
יאנקעלע וועט לערנענ טוירע.
טוירע וועט ער לערנענ, ספאָרים וועט ער שרײַבנ,
א גוטער אונ פרומער ייִד וועט יאנקעלע בלײַבנ.

2

אונטער סאָרעלעס וויגעלע
שטייט א קלאָר־ווייַס ציגעלע.
דאָס ציגעלע איז געפאָרן האנדלען
ראָזשינקעס מיט מאנדלען.
וואָס איז די בעסטע סחורה?
סאָרעלעס כאָסן וועט לערנען תּורה.
תּורה וועט ער לערנען,
ספאָרים וועט ער שרייַבן,
א גוטע און א פרומע
וועט סאָרעלע בלייַבן.

3

דער טאטע מיט דער מאמען וועלן דערלעבן
סאָרעלען צו דער כופּע צו פירן.
צו דער כופּע צו פירן
און גאנץ שיין זיך צירן.
ס'קעלבעלע גייט אין פיטער,
ווער ס'וועט נעמען סאָרעלען,
וועט פרעגן פאָטער און מוטער.
פאָטער און מוטער וועט ער פרעגן,
טויזנט טאָלער ט'מען לייגן,
טויזנט טאָלער ט'מען צובאָרגן,
ווער ט'נעמען סאָרעלען,
וועט ניט האָבן וואָס צו זאָרגן.

4

ווייל איז דער מאמען
און גוט איז איר,
זי האָט א זון,
וועט זי האָבן א שנור.
וועט מען שיקן
א פאעטאָן נאָך איר,
וועט ער קומען

מיט איר צו מיר,
װעט זײַן אַ גרויסע
גדולה בײַ מיר.

5

שלאָף, שלאָף, מײַן זון,
כ'װעל דיר קויפן שטיװעלעך;
שטיװעלעך װעל איך דיר קויפן,
אין חדר װעסטו לויפן;
לויפן װעסטו אין חדר,
לערנען װעסטו קעסיידער;
קעסיידער װעסטו לערנען,
אימירצעשעם פון דיר גוטע בשורות הערן;
גוטע בשורות און גוטע מײַלעס,
צו אכצן יאָר װעסטו פּאַסקענען שײַלעס;
שײַלעס װעסטו פּאַסקענען,
דראָשעס װעסטו דאַרשענען,
װעסטו דאָך געפעלן דעם שײנעם עולם.
ניט אַזוי דעם עולם, װי דער גאַנצער װעלט,
ביפראט מע גיט דערנאָך אַ סאַך געלט;
אַ פולע געלט און מזלברכה,
דו קומסט דאָך אַרויס פון אַ הויכער משפּחה;
פון אַ הויכער משפּחה, פון אײדעלע לײַט,
די כאַסענקע לײגט מען אָפּ אַף אַ קורצינקער צײַט.
שטרײַמעלע, יאַרמלקע גאָר קעסיידער,
שיקט מען כאָסן־קאַלע אַ גאָלדענעם זײגער,
אַ גאָלדענעם זײגער מיט אַ גוטער יופּע.
פירט מען כאָסן־קאַלע צו דער כופּע.
לאָזט מען דעם כאָסן אַ ביסעלע שטײן,
מיט מאזל און מיט גליק הײבט אָן די קאַלע צו גײן.
גיט מען אַ געשרײ: „באָרעכאַבאָ!
כאָסן־קאַלע זײַנען בײדע דאָ".
מיט מאזל און מיט גליק
פירט מען כאָסן-קאַלע צוריק.
זעצט מען זײ אַװעק לעבן אַ גאָלדענעם טיש,
מע גיט גאָלדענע פיש מיט גאָלדענער יויך,
אַ געזונט כאָסן־קאַלע בײדן אין בויך.

פאטשע, פאטשע קיכעלעך,
דער טאטע ט'קויפן שיכעלעך;
שיכעלעך וועט ער קויפן,
אין כיידער אריַין וועסטו לויפן;
לויפן וועסטו אין כיידער,
לערנען וועסטו קעסיידער;
קעסיידער אין עטלעכע שורעס,
טאטע־מאמע זאָלן דערלעבן
צו הערן גוטע בסורעס!

צו בסורעס צוגעווויינען,
דאוונען און שריַיבן און טיַיטש לייענען.
טיַיטש לייענען אויס די ביכלעך,
נייען און העפטן שטערנטיכלעך,
שטערנטיכלעך אויסצוּוועבן;
אין דעם אלעמען אַן אייצע געבן,
אַן אייצע געבן איז דאָך זייער שיין,
מע דארף זיך לערנען, וויַיל מ'איז קליין.

וויַיל מ'איז קליין, דארף מען זיך לערנען,
מ'זאָל די עלטערן ניט דערצערנען,
ניט דערצערנען, מיט א פריילעך פּאָנעם;
הייבן זיך אָן דרייען די שאדכאָנים.
די שאדכאָנים ווילן קיין קאטאָוועס ניט טריַיבן,
זיי ווילן שוין טנאָים שריַיבן.
טנאָים שריַיבן — דער כאָסן איז קליין,
אבי ער זאָל קאָנען צו דעם פּאָרעץ באשטיין.

צו דעם פּאָרעץ אין הויכע דראָכים,
סאָרעלעס כאָסן וועט זיַין א טאלמידכאָכעם;
א טאלמידכאָכעם מיט גוטע מיַילעס,
סאָרעלעס כאָסן וועט קענען פּאסקענען שיַילעס;
שיַילעס וועט ער פּאסקענען
און צו דער כופּע דארשענען.

ער וועט צו דער כופּע זיך גאַנץ שיין שטעלן,
און ער וועט דעם אוילעם גאַנץ פֿײַן געפֿעלן;
אי דעם אוילעם, אי דער גאַנצער וועלט,
סאָרעלען וועט מען צוזאָגן אַ סאַך געלט;
אַ סאַך געלט, אַכוץ מעזוינעס.
ברענגט מען אַרײַן די גילדערנע ציפּלוינעס;
די גילדערנע ציפּלוינעס אין זילבערנע בעכער,
זאָגט דער כאָסן די דראָשע העכער.

7

שלאָף אין פֿריידן,
דו ווייסט ניט קיין ליידן,
שלאָף, מײַן טײַער קינד!
שלאָף, מײַן פֿייגעלע,
מאַך צו דײַן אייגעלע,
שלאָף, מײַן טײַער קינד!

דײַנע עלטערן, מיסטאמע,
זײַנען טרײַע טאַטע-מאַמע,
וואָלטן וועלן פֿון דיר גוטס דערלעבן;
וואָלטן גערן זען אַ טריטעלע
פֿון דײַן געטרײַען פּיסעלע,
וואָלטן זיי געווים צדאָקע געבן.

וועסט זײַן געלאַדן אַף די באַלן,
וועסט טאַנצן אין די זאַלן,
וועסט זיך דרייען אַהער און אַהין;
וועסט געפֿעלן ווערן
צווישן אַלע הערן, —
דערווײַל שלאָף זיך אויס, מײַן קינד!

וועסט אופשטיין אינדערפֿרי,
וועסטו האָבן אַרבעט אַ סאַך.
. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .
וועסט שטריקן טיכעלעך
און לעזן פֿון די ביכעלעך, —
דערווײַל שלאָף זיך אויס, מײַן קינד!

8

שלאָף, מײַן קינד, אין פרײדן,
דו װעסט פארגעסן דײַנע לײדן,
דערװײַלע שלאָף געזונט!
דו װעסט לערנען ביכעלעך,
דו װעסט שטריקן זיכעלעך, —
דערװײַלע שלאָף, מײַן קינד!

דאָרט אין זאל
װעט זײַן אמאָל א באל,
דו סט'מאכן מיט דײַן קלײדעלע א װינט!
שלאָף זשע, שלאָף זשע, מאמעלע,
דו װעסט זײַן אמאָל א דאמעלע,
דערװײַלע שלאָף געזונט!

9

שלאָף זשע, מײַן קינד,
גיך און געשװינד
אין דײַן שײנינקן װיגעלע.
איך װעל זיך מיר זעצן לעבן דיר
און זינגען א שײנינק לידעלע.

װאָס איז דאָס פאר א שטײגער,
עס איז שוין צװעלף אזײגער,
און דו שלאָפסט נאָך ניט אײַן!
עס איז קײן אנדער סװאָרע,
אז דו האָסט אן אײַנאָרע,
שלאָף זשע אײַן, מײַן קינד!

װען עס װאָלט ניט זײַן שפעט,
װאָלט איך אראָפּ פון בעט
און װאָלט אן אײַנאָרעלע אָפּשפרעכן.
אראָפּ פון דײַן גוף,
ביז די װײַבער זײַנען נאָך ניט אוף.
װאָס האָסטו אזױ דאָס קעפּעלע פארװאָרפן?

אליע־ליוליע, שלאָפ,
מײַנ ליבעס קינד!
מאכ זשע צו די אייגעלעכ
אונ שטיי אופ געזונט.

מאכ זיי צו
אונ מאכ זיי אָפנ,
געזונטינקערהייט
זאָלסטו שלאָפנ!

פּיעשטשעסט זיכ אונ וויינסט
אונ שלאָפנ ווילסטו ניט, —
מאכסט דו דאָכ אָנ דײַנ מוטער
שמערצנ מיט דערמיט.

זינגענ אונ וויגנ
איז דײַנ גאנצער גרונט;
שלאָפ זשע, מײַנ קינד,
שלאָפ זשע געזונט!

זשאבעס מיט בערנ
אָהענ [טוענ (?)] אפ דרויסנ זיצנ,
מיט די הויכע שטעקנס,
מיט די לאנגע שפּיצנ.

א מיידעלע, וואָס וויינט
אונ וויל ניט רויִק זײַנ, —
נעמענ זיי איר צו
אונ ווארפנ אינ טאָרבע ארײַנ!

11

אליע־ליוליע,
שלאָף, מײַן גדולע!
מאַך צו דײַנע
אײגעלעך די פײַנע
גאַנץ גיך און געשווינד.
און שטײ אויף ווידער
מיט געזונטע גלידער,
מײַן ליב, זיסעס קינד.

12

אליע־ליוליע־ליולינקע,
שלאָף זשע, שלאָף, מײַן גדולינקע,
קינדעלע מײַן רײנינקע,
קינדעלע מײַן שײנינקע,
שלאָפינקע, ניט װײנעלע,
פּאַטינקע אלײנעלע.

13

אונטערן קינדס װיגעלע
שטײט אַ גאָלדן ציגעלע.
ס'ציגעלע איז געפאָרן האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען,
ראָזשינקעס מיט פֿײַגן —
ס'קינד װעט שלאָפן און שװײַגן.

14

אײַליע־ליוליע, זונדעלע,
שלאָף זשע אין דײַן שײן װיגעלע,
שלאָף זשע אײַן און װעק זיך אויף;
קומט דער טאַטע און װעקט דיך אויף.
װאָס האָט ער מײַנע שײנע קינדערלעך געבראַכט?
ניסעלעך און עפּעלעך און פײַגן,
מײַנע קינדערלעך װעלן שטיל שװײַגן.

15

שלאָפ, שלאָפ, שלאָפ!
דער טאטע וועט פאָרן אין דאָרפ,
וועט ער ברענגען אן עפּעלע,
וועט זײַן געזונט דאָס קעפּעלע.

שלאָפ, שלאָפ אאוו.
וועט ער ברענגען א ניסעלע,
וועט זײַן געזונט דאָס פיסעלע.

שלאָפ, שלאָפ אאוו.
וועט ער ברענגען אן ענטעלע,
וועט זײַן געזונט דאָס הענטעלע.

שלאָפ, שלאָפ אאוו.
וועט ער ברענגען א ייַיכעלע,
וועט זײַן געזונט דאָס בײַכעלע.

שלאָפ, שלאָפ אאוו.
וועט ער ברענגען א פייגעלע,
וועט זײַן געזונט דאָס אייגעלע.

שלאָפ, שלאָפ אאוו.
וועט ער ברענגען א העזעלע,
וועט זײַן געזונט דאָס נעזעלע.

16

אײַ־ליו־ליו, ליו־ליו־ליו,
טאטע נישטאָ הי.
ווו איז טאטע געפאָרן?
קיין סטרי.
וואָס וועט טאטע קויפן?
א קעלבעלע מיט א קו.
ווער וועט זי מעלקן?
איך אונ דו.

17

שלאָף מיר, שלאָף מיר אין דיַין רו,
מאַך די קאָשערע אייגעלעך צו,
מאַך זיי צו און מאַך זיי אוף,
קומט דער טאַטע און וועקט דיך אוף.

טאַטע, טאַטע, ניט אופוועק,
דאָס קינד וועט שלאָפן, וויַיטער אוועק.
שלאָף זשע, שלאָף, בײַן טיַיער קינד,
עס וועט דיר זיַין צו געזונט.

18

כ'האָב דיך, מיַין קינד, שלאָפן געלייגט,
זאָלסטו מיר שלאָפן געזונטערהייט.
געזונטערהייט זאָלסטו מיר ליגן,
און איך וועל דיר זינגען און איך וועל דיך וויגן.
שלאָף, מיַין קינד, שלאָף, מיַין קינד,
דו זאָלסט מיר לעבן און זיַין געזונט.

דו האָסט שוין דיַינע אייגעלעך צוגעמאַכט,
ווי די שיינע זון גייט אונטער פאַרנאַכט.
דו האָסט שוין דיַינע אייגעלעך אָפן און צו,
ווי די שיינע זון גייט אוף אינדערפרי.
שלאָף, מיַין קינד, אַאַוו.

דעם קייסערס אויצרעס איז גאָר ניט אָפּצוצאָלן,
די שיינקיַיט פון מיַין קינד איז גאָר ניט אָפּצומאָלן.
אַזאַ מאַטאָנע האָט מיר גאָט געגעבן,
ער זאָל מיר וואַקסן, ער זאָל מיר לעבן.
שלאָף, מיַין קינד, אַאַוו.

דעם קייסערס אויצרעס מיט זיַין גאָלדענער מעלוכע
איז דאָך בא מיר ניט אַזויפיל ניכע,
ווי דו ביסט בא מיר ניכע מיט דיַין ליכטיקער שיַין.
אַז איך קוק דיך אָן, איז די וועלט מיַין.
שלאָף, מיַין קינד, אַאַוו.

די טײַערסטע בריליאַנטן, די טײַערסטע אַנטיקן
טוען ניט אַזױפיל מײַן האַרץ דערקװיקן,
װי דו דערקװיקסט מײַן האַרץ מיט דײַן כײנעװדיקן בליק,
בעשאַס, מײַן קינד, איך טו אױף דיר אַ קוק.
שלאָף, מײַן קינד, אַאױ.

װען איך טו אַמאָל װעגן דיר זיך פֿאַרקלערן,
דאַכט זיך מיר, איך זע די זון מיט די שטערן.
װען דו מיט דײַן געלעכטער טוסט צו מיר ריידן,
עפֿענען זיך פֿאַר מיר די טױערן פֿון גאַניידן.
שלאָף, מײַן קינד, אַאױ.

די טירן פֿון גאַניידן װעלן אָפֿן שטײן,
אַז איך װעל אױף יענער װעלט דאַרפֿן גײן.
דו װעסט דאָך זײַן אַ פֿרומער און אַ גוטער,
װעט מען זאָגן: זי גײט, לאָזט אַרײַן דעם צדיקס מוטער.
שלאָף, מײַן קינד, אַאױ.

דײַן טאַטע האָט ניט געהאַלטן, װאָס גאָט האָט געבאָטן,
װעט מען אים אױף יענער װעלט ברענען און בראָטן.
נאָר דו, מײַן קינד, װעסט דיך טאָן מיִען,
דעם טאַטן פֿון גענעם אַרױסצוציִען...
שלאָף, מײַן קינד, אַאױ.

19

אַז כ׳װאָלט געהאַט דעם קייסערס אוצרעס מיט זײַן גאַנצער מעלוכע,
װאָלט דאָס גאָר ניט זײַן בײַ מיר אַזױ גרױס ניכע,
װי דו ביסט בײַ מיר ניכע, מײַן ליכט, מײַן שײַן!
אַז איך דערזע דיך, מײַן איך — די גאַנצע װעלט איז מײַן!
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף, מײַן קינד,
זאָלסט מיר רוען און זײַן געזונט!

אַלע בריליאַנטן און אַלע אַנטיקן
קענען דאָך מײַן האַרץ אַזױפיל ניט ערקװיקן,
װיפֿל דו טוסט ערקװיקן, מײַן ליכט, מײַן שײַן,
מיט דיר װיל איך מײנען, אַז די גאַנצע װעלט איז מײַן!
שלאָף, מײַן קינד, אַאױ.

אז דו ליגסט און שלאָפסט אין דײַן וויגל,
שטייען גוטע מלאָכים און באדעקן דיך מיט זייער פליגל.
דו, מײַן קינד, ביסט מײַן ליכט, מײַן שײַן,
מיט דיר וויל איך מיינען, די גאנצע וועלט איז מײַן!
שלאָף, מײַן קינד, אאוו.

דער טאטע האָט דעם קינד ניט געלערנט, וואָס גאָט האָט געבאָטן,
וועט מען אים אפּ יענער וועלט ברענען און בראָטן;
און דו, מײַן ליב קינד, מיט דײַנע צידקעס, זאָלסט זיך מיִען
דײַן טאטן פון גענעם ארויסצוציִען.
שלאָף, מײַן קינד, אאוו.

אז איך וועל אמאָל דארפן אפּ יענער וועלט גיין,
וועלן די טירן פון גאניידן אָפן שטיין.
דו, מײַן קינד, זאָלסט מיר זײַן א פרומער און א גוטער,
וועט מען זאָגן אפּ יענער וועלט: לאָזט ארײַן דעם צאדיקס מוטער!
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף, מײַן קינד,
זאָלסט מיר רוען און זײַן געזונט!

20

שלאָף, מײַן קינד, איך וועל דיך וויגן,
כ'וועל דיר זינגען א שיינעם ניגן.
שלאָף, מײַן קינד, אין דײַן רו,
מאך זשע דײַנע אייגעלעך צו.

מאך זיי צו און עפן זיי אָף,
א געזונט דיר אין דײַן קאָפּ.
שלאָף, מײַן קינד, אין דײַן רו,
מאך זשע דײַנע אייגעלעך צו.

צו צוועלף יאָר וועל איך דיך כאסענע מאכן,
כ'וועל דיר נייען קליידער און אלע גוטע זאכן.
דער טאטע דער אפּיקוירעס לאכט דערפון גאָר,
כאסענע, זאָגט ער, נאָר צו אכצן יאָר.

אמאָל איז געווען א מייַסע,
די מייַסע איז גאָר ניט פריילעך,
די מייַסע הייבט זיך אָנעט
מיט א ייִדישן מיילעך.

ליולינקע, מייַן פייגעלע,
ליולינקע, מייַן קינד,
כ'האָב אָנגעוואָרן אזא ליבע,
וויי איז מיר און ווינד!

אמאָל איז געווען א מיילעך,
דער מיילעך האָט געהאט א מאלקע,
די מאלקע האָט געהאט א ווייַנגאָרטן,
ליולינקע, מייַן קינד.
ליולינקע, מייַן פייגעלע, אאוו.

אין ווייַנגאָרטן איז געווען אביימעלע,
דאָס ביימעלע האָט געהאט א צווייַגעלע,
אפן צווייַגעלע איז געווען א נעסטעלע,
אין נעסטעלע האָט געלעבט א פייגעלע.
ליולינקע, מייַן פייגעלע, אאוו.

דער מיילעך איז אָפּגעשטאָרבן,
די מאלקע איז געוואָרן פארדאָרבן,
דאָס צווייַגעלע איז אָפּגעבראָכן,
דאָס פייגעלע פון נעסט אנטלאָפן.
ליולינקע, מייַן פייגעלע, אאוו.

ווו נעמט מען אזא לייטער,
לאנג פון טויזנט איילן;
ווו נעמט מען אזא כאָכעם,
ער זאָל קענען די שטערן ציילן.
ליולינקע, מייַן פייגעלע, אאוו.

ווו נעמט מען אזא כאָכעם,
ער זאָל קענען מייַנע ווונדן היילן;


519—4

ווי נעמט מען אזא דאָקטער,
ער זאָל קענען מײַן הארצ היילן.
ליולינקע, מײַן פייגעלע, אאוו.

22

שלים צו, מײַן קינד, דײַנע אייגעלעך
און נעם מײַן כײַעס ניט ארויס.
פון דײַן גרויסן אומגליק, מײַן קינד, ווייסטו ניט,
פון דעם, וואָס איך זאָג דיר יעצט אויס.

דער מאלעך וועט דיך צודעקן מיט זײַן פליגעלע
ביז מאָרגן קלאָר-ווײַסן טאָג;
לעבן דער עלנטער וויגעלע
זיצ איך, דײַן מוטער, און קלאָג.

איך קלאָג, וואָס איך האָב דיך געבוירן
אפ צאָרעס, אפ אומגליק, אפ שמערצ.
ווען איך האָב דײַן פאָטער פארלוירן,
ביסטו געוועזן בא מיר אונטערן הערצ.

ווען דו ביסט ארויס פון דײַן בליִונג,
איז ער שוין בא אונדז ניט געוועזן.
קיין פאָטער, מײַן קינד, האָסטו ניט, —
ער האָט דיך ניט דערלעבט צו זען.

דײַן פאָטער האָט מען גערופן אפן הימל,
ער וועט שוין קיינמאָל ניט קומען צוריק.
שלאָף, מײַן קינד, אין דרימל,
דו פארשטייסט ניט פון גרויסן אומגליק!

ווען דו וועסט א ביסל עלטער ווערן,
וועסטו פון גרויסן אומגליק פארשטיין;
דאָס וועט דיך באגיסן מיט טרערן,
אזוי ווי דײַן מוטער אליין.

האָרעווען וועסטו דײַן גאנצן לעבן,
מיט נויט וועט דיר אָנקומען דײַן ברויט;

בלוט וועט פון דײַנע אויגן רינען,
ווײַל דײַן פֿאָטער איז טויט.

האָרעווען וואָלטן מיר ביידע צוזאַמען,
וואָלט אונדז אַזוי שלעכט ניט געווען.
אין קאַלטן וואַסער, מײַן קינד, וועסטו שווימען,
און איך וועל זײַן גאַנץ ווײַט פֿון דיר.

אויף דײַן לעבן וועסטו אויפֿן ים שווימען,
די כוואַליעס וועלן דיך אַרומטראָגן;
צו אַ ברעג וועסטו וועלן צוקומען,
און דו וועסט זיך ניט קענען דערשלאָגן.

יעדערער וועט דיך אויסקשטויסן;
מע וועט דיר זאָגן: גיי ווײַטער, גיי!
דו ביסט אונדזערער אַ פֿרעמדער,
אַ יאָסעמל ביסטו, אָך ווי!

פֿאַר די כעוורע־קאַדישע
האָט זיך געעפֿנט אַ וועלט:
זיי האָבן אין זיך די האָזע
צו נעמען פֿאַר אַ טויטן געלט.

אויפֿן בעסוילעם שטייט אַ מאַציישעוועלע,
אָפּצוטרעטן פֿון איר איין שפּאַן —
דאָרטן זיצט אַ יונגע נעקייווהעלע,
קלאָגט נאָך איר יונגינקן מאַן.

זי קלאָגט, וואָס ער איז געשטאָרבן
און האָט איר געלאָזן אַ קליין קינד;
איר גאַנצענעס לעבן דאַרף זי זײַן פֿאַרדאָרבן,
אַזוי ווי אָן אַ פֿאַסטעכ די רינד.

23

שלאָף זשע, מײַן קינד, אין דײַן דרעמעלע
ביז דעם העלן טאָג,
און לעבן דײַן עלנט וויגעלע
שטייט דײַן מאַמע און קלאָגט.

זי קלאָגט, וואָס זי האָט דיך געבוירנ
אפ צאָרעס, אפ ליידנ, אפ שמארצ;
בעשאס איך האָב דײַנ פאָטער פארלאָרנ,
ביסטו נאָך געלעגנ אונטער מײַנ הארצ.

קיינ פאָטער, מײַנ פייגעלע, האָסטו ניט,
ער האָט דיך ניט דערלעבט צו זענ;
בעשאס איך האָב דיך געבוירנ,
איז דײַנ פאָטער אפ דער וועלט ניט געוועז.

איבערנ ווײַטנ יאם וועסטו שווימענ,
די וועלנ וועלנ דיך טראָגנ,
צו א ברעג וועסטו ניט צוקומענ
אונ וועסט זיך ניט קענענ דערשלאָגנ.

איבערנ יאם וועסטו שווימענ,
שווער וועט דיר אָנקומענ דײַנ ברויט,
וויפל טרערנ דו וועסט פארגיסנ,
וועסט זיך דערמאָנענ, אז דײַנ פאָטער איז טויט.

24

אליו־ליו־ליו, בידנע קינד,
וויי איז דער מאמענ, וויי אונ ווינד.

אינוויינ‍יק אינ וויגעלע
ליגט א קלאָר-ווײַס ציגעלע, —
ציגעלע מע, ציגעלע מע.

ניט זשע שרײַ, ניט זשע וויינ,
ביסט דאָך עלנט, ווי א שטיינ, —
ציגעלע מע, ציגעלע מע.

וויסט אונ פינצטער איז דײַנ וועלט,
לײַד זשע שטיל הונגער אונ קעלט, —
ציגעלע מע, ציגעלע מע.

דאָרט אינ דרויסנ, הער נאָר, הער,
וויעט א וואָלף, ברומט א בער, —
ציגעלע מע, ציגעלע מע.

ליידיק, ליידיק איז דאָס וויגעלע,
אוי, ניטאָ מײַן קלאָר־ווײַס ציגעלע,
אליו-ליו-ליו, בידנע קינד, —
וויי איז דער מאמען, וויי און ווינד.

25

בא דעם קינדס וויגעלע א מוטערל אצינד
זיצט און זינגט א ניגעלע:
— שלאָף, מײַן גאָלדן ציגעלע,
שלאָף, מײַן טײַער קינד.

שלאָף, זאָ לאנג דײַן אייגעלע
איז נאָך ניט אויסגעטרערט,
שלאָף געשמאק, מײַן פייגעלע,
יעצט איז יעדעס רעגעלע
מיליאָנען פאר דיר ווערט.

שפעטער וועט דאָס שווערלעך זײַן,
יעסורים פון אלצדינג.
וועלן ווערסטו ערלעך זײַן
און דאצו באגערלעך זײַן,
אײַ, דאָס איז ניט גרינג!

ליב איז דיר דײַן צעלטוניע,
זאָ לאנג דו ביסט נאָך בלינד
און דו קענסט ניט אונדזער וועלטוניע,
ווו מע קויפט פאר געלטוניע
א מאן, א ווײַב, א קינד.

26

שלאָף, מײַן קינד, מײַן קרוין מײַן שיינער,
שלאָף זשע, ליו־ליו־ליו!
שלאָף, מײַן לעבן, מײַן קאדעש איינער,
שלאָף זשע, זו־ניו־ניו!
שלאָף, מײַן לעבן, מײַן קאדעש איינער,
שלאָף זשע, זו־ניו־ניו!

בא דײַנע װיגל זיצט דײַן מאמע
און זינגט א ליד און װײנט;
דו װעסט אמאָל פארשטײן, מיסטאמע,
װאָס זי האָט געמײנט.

אין אמעריקע איז דער טאטע
דײַנער, זו־ניו־ניו!
דו ביסט נאָך א קינד לעסאטע,
שלאָף זשע, ליו־ליו־ליו!

אין אמעריקע איז פאר יעדן,
זאָגט מען, גאָר א גליק,
און פאר יעדן א גאנײדן
גאָר עפּעס אן אנטיק.

דאָרטן עסט מען אומדערװאָכן
כאלע, זו־ניו־ניו;
יאכעלעך װעל איך דיר קאָכן,
שלאָף זשע, ליו־ליו־ליו!

גאָט װעט הײסן, װעט ער שיקן
בריװעלעך, זו־ניו־ניו,
גאָר אינגיכן אונדז באגליקן,
שלאָף זשע, ליו־ליו־ליו!

ער װעט שיקן צװאנציק דאָלער,
זײַן פּאָרטרעט דערצו,
און װעט נעמען — לעבן זאָל ער! —
אונדז אהינצו־צו.

ער װעט כאפּן אונדז צו קושן,
טאנצן אזש פאר פרײד;
איך װעל קװאלן טרערן גיסן,
װײנען שטילערהײט.

ביז עס קומט דאָס גוטע קװיטל,
שלאָף זשע, ליו־ליו־ליו!
שלאָפן איז א טײַער מיטל,
שלאָף זשע, זו־ניו־ניו.

שלאָפן איז א טײַער מיטל,
שלאָף זשע, זו־ניו־ניו!

27

ער האָט מיר צוגעזאָגט, ער האָט מיר צוגעזאָגט,
ער האָט מיר צוגעזאָגט צו נעמען;
ער האָט מיר צוגעזאָגט צו נעמען;
ער גייט אװעק צו אַן אַנדער מײדל,
טוט מײַן האַרץ קלעמען.

שלאָף, מײַן קינד, שלאָף
אין דײַן טײַערן שלאָף!
װען גאָט װעט אים באַצאָלן
פאַר דער פאַלשער ליבע,
דאָס װעט שוין זײַן זײַן שטראָף!

ס'איז גאָר ניטאָ קיין עפּעלע,
װאָס זאָל ניט זײַן קיין װאָרעם אינדרינען;
ס'איז גאָר ניטאָ קיין מאַנספּערזאָן,
װאָס זאָל ניט האָבן קיין פאַלשן זינען.
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף אַאַו.

כ'האָב זיך גענייט א קליידעלע
פון פינף אַרשין די ברייט;
קיין גוטס און קיין האָב זאָלן זיי ניט האָבן,
די, װאָס האָבן אונדזער ליבע פאַנאַנדערגעשיידט!
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף אַאַו.

28

זאָלסטו אַזוי לעבן
און זײַן געזונט,
װי איך װעל דיר זיצן
און װיגן ס'קינד.

אַליו־ליו, שאַ, שאַ, שאַ!
דײַן מאַמע איז געגאַנגען

אינ גאס אריַינ;
אליו-ליו, שלאָפ, מייַנ קינד!
די מאמע וועט קומענ
גיכ אונ געשווינד.

זאָלסטו אזוי לעבנ...
ס׳ליגט מיר דרינענ!
דייַנ מאמע איז געגאנגענ
אינ גאס פארדינענ.
אליו־ליו אאוו.

דיכ וועל איכ קושנ,
דיכ וועל איכ גלעטנ,
דייַנ מאמענ וועל איכ
דעמ קאָפּ צעפּלעטנ.
אליו־ליו אאוו.

אנדערע מיידעלעכ
טאנצנ אונ שפּרינגענ,
אונ איכ מוז ס׳קינד
וויגנ אונ זינגענ.
אליו־ליו אאוו.

אנדערע מיידעלעכ
צוקערלעכ נאשנ,
אונ איכ מוז ס׳קינדס
ווינדעלעכ וואשנ.
אליו־ליו אאוו.



נישט קיינ בסולע, נאָר א פרוי,
אליו־ליו, האָבער־שטרוי.
אנדערע מיידלעכ צוקער נאשנ,
איכ — דעמ קינדס ווינדעלעכ וואשנ,
אנדערע מיידלעכ טאנצנ, שפּרינגענ,
איכ וועל אליו־ליו־ליו זינגענ.

---

# ליבע־לידער

## 1. ליבע

### 1

טרעטי, טרעטי, טרעטי,
וואָס די טרעטי זאנג?
קומט א שיינער פויגל
און מאכט א שיין געזאנג.
האָט געזונגען, האָט געזונגען:
אין דרײַ יאָר ארום
דרייט זיך סאָרע ארום.

סאָרע האָט זיך ארומגעדרייט,
כאווע האָט זיך דעם קאָפּ פארדרייט!
טרעטי, טרעטי, טרעטי,
וואָס די טרעטי זאנג?
קומט א שיינער פויגל
און מאכט א שיין געזאנג.
האָט געזונגען, האָט געזונגען:
אין דרײַ יאָר ארום
דרייט זיך כאנע ארום.

כאנע האָט זיך ארומגעדרייט,
ביילע האָט זיך דעם קאָפּ פארדרייט!
טרעטי, טרעטי, טרעטי,
וואָס די טרעטי זאנג?

קומט א שיינער פויגל
און מאכט א שיינ געזאנג.
האָט געזונגענ, האָט געזונגענ:
איג דרײַ יאָר ארום
דרייט זיכ יענטע ארום.

2

אונטערנ שלאָס פערעהאָז [פּערעוואָז ?]
שטייט עסטער די גרינע;
עסטער שטייט, דער כאָסנ גייט,
מיינט זי — אווראָמ אָווינו.

וואָלט זי ויסנ, ווער דאָס איז,
וואָלט זי צו אימ ווינקענ;
וואָלט זי האָבנ א גלעזל ווײַנ,
וואָלט זי צו אימ טרינקענ.

וואָלט זי האָבנ פערד־אונ־וואָגנ,
וואָלט זי צו אימ לויפנ:
וואָלט זי האָבנ א זעקעלע געלט,
וואָלט זי אימ אָפּקויפנ.

3

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל, —
דאָס מיידעלע וויל א פּאָר שיכעלעכ האָבנ,
מוז מענ גיינ דעמ שוסטער זאָגנ...
— ניינ, מאמעשע, ניינ,
דו קאָנסט מיכ נישט פארשטיינ,
דו ווייסט נישט, וואָס איכ מיינ!

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל, —
דאָס מיידעלע וויל א קליידעלע האָבנ,
מוז מענ גיינ דער שנײַדערנ זאָגנ...
— ניינ, מאמעשע, ניינ אאוו.

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל, —
דאָס מיידעלע וויל א היטעלע האָבן,
מוז מען גיין דער פּוצערקע זאָגן...
— ניין, מאמעשע, ניין, אאוו.

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל, —
דאָס מיידעלע וויל א פּאָר אוירינגלעך האָבן,
מוז מען גיין דעם גאָלדשמיד זאָגן...
— ניין, מאמעשע, ניין אאוו.

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר א לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל, —
דאָס מיידעלע וויל א כאָסן האָבן,
מוז מען גיין דעם שאדכן זאָגן...
— יאָ, מאמעשע, יאָ,
דו קאָנסט מיך שוין פארשטיין,
דו ווייסט שוין, וואָס איך מיין!

4

ווער קלאפּט דאָס אזוי שפּעט באנאכט?
יאנקעלע וואָליאנטשיק.
— עפן, עפן, בראָנטשעלע,
איך בין דיין קאָכאנטשיק!

— ווי קאָן איך דיר דען עפענען,
כ'האָב מוירע פאר מיין מאמען.
— עפן, עפן, בראָנטשעלע,
איך וועל זיך גאָר ניט זאמען!

— ווי קאָן איך דיר דען עפענען,
כ'האָב מוירע פאר דעם טאטן.
— עפן, עפן, בראָנטשעלע,
ס'וועט דיר גאָר ניט שאטן!

— ווי קאָן איך דיר דען עפענען,
כ'האָב מוירע פאר מיין שוועסטער.

— עפן, עפן, בראָנטשעלע,
ס'וועט זײַן פאר דיר בעסער!

— ווי קאָן איך דיר דען עפענען,
כ'האָב מוירע פאר מײַן ברודער.
— עפן, עפן, בראָנטשעלע,
מאך ניט קיין גערודער!

— ווי קאָן איך דיר דען עפענען,
כ'האָב מוירע פאר מײַן פעטער.
— עפן, עפן, בראָנטשעלע,
כ'וועל ניט קומען שפעטער!

— ווי קאָן איך דיר דען עפענען,
כ'האָב מוירע פאר מײַן מומען.
— עפן, עפן, בראָנטשעלע,
אניט וועל איך מער ניט קומען!..

5

שווארץ ביסטו, שווארץ,
אָבער מיט כיין,
פאר וועמען דו ביסט מיעס,
פאר מיר ביסטו שיין!
צו די ליבסט מיך — יאָ,
צו די ליבסט מיך — ניין,
לאָמיר כאָטש שפאצירן גיין.

6

— דער טאטע איז געפאָרן אין באלטע,
דער טאטע איז געפאָרן אין באלטע,
האָט ער מיר געקויפט א בײַקע,
האָט ער מיר געקויפט א בײַקע.

— וויפל האָט ער באצאָלט פאר דער בײַקע?
וויפל האָט ער באצאָלט פאר דער בײַקע?
— צוויי מיט א האלבן טאָלער, מאמע, דײַקע,
האָט ער באצאָלט פאר דער בײַקע.

— ווער וועט דיר נייען די בייקע?
ווער וועט דיר נייען די בייקע?
— סאָרע די מאָדיסטקע, מאמע, דייקע,
זי וועט מיר נייען די בייקע.

— ווען וועסטו אָנטאָן די בייקע?
ווען וועסטו אָנטאָן די בייקע?
— שאבעס נאָכן קוגל, מאמע, דייקע,
וועל איך אָנטאָן די בייקע.

— ווו וועסטו גיין מיט דער בייקע?
ווו וועסטו גיין מיט דער בייקע?
— אין דעם גרינעם וועלדל, מאמע, דייקע,
וועל איך גיין מיט דער בייקע.

— מיט וועמען וועסטו גיין אין דער בייקע?
מיט וועמען וועסטו גיין אין דער בייקע?
— מיט א שיינעם באָכער, מאמע, דייקע,
וועל איך גיין אין דער בייקע.

— וואָס וועט זיין דער סאָף פון דער בייקע?
וואָס וועט זיין דער סאָף פון דער בייקע?
— ער וועט מיך טאקע נעמען, מאמע, דייקע,
דאָס וועט זיין דער סאָף פון דער בייקע.

7

איך האָב דיר געזאָגט, און געזאָגט, און געזאָגט,
אז קיין נאדן האָב איך ניט,
און קיין שיינע בין איך ניט,
און קיין נאדן האָב איך ניט.
ווילסטו נאדן — האלט זיך איין,
ווילסטו מענטש — קום אריין.

איך האָב דאָך דיר געזאָגט, און געזאָגט, און געזאָגט,
אז קיין גרויס גוטס האָב איך ניט,
און קיין רייכע בין איך ניט,
און קיין גרויס גוטס האָב איך ניט.

ווילסטו גרויס גוטס—האלט זיך איַין,
ווילסטו מענטש — קום אריַין.

איך האָב דאָך דיר געזאָגט, און געזאָגט, און געזאָגט,
אז פון קיין ייִכעס בין איך ניט,
אז פון קיין ייִכעס בין איך ניט,
אז פון קיין ייִכעס בין איך ניט.
ווילסטו ייִכעס — האלט זיך איַין,
ווילסטו מענטש — קום אריַין.

8

די מאמע איז געגאנגען
אין מארק אריַין נאָך קוילן,
האָט זי מיר געבראכט
א ייִנגעלע פון פוילן;
אוי, איז דאָס א ייִנגעלע
א שיינס און א פיַינס,
מיט די שווארצע אייגעלעך, —
קעצעלע דו מיַינס.

די מאמע איז געגאנגען
אין מארק אריַין נאָך קרויט,
האָט זי מיר געבראכט
א ייִנגעלע פון בויד;
אוי, איז דאָס א ייִנגעלע
א שיינס און א פיַינס,
מיט די וויַיסע ציינדעלעך, —
קעצעלע דו מיַינס.

איך האָב געגעסן מאנדלען,
איך האָב געטרונקען וויַין;
איך האָב געליבט א ייִנגעלע,
איך קאָן אָן אים נישט זיַין.
אוי, איז דאָס א ייִנגעלע
א שיינס און א פיַינס,
מיט די שווארצע הערעלעך, —
קעצעלע דו מיַינס.

9

די מאמע איז געגאנגען אין מארק אריין
און געבראכט א ייִנגעלע אבראם.
אוי, איז דאָס א ייִנגעלע, א ייִנגעלע מיט כיין.
אוי, איז דאָס א ייִנגעלע, ווי טייער איז ער און שיין.

די מאמע איז געגאנגען אין מארק אריין קויפן א לעקעך,
האָט זי מיר געבראכט א ייִנגעלע א העקער.
אוי, איז דאָס א ייִנגעלע א שיינס און א פיינס,
מיט זיינע שווארצע אייגעלעך, קאָטיקל מיינס.

די מאמע איז געגאנגען אין מארק אריין קויפן א מעסער,
האָט זי מיר געבראכט א ייִנגעלע א שלעסער.
אוי, איז דאָס א ייִנגעלע א שיינס און א פיינס,
מיט זיינע שווארצע אייגעלעך, קאָטיקל מיינס.

10

די מאמע איז געגאנגען אין מארק אריין קויפן גלעזער,
האָט זי מיר געבראכט א ייִנגעלע לייזער.
לייזער, לייזערל, קום אריין צו מיר אין שטוב,
לאָז מען ניט וויסן, ווי מיר האָבן זיךביידע ליב.

זיינע רויטע בעקעלעך
זיינען ווינטער-עפּעלעך,
זיינע קליינע ציינדעלעך
זיינען פול מיט כיינדעלעך,
זיינע שיינע הערעלעך
זיינען ווי די פּערעלעך.
אוי, איז ער א שיינער,
אוי, איז ער א פיינער.

קיין עמס, קיינעמס איז ער ניט,
נאָר, נאָר טאקע מיינער.

לייזערל, קום אריין צו מיר אין שטוב,
קום צו מיר, ווייל מיר האָבן זיך ביידע ליב.

11

העלף מיר, גאָטעניו, איבערן וואסערל,
העלף מיר, גאָטעניו, איבערן בריק;
מיר דערמאָנט זיך מײַן טײַער לעבן,
און שלאָפן שלאָף איך קיין נעכט ניט.

וויפל נ׳אָוונטלעך מיר זײַנען ביידע געזעסן,
וויפל נ׳אָוונטלעך, שפעט אין דער נאכט;
וויפל טרערעלעך מיר האָבן ביידע פארגאָסן
און אונדזער ליבע ארויסגעבראכט.

דײַנע אייגעלעך — שווארצע קערשעלעך,
דײַנע ליפעלעך — צוקער־זיס,
דײַנע בעקעלעך — ראָזע בלומען,
עס קומט נאָך פון דיר ביז היינט א קוש...

12

האמאוודל ביין קוידעש, —
מיט א מיידעלע איז אלע סוידעס,
פאר א מיידעלע איז אלע זאכן,
מיט א מיידעלע איז גוט צו לאכן,
פאר א מיידעלע איז גאָר אינגאנצן,
מיט א מיידעלע איז גוט צו טאנצן,
מיט א מיידעלע איז גוט צו שמוסן,
אוי, א מיידעלע איז גוט צו קושן.

13

א מאלעך וויינט, א מאלעך וויינט
און מאכט דאָס גראָז נאָך נאס פון טוי, —
ליבסטע מײַנע, ליבסטע טײַערע,
איך בענק צו דיר אזוי...

א מיידעלע וויינט, א מיידעלע וויינט
און שרײַבט צו אים א בריוו אזוי:
„ליבסטער מײַנער, ליבסטער טײַערער,
איך בענק צו דיר אזוי".

א ייִנגעלע וויינט, א ייִנגעלע וויינט
און שרײַבט צו איר א בריוו אזוי:
„ליבסטע מײַנע, ליבסטע טײַערע,
איך בענק צו דיר אזוי".

14

— א שיינ מיידעלע ביסטו,
נ'א שיינעם כאָסנ האָסטו,
פונ א שיינעם ייִכעס ביסטו, —
און א וואָסער כאָסנ ווילסטו?

— און קיינ כאָסנ וויל איך ניט,
ווײַל איך דארפ אימ נאָך ניט האָבנ,
און אז מע האָט יונג כאסענע,
ווערט מענ יונג באגראָבנ.

— ווײַל דו ביסט אזוי יונג און שיינ,
ווי זשע קומסטו אָ־דאָס צו וויסנ?
— ווײַל איך בינ נאָך יונג און שיינ,
וועל איך קיינ שידעך ניט שליסנ.

ווײַל איך בינ נאָך יונג און שיינ,
וועל איך מיר לעבנ פרײַ,
כ'קאָנ נאָך ווארטנ א יאָר און צוויי,
און עפשער טאקע דרײַ.

15

קומט דער ליבער זומער,
גייענ מיר אינ בארנ.
— זע, טאטעלע, זע, מאמעלע,
דער ייִנגעלע וויל מיך נארנ!

— נעם א שטעקעלע
גיב איבערנ קעפעלע,
וועט ער זיך אוועקשארנ!

שאַרט ער זיך, שאַרט ער זיך
אוועק אַף דרײַ מײַלן;
באַגעגנט ער, באַגעגנט ער
דרײַ שיינע פרײַלן:

איינע הייסט פריידל,
די צווייטע הייסט איידל,
די דריטע וויל ער ניט אויסזאָגן, —
דאָס איז דאָך זײַן מיידל.

16

— שיינע מיידעלע, פײַנע מיידעלע,
קום שפּילן אין באַלן!
— זע, טאַטעלע, זע, מאַמעלע,
דער יִנגעלע וויל מיך נאַרן!

— נעם אַ שטעקעלע
גיב איבערן קעפּעלע,
וועט ער זיך אָוועקשאַרן!

שאַרט ער זיך, שאַרט ער זיך
ביז די מאַסקאַראַדן,
באַגעגנט ער, באַגעגנט ער
דרײַ שיינע מאַדן:

איינע רופט מען כאַנע,
די אַנדערע מאַריאַנע,
די דריטע וועל איך ניט אויסזאָגן, —
דאָס איז מײַן קאָכאַנע!

17

האָלץ איז אין וואַלד,
וואַסער איז אין הויז, —
אַלע פוילע באָכערים
פון שטאָט אַרויס!

איז דער ווינטער, ווינטער
שוין אָנגעקומען,
מיידעלעך מיט באָכערים
האָבן זיך צענומען.

קומט דער ליבער זומער,
גייען מיר אין בארן.
— זע, טאטע, זע, מאמע,
דער יינגעלע וויל מיך נארן!

— נעם א שטעקל,
קלאפּ אין קעפּל,
וועט ער דיך ניט נארן!
וועט ער דיך ניט נארן!

18

אין אמעריקע פאָרן פורן
בארג-ארופ, בארג-אראָפּ;
און אז דער באָכער ליבט דאָס מיידל,
לייגט ער פאר איר דעם קאָפּ.

אין אמעריקע באקט מען כאלעס
פאר דער גאנצער וועלט;
און אז דער באָכער ליבט דאָס מיידל,
נעמט ער איר אָן א קאָפּקע געלט.

אין אמעריקע באקט מען בייגל
אפ א גאנצן יאָר;
איך — דיַין כאָסן, און דו — מיַין קאלע,
זיַינען מירביידע א גליַיכע פאָר!

19

אָט דאָרט, אָט דאָרט אפ יענעם אָרט,
שטייען זיך פייגעלעך צוויי, אוי, צוויי!
זיי שמועסן זיך, זיי קושן זיך,

זיי קושן זיך, זיי ליובען זיך,
אך, וואָס פאר א פארגעניגן האָבן זיי, אוי, זיי!
זיי שמועסן זיך, זיי קושן זיך,
זיי קושן זיך, זיי ליובען זיך,
אך, וואָס פאר א פארגעניגן האָבן זיי, אוי, זיי!

20

קומט דער ליבער זומער,
שפילן מיר אין זאמד;
קומט דער ליבער ווינטער,
פאָרן מיר צום לאנד.

שווארצע קארשן רייַסן מיר,
רויטע לאָזן מיר שטיין, —
שיינע באָכערים נעמען מיר,
מיִעסע לאָזן מיר גיין.

21

זיצ איך מיר אפן בענקעלע
און פארפלעכט מיר מייַנע צעפּלעך;
גייט פארבייַ, אוי, א שנייַדער־יונג
און זאָגט, אז איך בין נישט ערלעך.

ער זאָגט, אז ס'איז טינט,
איך זאָג, אז ס'איז פענעס;
ער זאָגט, אז ער האָט מיך ליב,
און איך זאָג, אז ס'איז ניט עמעס.

זיצ איך מיר אפן פענצטערל
און פארקעמ אוף מייַנע הערלעך;
גייט פארבייַ, אוי, א שוסטער־יונג
און זאָגט, אז איך בין נישט ערלעך.

ער זאָגט, אז ס'איז אש,
און איך זאָג, אז ס'איז קוילן;

ער זאָגט, אז ער וועט מיך נעמען,
און איך זאָג, ער וועט נישט פויעלן...

22

אוי, גאָטעניו, ווארף מיך ניט אראָפּ,
גלייַך מיך ניט צו דעם ביימעלע,
וואָס די צווייַגעלעך פאלן פון אים אראָפּ.
דאָס ביימעלע און דאָס צווייַגעלע, זיי בלײַען
זייער שיין,
ווי גליקלעך איך וואָלט געווען
מיט דיר צו דער כופּע צו גיין.

איינער זוכט קליידער,
דער צווייטער זוכט געלט,
דער דריטער וויל כאסענע האָבן
און אויספירן זייַן וועלט.

איך דארף ניט דייַנע קליידער,
איך דארף ניט דייַן געלט,
איך וויל מער ניט מיט דיר כאסענע האָבן
און אויספירן מייַן וועלט.

23

איך מיט מייַן ליבן,
די מאמע אין דער מיט, —
איך וויל נעמען לייבעלען,
די מאמע לאָזט מיך ניט.

— אוי ווייַ, מאמע,
כ'וועל ניט הערן דייַנע רייד,
איך וועל נעמען לייבעלען
וויאזוי ער שטייט און גייט.

געלט איז קייַלעכיק,
סע קייַלעכט זיך אוועק,

איך וועל נעמען לייבעלען
און וועל מיט אים אוועק.

איך וועל מיט אים אוועק
און וועל א כופּע שטעלן,
אוי וויי, מאמעניו,
ער איז דאָך מיר געפעלן.

מיט זײַנע שוואַרצע אויגן
און מיט זײַן ווײַסן פּידזשאַק,
איך האָב דאָך זייער ליב,
ווען ער קושט מיך אפן באַק.

ניט אזוי א פלעק,
ווי א רויטן פליאַם,
ס'וועט ניט העלפן, מאַמע,
ער מוז דאָך זײַן מײַן מאַן.

24

די מאַמע קאָכט וואַרעניקעס,
און איך בין גאָר פליישיק;
דערזע איך א שיין מיידעלע,
קריג איך צו איר כיישעק...

מיר געפעלט דאָס מיידעלע,
מײַן מאַמע איז דער מיט;
איך האָב ליב דאָס מיידעלע,
מײַן מאַמע וויל זי ניט.

שיין איז דאָס מיידעלע,
ווי די גאַנצע וועלט,
נאָר א כיסאָרן האָט זי זיך,
זי האָט דאָך נישט קיין געלט.

געלט איז זיך קײַלעכדיק,
עס קײַקלט זיך אוועק;
נעם איך מיר מײַן מיידעלע
און פאָר מיט איר אוועק.

איך פֿאָר מיט איר אוועק
אין דער שטאָט אָדעס;
איך שטעל מיט איר א כופּע
אין איינ מעסלעס.

25

— אוי וויי, מאמע,
איך וויל דיר עפּעס זאָגנ,
כ׳האָב ליב א יינגל
אונ שעמ זיך אויסצוזאָגנ.

— א ליבע צו שפּילנ
פֿאר א פֿיינעמ יונג,
ניט פֿאר קיינ זשוליק,
פֿאר א שניידער־יונג.

— אוי וויי, מאמע,
כ׳וועל ניט הערנ דיינע רייד, —
איך וועל אימ נעמענ,
ווי ער שטייט אונ גייט.

ניט אזוי פֿאר זיינ שיינ פּאָנעמ,
ווי פֿאר זיינ גוט הארצ.
איך זאָל אפֿילע וויסנ,
כ׳וועל ווערנ בא אימ פֿארשווארצט.

26

זיצט א שיינ מיידל
אינ א העלנ טאָג, טאָג,
גייט ארויס א שיינער באָכער
אינ א שיינעמ ראָק, ראָק.

— באָכער ס׳לעבנ, הארצ ס׳לעבנ,
טאנע, גאָלד, מיילעכ,
אז איך זע דיך פֿונ פֿלויט ארויס,
ווערט אינ הארצנ פֿריילעכ.

קיינ נאדנ האָב איכ ניט,
קליידער וועל איכ באָרגנ,
זאָגט מייַנע ליבע פאָטער־מוטער,
זיי זאָלנ ניט זאָרגנ.

איינ העמד האָב איכ
מיט שיינע קריינענ,
זאָגט מייַנע ליבע פאָטער־מוטער,
זיי זאָלנ ניט וויינענ.

27

איכ שווער בענעמאָנעס,
איכ זאָג דיר דעמ עמעס:
איכ האָב קיינעמ ניט ליב אזוי, ווי דיכ!
עפנ מיר מייַנ הארצ
אונ זע, ווי שווארצ,
אונ האָב שוינ ראכמאָנעס אפ מיר!

ביטער איז מיר,
אז איכ דערמאָנ זיכ אָנ דיר,
אונ דו מוזט מיר ניט גלייבנ די זאכ;
ס'איז ניט אזוי טייַער
בא אנ אנדערנ די אויגנ,
ווי בא מיר איז טייַער דייַנ שפראכ!

28

פאפיר איז דאָכ וויַס, אונ טינט איז דאָכ שווארצ,
צו דיר, מייַנ זיס־לעבנ, ציט דאָכ מייַנ הארצ!
כ'וואָלט שטענדיק געזעסנ דרייַ טאָג נאָכאנאנד,
צו קושנ דייַנ שיינ פאָנעמ אונ צו האלטנ דייַנ האנט.

אוי, דעמלט וואָלט איכ געוווסט פונ א וועלט,
כ'וואָלט שטענדיק געארבעט, געאקערט אינ פעלד;
מיט פיל פארגעניגנ וואָלט איכ מיט דיר פארבראכט,
כ'וואָלט געזעסנ מיט דיר באטאָג אונ באנאכט.

נעכטן באנאכט בין איך אפ א כאסענע געווען, —
פיל שיינע מיידלעך האָב איך געזען;
פיל שיינע מיידלעך, צו דיר קומט עס ניט גאָר,
צו דײַנע שווארצע אייגעלעך, צו דײַנע שווארצע האָר!

דײַן טאליע, דײַן מינע, דײַן איידעלער פאסאָן,
אין הארצן ברענט א פײַער, מע זעט עס נישט אָן!
נישטאָ אזא מענטש, וואָס זאָל פילן, ווי עס ברענט;
דער טויט און דאָס לעבן איז בא דיר אין די הענט.

29

אך, דו ליבער גאָט, ווארפ מיך נישט אראָפּ,
גלײַך מיך ניט צו קיין ביימעלע און נישט צו קיין סלופּ!
דאָס ביימעלע, אז עס בליט, איז דאָך זייער שיין,
ווי העלפט מיר שוין גאָט מיט איר צו דער כופּע גיין!

אך, דו ליבער גאָט, הער אויס מײַן פארלאנג:
דעם ערשטן גיסטו קאָוועד מיט א שיינעם גאנג;
מיר גיב א שטיבעלע אפ דעם גראָז דעם גרינעם,
אז איך מיט מײַן זיס־לעבן זאָלן ווינען דרינען.

30

שטיין, שטיין
שטיי איך אין טיר;
קוקן קוק איך
מיט די אייגעלעך אַ דיר.

דושעניו, ליובעניו,
וואָס איז דאָס מיט דיר?
צײַט פון שאבעס אָן
ביסט ניט געווען בא מיר!

מיט קוילעס און געשרייען
קען איך בא דיר ניט פויעלן;
דושעניו, ליובעניו,
לײַטן צו די אויערן.

לײַטנ צו די אויערנ
איז דאָכ גאָר א כאָלעמ;
דושעניו, ליובעניו,
לאָמיר שליסנ שאָלעמ!

שאָלעמ צו שליסנ
איז דאָכ גאָר קײנ זאכ;
דושעניו, ליובעניו,
האָב א גוטע נאכט!

ניט אזוי די גוטע נאכט,
ווי דער גוטער יאָר,
ניט אזוי די שײנע מײדל,
ווי די בלאָנדע האָר!

31

איכ בינ שוינ א מײדל אינ די יאָרנ,
וואָס האָסטו מיר דעמ קאָפּ פארדרײט?
איכ וואָלט שוינ לאנג א קאלע געוואָרנ
אונ עפּשער טאקע כאסענע געהאט.
איכ וואָלט שוינ לאנג א קאלע געוואָרנ
אונ עפּשער טאקע כאסענע געהאט.

דו האָסט מיר צוגעזאָגט נעמענ,
איכ האָב אפ דיר געווארט;
פארוואָס זאָלסטו, דושעניו, מיכ פארשעמענ,
צי האָסטו דיכ אינ מיר גענארט?
פארוואָס זאָלסטו, דושעניו, מיכ פארשעמענ,
צי האָסטו דיכ אינ מיר גענארט?

אונ עפּשער גײט דיר, קעצעלע, אינ נאדנ,
די מאמע וועט פארקויפנ די שטוב;
מיר וועלנ בײדע כאסענע האָבנ,
ווײַל איכ האָב דיכ ליב!
מיר וועלנ בײדע כאסענע האָבנ,
ווײַל איכ האָב דיכ ליב!

און עפשער ווילסטו וויסן דעם יִכעס —
דער זיידע איז געווען א רָוו;
לָאמיר זשעביידע כאסענע האָבן,
און זאָל שוין נעמען א סאָפ...
לָאמיר זשע ביידע כאסענע האָבן,
און זאָל שוין נעמען א סאָפ...

32

— וואָס האָסטו מיר אָפּגעטאָן, מײַן טײַער, זיס לעבן,
וואָס מײַן הארץ ציט אזוי נאָך דיר?
— איך האָב דיר גאָרנישט אָפּגעטאָן און וועל דיר ניט אָפּטאָן,
דו האָסט זיך פּאָשעט אײַנגעליבט אין מיר.

צוויי זאדאטשעס וועל איך דיר פארגעבן,
און די זאדאטשעס מאכן זאָלסטו מיר:
אז דו וועסט מיר איבערציילן די טראָפּנס פונעם יאם,
דענסטמאָל קאָנסטו זײַן א פּאָר צו מיר.

די צווייטע זאדאטשע וועל איך דיר פארגעבן,
און די זאדאטשע מאכן זאָלסטו מיר:
אז דו וועסט איבערציילן די שטערן פונעם הימל,
דענסטמאָל קאָנסטו זײַן א פּאָר צו מיר.

33

גיי איך מיר צום ברונעם וואסער ארויסציִען,
שטייט דאָרט א מיידעלע, — איך קען זי ניט באקומען:
— כאפּ א בער פון וואלד און לערן אים אויס
שרײַבן,
אָט דאמאָלסט, דאמאָלסט וועסטו מײַנער
בלײַבן!
ניי מיר אויס זיבן העמדער אָן לײַוונט און
אָן זײַד,
מאכ מיר זיבן וויגן אָן האָלץ און אָן
געצײַג,
כאפּ מיר אויס פון יאם די פיש, און אין יאם זאָלן זיי בלײַבן,
מאכ מיר אזא לייטער, צו דעם הימל זאָל ער שטײַגן.

34

שפּילט זשע מיר דעם נײַעם שער,
וואָס איז ארויסגעקומען:
איך האָב מיך פארליבט אין א ייִנגעלע א שיינעם
און קאָן צו אים נישט קומען.
איך וואָלט צו אים געקומען,
זיצט ער זייער ווײַט;
איך וואָלט דאָך אים א קוש געגעבן,
שעם איך מיר פאר לײַט;
נישט אזוי פאר לײַט, ווי פאר גאָט אליין.
איך וואָלט מיט אים פארבראכט די צײַט,
אז קיינער זאָל נישט זען.

35

שפּילט זשע מיר דעם נײַעם שער,
וואָס איז ארויסגעקומען:
איך האָב מיך פארליבט אין א ייִנגעלע א שיינעם
און קאָן צו אים נישט קומען.
קום זשע צו מיר גיכער,
איך ווארט אף דיר שוין לאנג;
קום זשע גיך אריבער,
מע זאָל נישט הערן דײַן גאנג,
פיר איך דיך אין שטיבעלע פון מײַן מאמען אליין:
כאָסן-קאלע וועלן מיר זײַן
און צו דער כופּע גיין.

36

— הער נאָר, דו שיין מיידעלע,
הער נאָר, דו פײַן מיידעלע,
וואָס וועסטו טאָן אין אזא ווײַטן וועג?
וואָס וועסטו טאָן אין אזא ווײַטן וועג?

— איך וועל גיין אין אלע גאסן
און וועל שרײַען: „וועש צום וואשן!"

אבי מיט דיר צוזאמענ זײַנ,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַנ!

— הער נאָר, דו שיינ מיידעלע,
הער נאָר, דו פײַנ מיידעלע,
ווו װעסטו וואשנ אינ אזא ווײַטנ וועג?
ווו װעסטו וואשנ אינ אזא ווײַטנ וועג?

— דו מוזט מיינענ, אז איכ בינ שוואכ,
איכ קענ וואשנ וועש באמ טײַכ!
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַנ,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַנ!

— הער נאָר, דו שיינ מיידעלע,
הער נאָר, דו פײַנ מיידעלע,
אפ וואָס װעסטו טריקענענ אינ אזא ווײַטנ וועג?
אפ וואָס װעסטו טריקענענ אינ אזא ווײַטנ וועג?

— כ'וועל פארקויפנ מײַנ מונדיר
אונ וועל מיר קויפנ א לאנגנ שנור,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַנ,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַנ!

— הער נאָר, דו שיינ מיידעלע,
הער נאָר, דו פײַנ מיידעלע,
וואָס װעסטו עסנ אינ אזא ווײַטנ וועג?
וואָס װעסטו עסנ אינ אזא ווײַטנ וועג?

— ברויט מיט זאלצ וועל איכ עסנ,
טאטע־מאמע וועל איכ פארגעסנ,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַנ,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַנ!

— הער נאָר, דו שיינ מיידעלע,
הער נאָר, דו פײַנ מיידעלע,
אפ וואָס װעסטו שלאָפנ אינ אזא ווײַטנ וועג?
אפ וואָס װעסטו שלאָפנ אינ אזא ווײַטנ וועג?

— איך בין נאָך א יונגע פרוי,
איך קען שלאָפן אפּ א בינטל שטרוי,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַן,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַן!

— הער נאַר, דו שיינ מיידעלע,
הער נאַר, דו פֿײַנ מיידעלע,
מיט וואָס וועסטו זיכ צודעקנ אינ אזא ווײַטנ וועג?
מיט וואָס וועסטו זיכ צודעקנ אינ אזא ווײַטנ וועג?

— דער טוי פונ הימל וועט מיכ צודעקנ,
די פייגעלעך וועלנ מיכ אופוועקנ,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַן,
אבי מיט דיר צוזאמענ זײַן!

37

דאָרטנ אפּ א בערגעלע שטייט נאָך א ביימעלע,
דאָס ביימעלע איז שוינ לאנג אײַנגעבויגנ.
דאָרטנ שטייט נאָך מײַנ געטרײַע קאלע
מיט אירע אויסגעווײנטע אויגנ.

— ווײנ נישט, קרוינישע, ווײנ נישט, דושעניו!
כ'וועל נאָך צו דיר צוריקומענ,
זאָלסט נישט הערנ, וואָס לײַט רעדנ,
בא מיר האָסטו כיינ געפֿונענ.

מײַנע עלטערנ טוענ מיכ בעטנ,
כ'זאָל שוינ דיכ פארגעסנ;
נישט איינ וואסערל וועט פארבײַלויפנ,
אונדזער ליבע וועט קיינער נישט פארלעשנ.

— וואָס טויג מיר די רייד, וואָס נוצט מיר דײַנ טרייסט?
איך קענ שוינ דײַנ ליבע נישט גלייבנ, —
א בריוועלע האָסטו מיר שוינ לאנג געשריבנ,
אז דו מוזט דיכ מיט מיר צעשיידנ.

— א בריוועלע האָב איך טאקע דיר געשריבנ,
כ'האָב אויך געהאט א מיינ דערבײַ:

כ'האָב נאָר געמיינט דיך אויסצופּרובירן,
צי דו ביסט מיר עמעס טריי.

איך וועל מיר אויך אַן אייצע געבן,
אונדזער ליבע זאָל קומען צו אַ צוועק:
כ'וועל פאַרקויפן אַלץ, וואָס מיר האָבן,
און פונדאַנען וועלן מיר אַוועק.

38

הער נאָר, אוי, מאַמעניו!
פון מיין רייך זאָלסטו וויסן:
כ'האָב געהאַט אַ טייערן ווייַנגאָרטן,
האָב איך עס געטאָן פאַרשליסן...

ער האָט בא מיר נישט אָנגעפרעגט
און איז צו מיר אַריינגעקומען;
די שענסטע פּיירע פון דעם ביימעלע
האָט ער בא מיר צוגענומען.

ער האָט מיר געשענקט אַ פינגערל,
איך זאָל עס טראָגן אַף מיין פינגער.
ווער ס'האָט נאָר אין אונדזער ליבע שולד,
דער זאָל שטאַרבן פאַר הונגער!

ער האָט מיר געשענקט אַ זייגערל
מיט אַ גאָלדענעם ווייזער.
ווער ס'איז שולדיק אין אונדזער ליבע,
זאָל אַרומגיין אייביק אין די הייזער!

ער האָט מיר געשענקט אַ טיכעלע
פון אַלערהאַנט קאָלאָרן,
זיין בילד ליגט בא מיר אין האַרצן,
און אַליין איז ער אַוועקגעפאָרן.

ווען מיין האַרץ זאָל אויס אייזן זיין,
וואָלט עס מיר באַדאַרפט פּלאַצן.
אַז אונדזער ליבע וועט ווערן אויסגעפירט,
וועל איך מיך גליקלעך שאַצן.

39

— דער זייגער האָט שוין צוועלף געשלאָגן,
אוי, מאמע, ס'איז שוין האלבע נאכט!
מײַן קאָפּ איז מיר פון צאָרעס צעטראָגן,
זינט דו האָסט מיך אין דער ליבע געבראכט.

אז דו האָסט מיך אין דער ליבע געבראכט,
האָסטו מיר צוגעזאָגט גילדענע בערג,
און אז דו האָסט מיר די ליבע ארויסגענארט,
איצט האָב איך שוין בא דיר ניט די ווערט.

וואָס טוסטו מיט דײַן שיינקײַט שטאָלצירן,
מײַן ווייטעק זאָל מיר ווערן גרויס?
נאָר איינס וועל איך, דושעניו, דיך פרעגן,
צי אונדזער ליבע לאָזט זיך שוין אויס?

— הער שוין אוף צו וויינען און צו קלאָגן
און ווּיש דיר שוין אויס דײַנע אויגן;
אונדזער ליבע וועט דעמלט זיך צעשיידן,
ווען דער הימל וועט צו דער ערד זיך בויגן.

— אז די פייגעלעך פליִען אוועק,
קומען זיי דאָך אויך צוריק,
צי וועט מען מיר קומען אמאָל זאָגן,
אז ס'האָט זיך בא מיר אומגעקערט מײַן גליק?

— הער שוין אוף צו וויינען און צו קלאָגן,
פארגעס שוין די אייגענע טײַנע!
כ'האָב דיך נאָר געוואָלט אויספרוּוון,
אָבער אפּ אייביק בלײַבסטו שוין מײַנע!

40

אפּן פריפּעטשיק ברענט א פײַערל,
און פון קוימען גייט א רויך;
אז איך זע דיך ניט, מײַן זיס־לעבן,
גייט מיר אויס מײַן קויעך.

וואָלקנ, וואָלקנ, שלינג מיך איַינ
אונ טו מיט מיר אוועקשוועבנ;
אונ טו מיך דאָרטנ אנידערשטעלנ,
ווו מיַינ הארצ טוט גלייבנ.

מיַינ הארצ, מיַינ הארצ ציט צו דיר,
אזוי ווי מאגנעט צו שטאָל;
איך וואָלט צו דיר אמאָל געקומענ,
איז דער וועג צו שמאָל.

באמ ברעג וואסער שטיי איך, דושעניו,
אונ איך קענ צו דיר ניט שווימענ;
מיַינ הארצ ציט צו דיר, אזוי ווי א מאגניט,
נאָר איך קענ צו דיר ניט קומענ.

אונ ניט אזוי געקומענ,
כ׳וואָלט אפילע צו דיר געפלויגנ;
אז איך זאָל דיך ניט קריגנ, דושעניו,
צו וואָס זשע קענ מיַינ לעבנ טויגנ!

41

לעבנ וואסערל שטייט אביימעלע,
ס׳ביימעלע האָט זיך איַינגעבויגנ;
דאָרטנ זיצט מיַינ זיס-לעבנ
מיט פארוויינטע אויגנ.

ניט וויינ אונ ניט קלאָג,
מיט געוויינ זאָלסטו צו מיר ניט ריידנ;
ס׳איז געקומענ אפ אונדז א ביטערע ציַיט,
אז מיר מוזנ זיך ביידע צעשיידנ.

42

צי געדענקסטו, מיַינ טיַיער לעבנ,
צי געדענקסטו ווענ אָנ מיר?
אינ מיַינ הארצנ ברענט א העליש פיַיער,
ווענ איך דערמאָנ מיך נאָך אָנ דיר.

דײַן געשטאַלט, ווי אַ שײן וואַקס־פיגורל,
און דײַנע ליפּעלעך — צוקער־זיס;
דײַנע אײגעלעך, ווי שוואַרצע קאַרשן,
אוי, ווו נעמט מען נאָך דײַן קוש?

דײַנע בעקעלעך, ווי ראָזע בלומען,
און דײַנע הערעלעך — קוילן־שוואַרץ;
דײַנע הענטעלעך, ווי ווײַס־געפאַלן שנײ,
אוי, ווי ס׳ציט צו דיר מײַן האַרץ!

43

אַדיע, אַדיע, מײַן אויג פון קאָפּ,
דײַן בעסטער פרײַנט פאָרט פון דיר שוין אָפּ!
אַ קורצע צײַט האָב איך מיט דיר פאַרבראַכט,
מיט דיר די ליבע ניט גוט באַטראַכט!

איך פאָר דאָך אָפּ זײער ווײַט,
צו מענטשן, וואָס זײַנען אומבאַקאַנטע לײַט,
נאָר אַזאַ פרײַנט, ווי דו, וועל איך ניט געפינען,
וואָס זאָל מיר שטענדיק ליגן אין מײַנעם זינען!

איך קום צו דיר, ווי אַ פײגעלע, וואָס פליט,
און איך שטײ נעבן דיר, ווי אַ בײמעלע, וואָס בליט;
איך קום צו דיר אין גרויס פרײדן,
ניט ווילנדיק מוזן מיר זיך בײדע שײדן!

שטענדיק ליג איך און טראַכט,
סײַ באַטאָג און סײַ באַנאַכט;
טראַכטן טראַכט איך, ליבע, וועגן דיר,
און טרערן גיסן זיך אָן אַ שיר!

דײַנע זיסע רײד וועל איך ניט פאַרגעסן
סײַ באַם טרינקען און סײַ באַם עסן;
דײַן שײנע מינע מיט דײַן אײדלקײַט
וועל איך געדענקען אַ לאַנגע צײַט!

די לעצטע צײַט האָסטו מיר זײער געשײַנט,
דו, מײַן לעבן, מײַן בעסטער פרײַנט!
און הײַנט, װײנענדיק, פּאַר איך פון דיר אָפּ,
אַדיע, אַדיע, מײַן אויג פון קאָפּ!

44

דײַנע אויגן זײַנען שײן,
זײ זײַנען בא מיר טײַער;
מיט דײַן ליבן זיסן כײן
האָסטו אָנגעצונדן אין מײַן האַרץ אַ פײַער.

און מײַן האַרץ ציט צו דיר,
אַזוי װי מאַגנעט צו אײַזן־שטאָל,
און די ליבע ברענט אין מיר,
זי װערט פאַרגרעסערט װאָס אַ מאָל.

װען איך זאָל האָבן פליגעלעך,
װאָלט איך צו דיר געפלויגן;
װען דו װאָלסט האָבן גאָט אין האַרצן,
װאָלסטו צו מיר געצויגן.
און מײַן האַרץ אַאוו.

װען איך װאָלט געװען אַ פישעלע,
װאָלט איך צו דיר געשװומען,
װען איך װאָלט װיסן, װוּ דו ביסט,
װאָלט איך צו דיר געקומען.

און מײַן האַרץ ציט צו דיר,
און די ליבע ברענט אין מיר,
זי צעברענט אין מיר אַלע בײנער,
פון דער ליבע װײסט נישט קײנער.

45

יאַנקעלע מיט ריװקעלען
האַלטן זיך דערינטער;
יאַנקעלע איז אװעקגעפאָרן
אויף אַ גאַנצן װינטער.

ריווקעלע האָט געמיינט,
זי וועט אליין בלייַבן,
האָט זי צו אים אָנגעהויבן
בריוועלעך צו שרייַבן.

בריוועלעך צו שרייַבן
איז דאָך זייער זיס;
א מאשקן צו פֿארזעצן, —
פֿון יאנקעלען א גריס.

בריוועלעך צו שרייַבן
איז דאָך זייער שיין;
א מאשקן צו פארזעצן,
נאָר יאנקעלען צו זען!

46

— אוי, אבראמ, איך קען אָן דיר נישט זייַן,
איך אָן דיר, און דו אָן מיר, קענען מיר ביידע נישט זייַן.
— געדענקסטו, געדענקסטו בא דעם טויער,
האָסטו מיר געזאָגט א סאָד אינ אויער;
אוי וויי, ריווקעניו, גיב זשע מיר דאָס פּיסקוניו!

— אוי, אבראמ, איך קען אָן דיר נישט זייַן,
איך אָן דיר, און דו אָן מיר, איז ווי א קליאמקע אָן א טיר.
— געדענקסטו, געדענקסטו אפּ דעם בולוואר,
איך דער קלוגער, און דו דער נאר;
אוי וויי, ריווקעניו, גיב זשע מיר דאָס פּיסקוניו!

— אוי, אבראמ, איך קען אָן דיר נישט זייַן,
איך אָן דיר, און דו אָן מיר, קענען מיר ביידע נישט זייַן.
געדענקסטו, געדענקסטו דאָס רויטע קליידל,
אוי, בינ איך געווען א שיינ מיידל.
— אוי וויי, ריווקעניו, גיב זשע מיר דאָס פּיסקוניו!

47

דו האָסט מיר געבראכט א פּאָדארעק,
דער פּאָדארעק הענגט אפּ דער וואנט,

און אז סע קומט מיר די דאָסאַדע אפֿן האַרצן,
נעם איך מיר די קאַרטע אין מײַן האַנט.

דו האָסט מיר געזאָגט, ווּעסט מיך נעמען,
און נעמען נעמסטו מיך ניט.
איך אָן דיר, און דו אָן מיר,
איז אַזוי ווי אַ קליאַמקע אָן אַ טיר.

איך נעם דאָך די קאַרטע אין דער האַנט,
און איך ווּעל מיט דיר, דושעניו, ריידן,
ווי־אַזוי מיר האָבן זיך ביידע געליבט,
און יעצט דאַרפֿן מיר ביידע זיך צעשיידן.

צעשיידן זיך, דושעניו, ליובעניו,
פֿייגעלע, קעצעלע מײַנס,
איך אָן דיר, און דו אָן מיר,
אַזוי ווי אַ קליאַמקע אָן אַ טיר.

48

די דאָזיקע נאַכט, וואָס מיר האָבן ביידע פֿאַרבראַכט
ביז צוועלף אַזייגער נאָך דער האַלבער נאַכט.
מיר זײַנען ביידע אַזוי לאַנג געזעסן,
ביז מיר האָבן גאָט פֿאַרגעסן.

העלף מיר, גאָטעניו, אױף דעם וואַסערל,
העלף מיר, גאָטעניו, דו אַליין,
אין ווײַטע לענדער בין איך פֿאַרפֿלויגן,
עלנט בין איך, ווי אַ שטיין.

דײַנע אייגעלעך זײַנען טינטערלעך,
און דײַנע בעקעלעך איז ווײַס פּאַפּיר,
דײַנע הענטעלעך זײַנען פֿעדערלעך,
שרײַבן זאָלסטו אָפֿטע בריוו צו מיר.

49

די זון האָט געשײַנט
איבער דער גאַנצער וועלט,

איז געקומען אַ וואָלקן פון דער זײַט
און האָט מיר מײַן ליכטיקײַט פארשטעלט.

שפאצירנ זײַנען מיר געגאנגען
איבער אַן אײַזערנעם בריק,
פיל מענטשן זײַנען אריבערגעגאנגען,
מעקאנען געווען מײַן גליק.

שפאצירנ זײַנען מיר געגאנגען
פארבײַ אַ בערגעלע היי,
מיר דארפן זיךביידע צעשיידן,
אזוי ווי פייגעלעך צוויי.

50

שטייט די טויב אפן דאך
און טוט טרויעריק ברומען,
כ'האָב געהאט אַ גוטן־פרײַנט
און ווייס ניט, ווו ער איז אהינגעקומען.

עס רוקט זיך אַ כמארענע
מיט אַ סאָטשנעם רעגן,
כ'וואָלט געגאנגען זוכן אים,
זײַנען פארגאָסן געוואָרן די וועגן.

51

אפן בארג שטייט אַ טײַבעלע,
זי טוט מיט איר פּאָר ברומען,
איך האָב געהאט אַ גוטן-פרײַנט
און קען צו אים ניט קומען.

מײַכן טרערן טוען זיך
פון מײַנע אויגן רינען,
איך בין געבליבן, ווי אַ שפענדעלע,
אפ דעם וואסער שווימען.

גאָר די וועלט איז אפ מיר געפאלן,
זײַט איך בין געבליבן אליין,

זיץ איך דאָך טאָג און נאכט,
יאָמער איך און וויין.

טײַכן טרערן טוען זיך
רינען פון מײַנע אויגן,
איך זאָל האָבן פליגעלעך,
וואָלט איך צו אים געפלויגן.

52

— קויף מיר נישט קיין לאָקענעס
און מאך מיך נישט שיין;
קויף דיר א פּאָר שטיוועלעך,
צום פּריזיוו דארפסטו גיין.

אוי, אוי, אוי, אוי, יאָשקע פאָרט אוועק,
נאָך א שאָ און נאָך א שאָ,
דער פּאָיעזד גייט אוועק!

— זײַ זשע מיר געזונט,
מײַן טײַערע קאלע,
נאָך דיר וועל איך בענקען
מער ווי נאָך אלע.
אוי, אוי, אוי, אוי, יאָשקע אאוו.

— די באן איז שוין געקומען,
און עס כאפּט מיך אָן א שרעק;
לאָמיר זיך געזעגענען,
דער פּאָיעזד גייט אוועק.
אוי, אוי, אוי, אוי, יאָשקע אאוו.

— קלאָג זשע נישט און וויין זשע נישט,
ס'איז אלצדינג בלאָטע;
איך וועל זײַן בא פּאָניען
דער שענסטער אין דער ראָטע.
אוי, אוי, אוי, אוי, יאָשקע אאוו.

— דרויסנ איז א זאווערוכע,
דרויסנ איז א שניי;
אוי ווײ, מאמעלע,
דאָס קעפּעלע טוט ווײ.

אוי, אוי, אוי, אוי, יאַשקע פֿאָרט אוועק,
נאָכ א קוש אונ נאָכ א קוש,
דער פּאָיעזד גײט אוועק!

53

— וועלכע מײדעלע
שפּילט א ליבע,
שפּילט זי דאָכ אויס אירע פּארבנ;
אונ אז זי ליבט אימ,
אינ ער איר גאָר ניט,
דאנ מוז זי דאָכ א יונגינקע שטארבנ!

— ניט שטארב, ניט שטארב,
דו, מײַנ לעבנ,
צו אונדזער ליבע נעמט שוינ אנ ענד.
— דו גײסט אוועק דעמ קײסער דינענ,
אונ מיכ לאָזטו אינ פרעמדע הענט!

— אינ פרעמדע הענט
איז פיל בעסער,
איז פיל בעסער פונ מיר;
א צווײטע ליבע
וועסטו קריגנ,
שענער אונ בעסער פונ מיר!

— דו פאָרסט אוועק
אינ א ווײַטנ וועג,
אונ דו וועסט זיכ מיט מענטשנ באקאָנענ;
א צווײטע ליבע
וועסטו קריגנ,
אונ מיכ זאָלסטו אויכ דערמאָנענ!

פארפלוכט, פארפלוכט
זאָל ווערן די שטריק,
וואָס האָט אונדז צוזאמענגעבונדן!
דו גייסט אוועק
דעם קייסער דינען,
און מיר לאָזטו די ווונדן!

54

— ווייַן ניט, דושיניע, ווייַן ניט, ליוביניע!
איך שווער דיר — איך האָב דיך בעעמעס ליב.
און אַף וועלכער סטאַנציע איך וועל זיך אָפּשטעלן,
וועל איך דיר שרייַבן בריוו.

— פיר יאָר וועל איך אַף דיר וואַרטן,
אַף דעם פינפטן וועסטו אַרויס, —
און אויב דו וועסט מיך ניט וועלן נעמען,
וועט די שאַנד זייַן זייער גרויס!

— איין זאַך, דושיניע, איין זאַך, ליוביניע,
וועל איך בא דיר פועלן:
דו זאָלסט זיך אָפּגאַנווענען פון דייַנע עלטערן,
דו זאָלסט מיך גיין באַגלייטן!

55

אַך, דער אָנפאַנג פון אונדזער ליבע
האָט זיך אָנגעהויבן צוקער־זיס,
נאָר די ענדע פון אונדזער ליבע
האָט זיך אויסגעלאָזט זייער מיִעס.

ס׳וועט דאָך שוין נישט לאַנג געדויערן,
איבער וואַסער און איבער בריק, —
צעברעכן וועל איך אַלע טויערן,
צו דיר וועל איך קומען צוריק!

זאָל ער גיין, זאָל ער לויפן,
איך באַדאַרף אים אַף קאַפּאָרעס,

אז ער האָט געקאָנט אָן מיר פארגעסן,
זאָל ער זײַן אפּ צאָרעס!

ס'וועט דאָך שוין נישט לאנג געדויערן,
איבער וואסער און איבער בריק, —
צעברעכן וועל איך אלע טויערן,
צו דיר וועל איך קומען צוריק!

פון דער ערד גייט דאָס וואסער,
אזוי גייען מײַנע יאָרן אוועק;
אז ער האָט געקענט אין מיר פארגעסן,
נעמט דאָך די וועלט אן עק.

ס'וועט דאָך שוין נישט לאנג געדויערן,
איבער וואסער און איבער בריק, —
צעברעכן וועל איך אלע טויערן,
צו דיר וועל איך קומען צוריק!

56

— דער ערשטער אָנפאנג פון אונדזער ליבע
איז געווען צוקער־זיס,
אָבער דער סאָף פון אונדזער ליבע
האָט זיך אויסגעלאָזן זייער מיִעס.

איין זאך וועל איך דיר זאָגן,
איין זאך וועל איך דיך בעטן:
זאָלסט זיך ארויסגאנווענען פון דײַן שטוב
און פאָרן זאָלסטו מיך באגלייטן.

— פאָרן וועל איך דיך באגלייטן
פונעם טויער ביז צום באן;
אָנגעקושט און אָנגעליובעט, —
ביז דער פאָיעזד איז אוועקגעגאנ.

אז דער פאָיעזד איז אוועקגעגאנ,
בין איך געבליבן באם וואָקזאל;
ווי מײַן זיס־לעבן איז אוועקגעפאָרן,
האָב איך ארויסגעלאָזט א גרויס קאָל!

— ווינ ניט, דושעניו, ווינ ניט, ליובעניו,
מיר וועלנ נאָך ביידע זײַנ א פּאָר;
שווער מיר צו בא דײַנ לעבנ,
אז וואַרטנ וועסטו אפ מיר פינפ יאָר!

— פינפ יאָר וועל איך אפ דיר וואַרטנ,
ביז מײַנ מאזל וועט זײַנ גרויס;
אונ עפּשער וועט מיר גאָט העלפנ,
אונ מיט א זשערעב וועסטו ארויס?

איך האָב געמיינט, אפ דײַנע רייד
וועל איך קענענ שטעלנ מויערנ,
אָבער דו האָסט מיר מײַנ קאָפּ פאַרדרייט,
אז שטענדיק זאָל איך גיינ אונ טרויערנ.

57

וויפל טרערנ איז פונ מײַנע אויגנ אָפּגערונענ,
איידער איך בינ צו דיר געקומענ;
אונ הײַנט איז דער קייסער געקומענ
אונ האָט דיך פונ מיר צוגענומענ.

וואָלט איך געוווסט, מיט וועלכער באַנ דו ביסט געפאָרנ,
וואָלט איך מיך אויכעט אופגעזעצט,
איך וואָלט מיט דיר מיטגעפאָרנ,
מיט הייסע טרערנ וואָלט איך דיך באַנעצט.

ווענ איך זאָל האָבנ דעמ פאָטאָגראַפ פונ דיר,
וואָלט איך געווענ די גליקלעכסטע אפ דער וועלט!
„כ׳וועל אויסדינענ דרײַ יאָר מיט אכט כאדאָשימ
אונ וועל דיך נעמענ אָנ א גראָשנ געלט”.

58

זומערדיקער אָוונט,
די נאכט איז געוועזנ גאנצ שיינ,
די ליבע — זי טוט זיך דערווײַטערנ,
די זונ — זי פאנגט אָנ אופצוגיינ.

דאָרטן אף א גאנעק
זיצן צוויי מענטשן פארטראכט,
פון די אייגעלעך גיסן זיך טרערן
די צײַט, וואָס זיי האָבן פארבראכט.

— מײַן טײַערער זיס־לעבן,
פיר מיך שוין אָפּעט אהיים.
וויפל איך האָב מיט דיר צעטײַנעט,
קיין טאָלק קען איך אָלץ ניט דערגיין.

— וואָס פאר א טאָלק ווילסטו וויסן,
אז איך דארף נאָך צום פריזיוו שטיין ?
קיין קנאסמאָל קען איך מיט דיר ניט מאכן,
און ווײַטער פארשטיי שוין אליין.

— שטעל מיר צו אן איידעס,
אז דו האָסט מיך עמעס ליב.
קיין זאך קען אונדז ניט שיידן,
מער ניט די פינצטערע גרוב.

אז מיר וועלן לעבן גליקלעך,
אזוי ווי די פישעלעך אין וואסער,
אז מיר וועלן לעבן רײַך,
אזוי ווי די זון באם ברעג טײַך.

59

— לאָמירביידע א ליבע שפּילן,
מיר זײַנען ביידע פון גאָט א פּאָר.
געלט אין פּאָלק ארײַן וועל איך דיר שיקן;
און ווארטן וועל איך אף דיר צוויי—דרײַ יאָר.

צוויי—דרײַ יאָר וועל איך אף דיר ווארטן,
און אפילע פיר איז דאָך אויך קעדײַ.
נאָר זאָג מיר צו, אז דו וועסט מיך נעמען,
אוי, מוטשען וועל איך זיך באם שנײַדערײַ.

באמ שנײַדערײַ װעל איכ זיכ מוטשענ,
אוי, װי גרויס װעט זײַנ בא מיר די נויט.
נאָר אויב דו װעסט מיר אומגעטרײַ זײַנ,
אוי, בעטנ װעל איכ אפּ זיכ דעמ טויט.

— װײנ ניט, דושעניו, װײנ ניט, ליובעניו,
נעמ א דראָשקעלע אונ פֿאָר אהײמ.
װי איכ װעל זיכ נאָר באפֿרײַענ,
אוי, קומענ װעל איכ גלײַכ צו דיר צו גײנ.

60

אפּ די בערג די הויכע
טוט גראָז װאקסנ,
דאָרט אקערט א שײנ מײדל
מיט אנ אָקס א שװארצנ.

זי האָט געאקערט,
ניט געקאָנט צוזינגענ.
זי האָט געדונגענ א שײנעמ באָכער,
ער זאָל איר צוזינגענ.

ער האָט געזונגענ,
מיט די אויגנ געװוּנקענ,
א גוטער יאָר װײסט זײַנ טאטנ,
װאָס ער האָט געװוּנקענ.

צי אפּ מײַנע בעהײמעס,
צי אפּ מײַנע אָקסנ,
צי אפּ מײַנעמ פּאָנעמ
מיט די שװארצע ברעמענ.

— שװארצע ברעמענ האָסטו,
איכ װעל דיכ ניט נעמענ!
— דאָ איז ניט װײַט א טײַכעלע,
װעל איכ זיכ גײנ דערטרינקענ.

— טרינק זיך ניט, מײַן לעבן,
איך בין דאָך שוין מאַט,
איך קאָן פאַר דיר קיין כאַסענע ניט האָבן,
איך דאַרף זײַן אַ סאָלדאַט.

61

קיין עסן און קיין טרינקען, מאַמע, נעמט מיך ניט.
איך גיי אַרום שטענדיק, שטענדיק וויינענדיק,
איך פרעג נאָר בײַ דיר, טײַערער גאָט, —
פאַרוואָס זאָל זײַן מײַן כאָסן אַ סאָלדאַט?

איך וועל זיך צושטעלן אַ לייטערל,
אַרופקריכן וועל איך צו גאָט,
איך וועל בײַ אים פרעגן איינע צוויי־דרײַ ווערטער:
פאַרוואָס זאָל זײַן מײַן כאָסן אַ סאָלדאַט?

עס וואָלט זיך אויפכאַפּן אַ שטורעם־ווינט
און אַוועקטראָגן וואָלט עס מיך צו דיר,
אַז איך זאָל נאָר זען דײַן שיינעם קאָפּ האָר
און טאַקע זיך צעקושן נאָר מיט דיר.

אוי, דו, מײַן טײַערער גאָט,
וויאַזוי וועל איך דאָס קאָנען צוזען?
דער קייסער וועט צונעמען מײַן טײַערן בריליאַנט,
און איך וועל דאַרפן פונדערווײַטן שטיין.

62

אונטער אַ קליין ביימעלע
זיצן יינגלעך צוויי,
זיי ריידן פון אַ מיידעלע,
קיין זאַך קימערט זיי.

דערציילט איינער די ניסימלעך,
וואָס ער האָט געהאַט,
כאַפּט דער אַנדערער אַרויס,
דערציילט עס אַקוראַט.
אונטער אַ קליין ביימעלע אַאַוו.

ער פֿלעגט, זאָגט ער, גאנצע טעג,
אומגיין אומגעגעסן;
דאָרטן, ווּ זי האָט געווּינט,
שאָען אָפּגעזעסן.
אונטער א קלײנ ביימעלע אאוו.

שטורעם, ווינט, רעגן, שניי,
קיינ זאך ניט געשראָקן,
און די מאמע אינ דער היים
געווארט האָט מיט א פלאָקן.
אונטער א קלײנ ביימעלע אאוו.

און דער טאטע צודערצו,
מיט דעם פּאס דעם גרויסן,
אויסגעקלאפּט די ביינדעלעך,
ארויסגעיאָגט אינ דרויסן.
אונטער א קלײנ ביימעלע אאוו.

63

די פֿײַערדיקע ליבע,
זי טוט אינ אונדז ברענען;
ליב האָב איך דיך, דושינקע, —
מיר קענען זיך ניט נעמען!

שולדיק איז דײַנ מוטער,
שולדיק איז דײַנ מוטער,
העלף זשע מיר, גאָט אינ הימל,
ווי מיר איז ביטער!

ביטער איז מיר,
פינצטער איז מײַנ וועלט;
איך וועל דיך נעמען, ווי דו שטייסט און גייסט,
אָן א קאָפּקע געלט.

ניטאָ וואָס צו ריידן,
ניטאָ זיך וואָס שעמען;
איך וועל זיך עלטערן, באָכערל,
קיינ אנדערנ וועל איך ניט נעמען!

פון זײַנע אויגן
טוען טרערן גיסן:
איך װעל דיך מעקאדעש זײַן אין א װינקעלע,
און קײנער װעט ניט װיסן!

פון זײַנע אויגן
טוען טרערן רינען:
איך בין אויסגעפאָרן די גאנצע װעלט,
קײן אנדערע ניט געפונען!

װי קען איך דאָס טאָן
אָן מײַנע עלטערנס װילן?
אז מיר װעלן בײדע צו דער חופּה גײן,
און קײן קלעזמאָרים װעלן ניט שפּילן!

איך װעל זײ באגראָבן,
איך װעל זײ באגראָבן!..
און לאָמיר אָפּפאָרן אין א קלײן שטעטעלע,
און מיר װעלן בײדע חופּה האָבן!

זײַ זשע ניט קײן גוטער,
קײן אײצעס מיר ניט גיב,
און טו מיר די טױװע
און גײ ארויס פון שטוב!

אין א פרעמדער שטאָט,
צװישן פרעמדע מענטשן, —
און אז מיר װעלן בײדע אונטער דער חופּה שטײן,
װער װעט אונדז בענטשן?

מיר דארפן ניט קײנעם,
מיר זײַנען אלײן מענטשן;
אז מיר װעלן בײדע אונטער דער חופּה שטײן,
גאָט װעט אונדז בענטשן!

גײ ארויס פון מײַן שטוב
און דו זאָלסט זיך ניט פארזאמען,
און איך װעל זיך דאָ שטעלן שטאָלץ
און איבערײדן מײַן מאמען.

מאמוניו, ליובוניו,
איך וועל דיר עפּעס זאָגן,
און די צאָרעס פון מײַן געליבטן
קען איך ניט פאַרטראָגן!

ווו איז דער שאַרלאַטאַן,
מײַן טאָכטער וועט פאַר אים ניט בלײַבן!
און אַז ער וועט קומען דעם צווייטן מאָל,
פון שטוב וועל איך אים אַרויסטרײַבן!

מאמוניו, ליובוניו,
איך וועל דיר עפּעס זאָגן,
און די צאָרעס פון מײַן געליבטן
קען איך ניט פאַרטראָגן!

צוועלף אזייגער באַדערנאַכט,
ווען טיר־און־לאָדן צוגעמאַכט,
אינמיטנדערינען הערט מען אַ קלאַפּ, —
אַ דאַנק צו גאָט, וואָס איך האָב אַפּ אים דערהאַרט!

גוטן־אָוונט, מײַן ליבע!
וואָס איז פאַרווײנט דײַנע אויגן?
כאָטש דײַנע עלטערן האָבן מיך פײַנט,
צו דיר בין איך געפלויגן!

איך בין צו דיר געפלויגן,
ווי אַ פײַל פון אַ בויגן.
ניט מער, ווי דער טויט אַליין
וועט אונדז צעשיידן!

וואָס האָט דײַן מאַמע געזאָגט? — מײַן מאַמע האָט געזאָגט:
„וואָס טוט ער דאָ? מײַן טאָכטער וועט פאַר אים ניט בלײַבן!
און אַז ער וועט קומען דאָס צווייטע מאָל,
פון שטוב וועל איך אים אַרויסטרײַבן!"

האָט ער אײַנגעבויגן זײַן קאָפּ
און געטאָן אַלעס אויסהערן,
און פון זײַנע צוויי שוואַרצע אויגן
גיסן טײַכן טרערן.



519—7

קלײַב צונויף דײַנע זאכן
און לײג ארײַן אין קאָרבן,
און גאנווע זיך ארויס פון פענצטערל,
און מיר וועלן בײדע כאסענע האָבן!

★

## 2. צעשײדונג

1

א

לאָמיר אוועקלײגן אלעס,
לאָמיר אָנהײבן מיטן אלעף.
דאָס מײדעלע, דאָס מײדעלע, וועלכע
שפּילט א ליבע,
שארפט אפּ זיך א כאלעף.

ב

לאָמיר אוועקלײגן מיטן אלעף,
לאָמיר אָנהײבן מיטן בײז.
דאָס מײדעלע, דאָס מײדעלע, וועלכע
שפּילט א ליבע,
לאָזט זיך אויס אלדאָס בײז.

ג

לאָמיר אוועקלײגן מיטן בײז,
לאָמיר אָנהײבן מיטן גימל.
דאָס מײדעלע, דאָס מײדעלע, וועלכע
שפּילט א ליבע,
מײנט, אז זי איז אפּן הימל.

ד

לאָמיר אוועקלײגן מיטן גימל,
לאָמיר אָנהײבן מיטן דאלעד.
דאָס מײדעלע, דאָס מײדעלע, וועלכע
שפּילט א ליבע,
לאָזט זיך איר אויס א בײזער דאלעס.

ה

לאָמיר אוועקלייגן מיטן דאלעד,
לאָמיר אָנהייבן מיטן היי.
דאָס מיידעלע, דאָס מיידעלע, וועלכע
שפּילט א ליבע,
איז איר אָב און ווײ.

ו

לאָמיר אוועקלייגן מיטן היי,
לאָמיר אָנהייבן מיטן וואָוו.
דאָס מיידעלע, דאָס מיידעלע, וועלכע
שפּילט א ליבע,
לאָזט זיך איר אויס א בייזער סאָפּ.

ז

לאָמיר אוועקלייגן מיטן וואָוו,
לאָמיר אָנהייבן מיטן זײַען.
דאָס מיידעלע, דאָס מיידעלע, וועלכע
שפּילט א ליבע,
מוז זי נאכער מיט בלוט שפּײַען.

ח

לאָמיר אוועקלייגן מיטן זײַען,
לאָמיר אָנהייבן מיטן כעס.
דאָס מיידעלע, דאָס מיידעלע, וועלכע
שפּילט א ליבע,
איז גלײַך ווי א פּארטיקער מעס.

2

הער, כאסי!
מע טאָר ניט גיין,
מע דארף ניט גיין,
מע טאָר ניט גיין מיט קיינעם.
אז דו וועסט גיין
שפּעט באנאכט,
וועסטו שפּעטער וויינען.

3

גייט ארויס א נײַע מאָדע —
שווארצע זײַדענע טיכער אפּנ האלדז;
א פרײַלנ טאָר מענ ניט גלייבנ,
וואָרעמ זיי זײַנענ אלע פאלש.

גייט ארויס א נײַע מאָדע —
קליידער מיט שנירנ געדרייט;
א פרײַלנ טאָר מענ ניט גלייבנ,
סײַדנ א שאָ פארנ טויט.

4

דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט,
אז דו וועסט מיך נעמענ;
צומ סאָפ ביסטו אוועקגעפאָרנ
אונ ווילסט מיך גאָר ניט קענענ.

פאָר זשע, פאָר, צומ שווארצנ יאָר,
זאָלסטו זיך באדענקענ!
אז דו וועסט קומענ צו א וואסער,
זאָלסטו זיך דערטרינקענ!

אז דו וועסט קומענ צו א בראָווער,
וועסטו שמעקנ ביר,
וועסטו ווּיסנ די ביטערקײַט,
וואָס איז דאָ אינ מיר.

אז דער ביר איז יונג,
הייבט ער אָנ צו שפּילנ;
אז א מיידל נעמט א באָכער,
בײַטנ זיך אירע געפילנ.

אז דער ביר איז אלט,
הייבט ער אָנ צו זויערנ;
אז א מיידל נעמט אנ אלטנ מאנ,
טוט מענ איר באדויערנ.

זאָל איך נעמען אַן אַלטן מאַן,
קוקט ער ניט אויף מיר;
זאָל איך נעמען אַ יונגן מאַן,
קוקט ער ניט אויף מיר.

זאָל איך נעמען גאָרניט,
זאָגן לײַט: מ'טאָר ניט;
זאָל איך נעמען אַ שלימעזאַלניק,
איז שוין גלײַכער גאָרניט!

5

צי פעלט מיר עסן,
צי פעלט מיר טרינקען,
צי פעלט מיר מײַן שײנער, רײנער גאַנג?
אוי, ס'פעלט מיר ניט קײן עסן,
און ס'פעלט מיר ניט קײן טרינקען,
עס פעלט מיר נאָר װעמען איך פאַרלאַנג.

דערום בין איך מעקאַנע יעדן באַזונדער,
װער עס װײסט פון קײן ליבע ניט,
אַ ליבע קוילעט אויף אַ װעלט מיט יונגע קינדער,
אוי, גװאַלד, אַ ליבע איז ניט גוט!

6

פישעלעך אין װאַסער מערן זיך,
פאַלשע צינגער שװערן זיך.
פאַלשע צינגער — בײזע לײַט,
זײ האָבן אונדז געבראַכט צו טרויעריקײַט.

פישעלעך אין װאַסער, זײ לעבן זיך גאָר פײַן,
און איך בין אַ מײדעלע מיט אײגענע געדאַנקען.
איך האָב אָנגעהויבן אַ ליבע שפּילן
און קאָן זי ניט דערלאַנגען.

7

שפּילט, שפּילט, קלעזמער,
אפן פרייַען פעלד.
איך האָב אָנגעהויבן א ליבע שפּילן
און האָב פאַרשפּילט מייַן וועלט.

איך האָב אָנגעהויבן א ליבע שפּילן
און האָב זיך ניט באַטראַכט.
איך האָב געמיינט, אַז ס׳איז טאָג,
צום סאָף איז גאָר נאַכט.

איך האָב אויסגעבויט א מויער
פון צען גאָרן די הייך,
איך האָב אָנגעהויבן א ליבע שפּילן
און האָב שוין ניט קיין קויעך.

ס׳איז דאָ א סאַך ברילליאַנטן,
וואָס זייַנען זייער שיין,
איר נעמט זיי אין די הענט אַרייַן,
זייַנען זיי געמיין.

נאָר איין ברילליאַנט איז מישע,
איך קען צו אים ניט קומען,
וווּ איך גיי און וווּ איך שטיי,
ליגט ער מיר אין זינען.

שפּילט, שפּילט, קלעזמער,
אפן פרייַען פעלד.
אָרעם איז ניט קיין שאַנדע,
איך האָב פאַרשפּילט מייַן וועלט.

8

מייַן פּאָנעם איז בלאַס, איז פאַרענדערט,
און קיינער ווייסט ניט, וואָס מיר איז;
אַלע זייַנען אין מיר פאַרבלענדערט,
נאָר איך אַליין ווייס עס ניט!

איך וואָלט דיר אַלץ אוועקגעגעבן,
נאָר די וועלט איז פאר מיר צו קליין;
איך וואָלט סטראַדאַיען מײַן גאַנצן לעבן, —
נאָר בעסער — ניין, נאָר בעסער — ניין!

מיט יעדער מינוט שטאַרבט אָפּ אַן אייוועך,
די האַרץ ווערט שוואַך, איך בלײַב אַליין;
איך וואָלט דיר אַלץ אוועקגעגעבן, —
נאָר בעסער — ניין, נאָר בעסער — ניין!

פֿון מײַנע אויגן טוען טרערן פֿליסן,
כ'קען ניט אײַנהאַלטן מײַן געוויין;
ווען דו, מײַן ליבער, וואָלסט עס וויסן, —
נאָר בעסער — ניין, נאָר בעסער — ניין!

9

אַז איך בין אַלט געווען דרײַצן יאָר,
האָב איך פֿון קיין ליבע ניט געוווּסט,
אַז איך בין אַלט געוואָרן פֿופֿצן יאָר,
האָט צו מיר אַ באָכער געקראָגן לוסט.

ליב האָט ער מיך, ווי זײַן לעבן,
און איין פּרעזענט האָט ער מיר אויך געגעבן;
און אַז איך וועל אים ליבן, ווי די וועלט,
וועט ער מיך נעמען אָן אַ קאָפּקע געלט.

אָך, מײַן גאָט, הער צו מײַן געבעט,
וואָס איך טו בעטן בא דיר:
איך ווינטש מיר צו שלאָפֿן אַף מײַן הויכער בעט,
נאָר צוזאַמען מיט דיר!

אַז איך לייג זיך מיר שלאָפֿן, שטעל איך זיך פֿאָר
אַקוראַט ווי איך וואָלט דיך האָבן לעבן מיר;
איך זע דיך אינגאַנצן, מיט דײַנע שיינע האָר,
אָך, ווי ביטער איז מיר!

שאט, קינדער, גייט ניט אָפּ,
צעשלאָגט מיר ניט דעם שלאָף דעם זיסן!
לאָזט מיך דאָ זען דעם טײַערן פּערזאָן,
וואָס איך וועל דאָ אין כאָלעם געניסן.

10

— שיינ ביסטו, ראָכל־לעבן,
שיין זאָלסטו דיך צירן;
טו דיר אָן דײַן אויבערמאנטעלע,
וועלן מיר גיין שפּאצירן.

שפּאצירן, ראָכעלע, וועלן מיר גיין
צווישן די געדיכטעביימער,
שפּאצירן וועלן מיר ביידע גיין
דאָרט, וווּ עס גייט נישט קיינער.

שפּאצירן וועלן מיר ביידע גיין
צווישן די געדיכטע בלעטער;
טאָמער טרעפט דיך דײַנס א כאווערטע,
זאָג — דו גייסט צו דײַן פעטער.

שפּאצירן, ראָכעלע, וועלן מיר גיין
צווישן פרישע בלומען;
טאָמער טרעפט דיך דײַנס א כאווערטע,
זאָג — דו גייסט צו דײַן מומען.

שפּאצירן וועלן מיר ביידע גיין
נעבן אײַזערנע גראטן;
האָב ניט מוירע, מײַן דושקע־לעבן,
ס׳וועט דיר גאָרנישט שאטן!

שפּאצירן, ראָכעלע, וועלן מיר גיין
אין דעם ווילדן וואלד.
ווי ראָכעלע האָט דאָס דערהערט,
איז איר געוואָרן הייס און קאלט.

— אוי, ראָכל־לעבן, קרוינע־לעבן!
עפּשער וועסטו טרינקען א גלעזל ווײַן?

מײַן האנט גיב איך דיר פאר אלע מענטשן,
אז מײַן ווײַב וועסטו זײַן.

— אוי, הערשל־לעבן, קרוינע־לעבן,
דער זייגער שלאָגט שוין צען!
— האָב נישט מוירע, מײַן טײַער לעבן,
וועסט אליין אהיים נישט גיין.

ווי ראָכעלע איז אהיים געקומען,
האָט זי זיך געזעצט באם פענצטער;
וויפל ייִנגעלעך ס'גייען פארבײַ,
מײַן באָכער איז דער שענסטער!

אלע וואסערלעך לויפן אוועק,
די טײַכן בלײַבן ליידיק;
וועלכע מיידעלע עס פירט א ליבע,
פירט זיך איבער אפ אייביק.

11

געבוירן בין איך אין אלדאָסגוטס,
רײַך בין איך אויכעט גענוג;
וואָס קומט דאָס מיר אלץ צוניץ,
אז איך קען נישט באקומען מײַן גליק?

מעקאנע בין איך דעם אָרעמאן,
וואָס פארדינט זיך קוים אפ זײַן ברויט;
דערפאר לעבט ער, ווי ער קאָן,
די ליבע מאכט אים ניט קיין נויט.

מײַן לעבן איז, ווי קויל, שווארץ,
איך ווייס נישט זעלבסט פארוואָס;
א שטיין טראָג איך אפ מײַן הארץ,
מײַן פּאָנעם איז גרין ווי גראָז.

— זונעלע־לעבן, געטרײַער,
וואָס האָסטו אין דעם מענטשן דערזען?
קענסט קריגן א קאלע א רײַכע,
און נישט מיט א קאפּצנטע גיין.

— מאמעניו־לעבנ, טרײַע,
מאכ מיר שוינ מײַנ קאָפּ נישט דול,
לעש שוינ אָפּ דאָס העלישע פײַער
אונ גיב מיר שוינ, וועמענ איכ וויל!

12

ליבנ ליב איכ נאָר אײנעמ,
אונ טאקע דיכ אלײנ,
זאָג זשע מיר, דו שײנער,
צי ליבסטו מיכ צי נײנ?

ווו איכ גײ אונ ווו איכ שטײ,
שטעלסטו זיכ מיר פאָר;
אָט שטײסטו, אָט גײסטו,
אָט זע איכ דיכ קלאָר.

ווו איכ שטײ אונ ווו איכ גײ,
שטעלסטו זיכ מיר פאָר פאר מײַנע אויגנ;
אינ אלע בלאָטעס, אינ אלע רעגנס
בינ איכ צו דיר, דושעניו, געפלויגנ.

שפאצירנ זײַנענ מיר געגאנגענ
ארומ א סטײַגעלע הײ,
יעצט מוזנ מיר זיכ בײדע צעשײדנ,
ווי טײַבעלעכ צוויי.

איכ זעצ זיכ מיר עסנ,
דאָס עסנ גײט מיר ניט אײַנ;
די טעלער זײַנענ צעבראָכנ,
פונ אונדזער ליבע וועט גאָרניט ניט זײַנ.

איכ לײג זיכ מיר שלאָפנ,
דער שלאָפ גײט מיר ניט אײַנ;
ווי קענ איכ אָנ דיר פארגעסנ,
אז דו פארשטעלסט מיר די ליכטיקע שײַנ.

איך זעץ זיך מיר טרינקען,
די טרערן, זיי גיסן זיך אין גלאָז;
אך, אונדזער ליבע צו געדענקען
איז ווערט א שפּײַ, א בלאָז.

13

— אין דרויסן, מאמע, גייט א רעגן,
בא מיר אין שטוב איז זיך טרוקן;
ווו זשע נעם איך מײַן געליבטן,
אז איך זאָל מיך מיט זײַנע רייד דערקוויקן.

אוי ווײ, אוי ווײ, מאמע מײַנע,
עס איז שוין פארפאלן, אוי, אלצדינג,
אוי ווײ, מאמע, מאמע מײַנע,
צוגעבונדן בין איך מיט א שטריק.

מיט א שטריק, מאמע, בין איך געבונדן,
ראנגלען קען איך מיך שוין ניט,
אוי ווײ, מאמע, עס איז שוין פארפאלן,
צוריק כאפּן קען איך שוין ניט.

14

די לעוואָנע שײַנט, זי שײַנט, זי שײַנט,
זי שײַנט ארום אירע שטערן,
און די זון, זי לעשט דאָס ליכט,
ביכדיי די וועלט זאָל פינצטער ווערן.

מיר איז פינצטער, מאמע מײַנע,
איך האָב זיך אים עמעס ליב,
שווערן שווער איך דיר, מאמע מײַנע,
אז געדענקען וועל איך אים ביז אין גרוב.

מײַן וועלט, מאמע, איז מיר שוין נימאס,
איך קען אָן אים ניט פארגעסן,
דו זעסט דאָך, מאמע, אוי, אליין,
אז איך קען ניט טרינקען און עסן.

מײַן קאָפּ, מאמע, איז מיר דערשלאָגן;
איך װעל זיך אראָפּ פון מײַנע געדאנקען,
א גרויסן װײטעק האָב איך, מאמע,
װאָס איך קען אים נישט דערלאנגען.

א גרויסן װײטעק האָב איך, מאמע,
װאָס איך קען אים פאר קײנעם ניט דערצײלן,
װו זשע נעם איך א דאָקטער,
אז ער זאָל מיר מײַנע װונדן אויסהײלן.

15

— מײַנע שאבאָסים און מײַנע יאָנטויװים
פארגײען אין יאָמער און געװײן;
אז איך דערמאָן זיך אין מײַן טײַער זיס־לעבן,
טוען מיר מײַנע קויכעס אויסגײן.

מײַנע קויכעס גײען מיר אויס,
איך קען זײ שוין מער ניט דערפילן;
דעם צענטן מײדעלע װעל איך פארזאָגן,
זי זאָל שוין קײן ליבע ניט שפּילן.

און אז א מײדעלע שפּילט א ליבע,
װערט זי דאָך אָן אירע פארבן;
און אז זי שפּילט די ליבע ניט אויס,
קען זי דאָך יונגערהײט שטארבן.

— שטארב ניט, דושעניו, שטארב ניט, ליובעניו,
צו אונדזער ליבע נעמט זיך שוין אן עק;
זײַ מיר געזונט, מײַן טײַער זיס־לעבן,
איך פאָר דאָך שוין פון דיר אװעק.

— און אז דו פאָרסט פון מיר אװעק,
אלײן װעל איך דאָ איבערבלײַבן;
און אז דו װעסט ניט װעלן א בריװעלע שיקן —
א גרוס זאָלסטו כאָטש מיר שרײַבן.

און אז א מיידעלע שפּילט אזא ליבע,
מעג זי זײַן אָרעם צי רײַך;
פון דער שענסטער און פײַנסטער ליבע
לאָזט זיך דאָך אויס א טײַך.

16

— די יאָרעלעך ציִען, די יאָרעלעך פליִען,
די צײַט גייט אוועק, ווי רויך,
אז איך דערמאָן זיך אָן דיר, מײַן זיס-לעבן,
גייט מיר אויס מײַן קויעך.

אוי, די קויכעלעך גייען מיר אויס,
איך קען זיי אין זיך ניט דערפילן,
א צענטן מיידעלע וועל איך פארזאָגן,
אז זי זאָל קיין ליבע ניט שפּילן.

אז א מיידעלע שפּילט א ליבע,
שפּילן אין איר אַלע פארבן,
און אז זי שפּילט ניט אויס די ליבע,
מוז זי א יונגע שטארבן.

— שטארב ניט, שטארב ניט, דושע, מײַן לעבן,
עס וועט פון דיר נעמען אן עק.
אדיע, דושע, מײַן לעבן,
איך פאָר שוין פון דיר אוועק.

אפ וויפל כאסענעס איך בין געוועזן
האָב איך געזען אָרעם און רײַך,
עס מעג זײַן די שענסטע, די בעסטע ליבע,
לאָזט זי זיך אויס א טײַך.

אויך טײַכעלעך טריקענען אויס,
די גריבעלעך בלײַבן ליידיק;
און אז עס טרעפט זיך אפ א מיידל אן אומגליק,
בלײַבט דער שעם אפ אייביק.

און אז די טעפּעלעך טריקענען אויס,
בלײַבן די גריבעלעך ליידיק;
און אז א מיידל שפּילט איר ליבע ניט אויס,
ווערט זי פאַרפאַלן אף אייביק.

17

וועלכעס מיידעלע ס'וויל טאַטע־מאַמע שיין זײַן,
איז עס דאָך בא אַלע מענטשן טײַער;
וועלכעס מיידעלע, אוי וויי, ס'וויל א ליבע פירן,
פאַרברענען זאָל מען זי אפן פײַער.

ער האָט געזאָגט, ער קען אָן מיר נישט לעבן,
אזוי ווי א פישעלע אָן וואַסער.
מײַנע גליקן, אוי וויי, האָבן זיך אויסגעלאָזט,
אזוי ווי בוימל אף וואַסער.

18

ווי א שיינע רויז האָב איך געבליט,
שיינע בלעטעלעך איז ארום מיר געווען;
ווער סע האָט זיי ארויסגעריסן,
זאָל א קלאָג צו דעם געשען!

איך בין מיט אים ארומגעגאַנגען,
און מײַן מאַמע האָט פון דעם נישט געוווּסט;
אַלע כאַווערטעס פלעגן מיר זאָגן,
אז אונדזער ליבע וועט זײַן אומזיסט.

19

בין איך מיר געגאַנגען פישעלעך קויפן,
האָב איך מיך געקויפט א העכט;
און ווער עס איז שולדיק אין אונדזער ליבע,
דער זאָל אויסגיין ווי א לעכט!

אָן קיין שטיינער, אָן קיין ציגל
קען מען קיין הויז ניט מויערן;
ס'איז נישט פאַראַן קיין מענטש אף דער וועלט,
ווער עס זאָל מיך נישט באַדויערן.

20

דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט,
וועסט מיך נעמען אין א זומער־טאָג;
דער זומער־טאָג איז שוין געקומען,
און דו האָסט מיך נאָך נים גענומען.

אוי, א באָכער וויל מיך נישט;
און א באַלעבעסל דארף איך נישט;
אוי, א שנײַדער וויל איך נישט,
און א שוסטער דארף איך נישט.

21

א ליבע פאנגט זיך אָן פון א שמייכל,
פון א שמייכל ביז צו א קוש;
ס'נעמט אוועק באם קליגסטן מענטשן דעם סייכל,
דעם קליגסטן מיידל מאכט עס צום נישט.

מירביידע האָבן די ליבע געשלאָסן,
קיין שום מענטש האָט פון דעם נישט געוווּסט;
הײַנט רעדט מען פון אונדז אין אלע גאסן...
דורך דײַן מוטער ווערט עס צו נישט.

22

זי זיצט זיך אין פענצטער
און קעמט זיך די הערלעך;
פאר וועמען זי איז צעלאָזן, —
פאר מיר איז זי ערלעך.

אוי וויי, א יאָמער,
אוי וויי, א קלאָג!
ניטאָ די שיינע ראָכעלע
ביז הײַנטיקן טאָג!

לײַט, מיט די צינגער
טוען זיי ריידן, —

און איך מיט מײַן ראָכעלען
װעלן זיך קײנמאָל ניט שײדן.

אוי װײ, א יאָמער,
אוי װײ, א קלאָג!
ניטאָ די שײנע ראָכעלע
ביז הײַנטיקן טאָג!

23

גראָ און אלט בין איך געװאָרן
גאָר אָן א צײַט, —
איך האָב געמײנט, אז איך װעל כאסענע האָבן,
װעל איך זײַן, װי אלע לײַט.

װען א מענטש קומט מיר זאָגן,
אז מײַן געליבטער איז דאָ,
דאן װאָלט איך יענעם צוגעװונטשן,
אין א מאזלדיקער שאָ.

װען א מענטש קומט מיר זאָגן,
אז מײַן געליבטער גײט,
דאן װאָלט איך אין אלע גאסן
מיט ראָזע בלומען אויסגעשפּרײט.

24

װוּ ביסטו געװען,
אז געלט איז געװען
און דער נאדן איז געלעגן אפן טיש?
הײַנט ביסטו דאָ,
אז קײן געלט איז נישטאָ
און דאָס לעבן איז געװאָרן אזוי מיִעס.

װוּ ביסטו געװען,
אז יוגנט איז געװען
און דאָס לעבן איז געװעזן צוקער־זיס?
הײַנט ביסטו דאָ,

אז די האָר זײַנען גראָ
און דאָס לעבן איז געוואָרן אַזוי מיִעס.

ווו ביסטו געווען,
אַז יוגנט איז געווען,
דאָס הארץ האָט מיט ליבע געברענט?
הײַנט ביסטו דאָ,
אַז דער קאָפּ איז שוין גראָ
און עס ציטערן בא מיר שוין די הענט.

25

— שפּאַצירן, זיס-לעבן, זײַנען מיר ביידע געגאַנגען,
אין דרויסן איז געווען פינצטער און קאַלט;
אוי, וויפל קושן דו האָסט מיר געגעבן,
מיט טרערן האָט זיך באַגאָסן מײַן געשטאַלט.

טאָ קום אַהער, מײַן טײַער זיס-לעבן,
און זאָג, ווער ס'האָט דיך אָפּגערעדט פון מיר.
— אוי, זאָגן וועל איך דיר דעם רעכטן עמעס,
אַז דײַן כאַוועררטע, וואָס זי גייט אַרום מיט דיר.

— אַף מאַלע באַזאַרנע ווינט דאָך אַ וואָראָזשקע,
זי האָט געוואָראָזשעט און געטראָפן אַף געוויס;
זי האָט געזאָגט: „קיין יינגעלע איז ניט צו גלייבן,
אַפילע ער זאָל פאַלן צו די פיס!"

26

מאַמעניו, ליובעניו, קרוינעניו, הארצעלע,
שווײַג שוין אַ ווײַלינקע שטיל!
לעש אין מיר מײַן העליש פײַער
און גיב מיר שוין, וועמען איך וויל!

איך האָב זיך אײַנגעליבט אין אַ שיין יינגעלע,
שיין, ווי אַ רענדל גאָלד.
אים, מאַמעניו, האָב איך געליבט,
און אים האָב איך טאַקע געוואָלט.



519—8

שפּאַצירן, דושע־לעבן, זײַנען מיר געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם בולוואַר;
אַלע מײדעלעך שפּילן ליבעס,
און איך בין געבליבן צום נאַר.

שפּאַצירן, דושע־לעבן, זײַנען מיר געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם גראָז;
וואָס פאַר אַן אומגליק האָסטו אױף מיר געוואָרפן,
גוואַלד, איך װײס נישט פאַר װאָס!

אַ כאָלעם, טאַטעניו, אַ כאָלעם, מאַמעניו,
אַ כאָלעם האָט זיך מיר געדאַכט!
זײַנע שײנע בעקעלעך מיט די שוואַרצינקע אײגעלעך
האָבן מיך קראַנק געמאַכט!

די בײמעלעך בליִען, די יאָרעלעך פליִען,
די צײַט גײט אַװעק מיטן רויך;
אוי, זינט איך האָב זײַן ליבע דערקענט,
פון װײנען האָב איך שוין קײן קויעך.

מײַנע צאָרעס האָבן מיך אַרומגערינגלט,
אַזוי װי אַ באַנדאַזש אַ פאַס;
הײַנטיקע יינגעלעך איז אַזוי פיל צו גלייבן,
אַזוי װי אַ הונט אױפן גאַס!

27

אין דרױסן איז אַ טריבער טאָג,
אין שטיבעלע איז אַ פאַרע;
כ'האָב אָפּגעלעבט מײַנע יונגע יאָרן,
װי אין אַ פינצטערער כמאַרע.

װי אַ פינצטערע כמאַרע
איז דער טאָג פון מײַן געבאָרן;
איך האָב געהאַט אַ טײַערן דימענט
און האָב אים אָנגעוואָרן.

איך האָב אים אָנגעוואָרן
און קען אים נישט געפינען;

שטײַנ שטײט ער פאר מײַנע אויגנ,
נאָר איכ׳ קענ צו אימ נישט קומענ.

איכ קענ צו אימ נישט קומענ,
כ׳קענ מיט אימ נישט ריידנ;
אוי, פונ אונדזער הייסער ליבע
מוזנ מיר זיכ צעשיידנ!

מיר מוזנ זיכ צעשיידנ,
ווי דער גופ פונ דער נעשאָמע;
אוי, קיינ גוטס זאָל דער נישט האָבנ,
ווער עס דערלעבט אָנ אונדז נעקאָמע!

זײַנע אויגנ אונ זײַנע האָר
זײַנענ אפ פאָרטרעטנ צו מאָלנ;
אוי, ווו נעמט מענ אזא מילײאָנער,
חאָס זאָל האָבנ פאר זיי צו באצאָלנ!

איכ האָב מיט אימ געפירט א ליבע,
אונ ער האָט מיכ אָפּגענארט.
אלע מיידעלעכ, וואָס פירנ ליבעס,
זיי ווערנ דאָכ אײַנגעדארט.

ראָזשינקעס מיט מאנדלענ האָט ער מיר געגעבנ,
צי האָב איכ עס געוואָלט?
אונ ווענ איכ וואָלט ויסנ, אז ער איז מיר פאלש,
וואָלט איכ אימ באלד אויכ נישט געוואָלט.

מײַנע צאָרעס האָבנ מיכ ארומגערינגלט,
אזוי ווי א באָנדער א פאס.
הײַנטיקע יינגעלעכ איז אזוי פיל צו גלייבנ,
אזוי ווי דעמ הונט אפ דער גאס.

28

מײַנ מאמע האָט געזאָגט נייענ, אונ עס וואָלט באדארפט זײַנ נייענ,
אז איכ זאָל מיט דעמ זשוליק ניט גיינ, —
איכ בינ מיט אימ געגאנגענ אונ האָב זיכ ניט באטראכט,
א טיל אונ טעל האָט ער פונ מיר געמאכט.

אוי, צי געדענקסטו, צי געדענקסטו אָט דעם דאָנערשטיק אפדערנאכט,
ווענ מיר האָבנ געטאָנביידע זיכ באקענעג,
אונ הײַנט, דו באָסיאַק, דו גייסט זיכ ארום בארימענ,
אז גייסט מיט מיר אונ מיכ וועסטו ניט געמענ.

דרײַ וואָכנ דורכאנאנד בינ איכ געלעגנ קראנק,
אונ דו ביסט צו מיר איינ מאָל ניט געקומענ;
די בעסטע רעפוע וואָלט איכ געווענ געהאט,
ווענ דו וואָלסט געווענ איינ מאָל צו מיר קומענ.

אוי וויי, צאָרעס, מאמע, צאָרעס האָבנ מיכ ארומגערינגלט,
אזוי ווי דער באָנדער די פאס;
אוי, הײַנטיקע ייִנגעלעכ טאָר מענ ניט גלייבנ,
אזוי ווי דעמ הונט אפ דער גאס.

29

— שיינ ביסטו, ליובטשו, ליובטשו,
שיינ, ווי די גאנצע וועלט!
נאָר איינ כיסאָרנ איז אינ דיר,
וואָס דו האָסט קיינ געלט.

— געלט איז קײַלעכדיק, קײַלעכדיק,
געלט גייט אוועק!
איכ וועל מיכ הענגענ, כ׳וועל מיכ טרינקענ, —
שיק מיר דײַנ פאָרטרעט!

— מײַנ פאָרטרעט האָב איכ אוועקגעשיקט, אוועקגעשיקט
פאר צוויי טויזנט מײַל;
כ׳האָב געמיינט אונדזער ליבע איז אפ אייביק,
צומ סאָפ איז זי אפ דערווײַל.

כ׳וואָלט דיכ גענומענ, גענומענ
אינ דעמ אײנעמ קליידל;
זאָל די וועלט אפ דיר נישט זאָגנ,
אז דו ביסט קיינ אָרנטלעכ מיידל.

כ׳וואָלט דיכ גענומענ, גענומענ
אָנ א גראָשנ געלט,

נאָר איין כיסאָרן איז אין דיר,
וואָס עס קלינגט מיט דיר די וועלט.

— אין דרויסן גיסט א רעגן, א רעגן,
די שטיינער זייַנען נאַס;
איך זע אייַן, אז דיר איז צו גלייבן,
ווי דעם הונט אפ דער גאַס!

30

— שיין ביסטו, ביסטו,
ווי די גאנצע וועלט!
נאָר איין כיסאָרן איז אין דיר,
וואָס דו ביסט אָן א קאָפּעקע געלט.

— געלט איז דאָך קייַלעכדיק, —
געלט גייט אוועק!
איך האָב זיך אין דיר אייַנגעליבט,
ווי אין א שיינעם פּאָרטרעט!

אין דרויסן איז א רעגן,
אלע שטיינער זייַנען נאַס;
איצטיקע באָכערים איז צו גלייבן,
ווי די הינט אפן גאַס!

31

בא מייַן מאמעס הייַזעלע, הייַזעלע,
בין איך מיר געשטאנען;
אַ־ב, מייַן טייַער לעבן
איז פארבייַגעגאנגען!

מיט די בלויע אייגעלעך, אייגעלעך,
מיט די בלאָנדע האָר;
כ'האָב געמיינט, אז וואָס ער רעדט,
איז דאָס אלץ וואָר.

כ'האָב געמיינט, אפ זייַנע רייד, אפ זייַנע רייד
קען מענש עלנ מויערן;

ער האָט דאָך מיר אזוינס געטאָן,
אז איך מוז נאָר וויינען און טרויערן.

אָך וויי, מאמעשי, מאמעשי!
מאמעשי, איך פאל!
זינט כ'האָב אָנגעהויבן א ליבע פירן,
פלאצט אין מיר די גאל.

א ליבע צו פירן, צו פירן
איז דאָך נאָך קיין וואונדער;
ס'נעמט ארויס די מארך פון די ביינער,
פון יעדן אייווער באזונדער.

32

א כאָלעמ, א כאָלעמ האָט זיך מיר געכאָלעמט,
א כאָלעמ, ליובע, האָט זיך מיר געדאכט, אוי, געדאכט!
מיט דיינע שווארצע אויגן האָסטו מיך צוגעצויגן
און פאר א מענטשן האָסטו מיך געמאכט.

איך עס נישט, כ'טרינק נישט, כ'שלאָף נישט דורך די נעכט,
און בענקען, ליובע, בענק איך נאָך דיר, אוי, נאָך דיר!
ווען איך דערמאָן זיך, דושע, אָן דיר, מיין טייער לעבן,
גייען מיר די קויכעס אויס נאָך דיר!

שפאצירן, שפאצירן זיינען מיר געגאנגען
ארום און ארום דער באן, אוי, דער באן!
געדענקסטו, ליובע שיינע, ווען דו האָסט מיר געשוואָרן,
אז דו וועסט מיך נעמען פאר א מאן?

שפאצירן, אוי ליובע, זיינען מיר געגאנגען,
אין דרויסן איז געווען א שניי, אוי, א שניי!
געדענקסטו, ליובע שיינע, דו האָסט מיר טריי געשוואָרן —
צום סאָפ האָסטו גאָר אנדערע צוויי!

33

שיין ביסטו געווען,
שיין, ווי די גאנצע וועלט!

ווי ליב האָב איך דיך געהאַט,
ווען דײַן הארץ האָט צו מיר געברענט!

דײַן הארץ האָט צו מיר געברענט,
אזוי ווי דאָס העלישע פײַער;
ס'איז נישט געווען קיין זאך אף דער וועלט,
ס'זאָל זײַן פאר מיר טײַער.

הײַנט פאָרסטו פון מיר אוועק,
דו פאָרסט דאָך אריבער א בריק;
פארהאָפן פארהאָף איך צו גאָט אליין,
אז דו וועסט נאָך קומען צוריק.

דו פאָרסט אוועק פון מיר,
דו פאָרסט דאָך איבער דעם יאם;
פארהאָפן פארהאָף איך צו גאָט אליין,
אז דו וועסט נאָך זײַן מײַן מאן.

דו פאָרסט פון מיר אוועק,
דו פאָרסט דאָך אף א בערלינקע,
און עפשער האָסטו פאלשע געדאנקען, —
זאָלסטו ווערן דערטרונקען!

34

מיט דײַנע זיסינקע ריידעלעך
האָסטו מיך צו זיך צוגעצויגן,
און הײַנט לאַכסטו פון מיר אויס,
און דו ווילסט שוין מיט מיר גאָר ניט ריידן!

דעריבער בין איך פארענדערט געוואָרן,
מײַן געזיכט האָט א פײַער פארברענט;
מײַן נאָמען האָב איך אָנגעווירן
פון דער צײַט, וואָס איך האָב דיך דערקענט

בא מײַנע עלטערן בין איך טײַער געווען,
אזוי ווי די אויגן אין קאָפּ;
און הײַנט האָסטו מיך פארשמאָדערט,
אזוי ווי א ליימענעם טאָפּ.

מײַנ געזיכט האָט א פײַער פארברענט,
פונ מײַנע אויגנ טוט עס רעגענענ;
אוי אונ ווײ איז צו מיר,
איכ וועל זיכ מיט דיר אָפּגעזעגענענ!

35

זיצ איכ אינ שטיבעלע
אונ טראכט נאָר וועגנ דיר;
עס עפנט זיכ מיר א גריבעלע,
ווענ איכ הער א קלאַפּ אינ טיר.

ווײַל נאָר צו דיר ציט מײַנ הארצ,
מײַנ הארצ ווייסט ניט קיינער;
אוי ווײ, ווי ביטער איז מיר מײַנ שמארצ,
די ליבע צעברעכט מיר מײַנע ביינער!

ווענ איכ זע דײַנ בילד פונווײַטנ שטיינ,
שטארבט אינ מיר אָפּ אנ אייווער,
ווענ איכ דערזע דיכ מיט א צווייטער גיינ,
איז מיר ניכע דער קייווער.
ווײַל נאָר צו דיר אאוו.

ווענ איכ זאָל האָבנ פליגעלעכ,
וואָלט איכ צו דיר געפלויגנ;
ווענ איכ זאָל האָבנ מאגנעט,
וואָלט איכ צו דיר געצויגנ.
ווײַל נאָר צו דיר אאוו.

36

אפ אלע פעלדער וואקסט טווע,
אונ די טווע טוט נאָכ וויאנענ;
מיר האָבנ ביידע א ליבע געפירט,
האָבנ מיר געקראָגנ פיל סאָנים.

כ'האָב פאַרזייט געדשטן,
איז אויסגעוואַקסן קאָרן;
מיר האָבן ביידע א ליבע געפירט,
און עס איז גאָרנישט געוואָרן.

37

איך האָב געשפּילט א ליבע,
כ'האָב געפירט א ראָליע!
כ'האָב צוגעזאָגט א יינגעלע,
אז איך וועל זײַן זײַן קאַלע.

ניט אזוי א קאַלע,
ווי אַן אייגן ווײַב;
צאָרעס און שמערצן
טראָג איך אפּ מײַן לײַב.

צאָרעס און שמערצן
קען קיין דאָקטער היילן,
דעם גרונט פון מײַן הארצן
קען איך קיינעם ניט דערציילן.

זיץ איך מיר אין ווײַנגאָרטן,
דער רעגן גיסט אפּ מיר,
אזוי ווער איך אָן
מײַן שיינעם קאָליר.

ניט אזוי דעם קאָליר,
ווי די ראָזע בעקלעך,
מײַנע שמערצן אין מיר
זײַנען זייער שרעקלעך.

מײַנע שמערצן אין מיר
קען קיין דאָקטער היילן,
די צאָרעס פון מײַן הארצן
קען איך קיינעם ניט דערציילן.

38

— ווען וועסטו צו מיר קומען?
— באדערנאכט.
צוועלף אזייגער אין האלבע נאכט,
צוועלף אזייגער אין האלבע נאכט,
ווען די לעדעלע איז צוגעמאכט,
און ווען די בעטעלע איז פארבעט,
און ווען די בעטעלע איז פארבעט,
און ווען די קעפעלע איז פארגלעט.
— קליפ־קלאפ, עפן מיר,
עפן מיר דאָס גאָלדן טיר.
— שלאָפן, שלאָפן שלאָף איך ניט,
נאָר עפענען וועל איך אוואדע ניט.
— וווהין זשע זאָל איך רײַטן,
מע שלאָפט בא אלע לײַטן.
דער ווינט ווייט,
דער רעגן גייט,
איך וועל אײַנעצן דאָס זײַדן קלייד.
— קער אויס די קליידעלע אפן לינקן זײַט
און לייג זיך שלאָפן אפן גרינעם גראָז;
לייג זיך שלאָפן אפן גרינעם גראָז
און ווער אנשלאָפן, ווי א יונגער האָז.
— טאָ ווער זשע וועט מיך צודעקן,
און ווער זשע וועט מיך אופוועקן?
— דאָס בלאט פון בוים וועט דיך צודעקן,
די זון פון טאָג וועט דיך אופוועקן.

39

— קליפ־קלאפ, עפן מיר!
שלאָפסטו, טאָ זאָג זשע מיר!
— שלאָפן שלאָף איך אפילע ניט,
נאָר עפענען וועל איך דיר אוואדע ניט!
— סארא ווינט עס ווייט, סארא רעגן עס גייט,
כ'חעל אײַנעצן מײַן זײַדן קלייד!
— דאָס זײַדן קלייד וועסטו אופהייבן,

אונטערן ביימעלע זיך אװעקלײגן;
דאָס ביימעלע װעט דיך צודעקן,
דאָס פײגעלע װעט דיך אופװעקן!

40

— עפּן מיר די טירעלע.
— עפענען װעל איך ניט!
— אַ רעגן גײט, אַ װינט װײט,
איך װעל פאטערן מײַן זײַדן קלײד.
— עפענען װעל איך ניט!

— װוּ זאָל איך שרײַטן?
מ'שלאָפט בא אַלע לײַטן.
אַ װינט װײט, אַ רעגן גײט,
איך װעל פארנעצן מײַן זײַדן קלײד.

— לײג זיך אפן גרעזעלע!
— װער װעט מיך צודעקן
און װער װעט מיך אופװעקן?

— די בלאט פון בוים װעט דיך צודעקן,
די פײגעלעך װעלן דיך אופװעקן;
סט'געבן דעם הינמעלע אַ גוט װאָרט,
װעט ער דיך לאָזן אפ זײַן אָרט.

41

איך זיץ און שפּיל מיר אפ דער קאטארע
און זינג זיך מיר אַ ליד פון זיך אַלײן.
אױ, מײַן סטראַדאַניע װײסט נאָר גאָט דעם עמעס,
אױ, מײַן סטראַדאַניע װײסט נאָר ער אַלײן.

שפּאַצירן זײַנען מיר געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם קײַלעכדיקן װאָקזאַל;
אױ, צוגעשװױרן האָט ער מיר, אױ, מאמע,
אַז איך װעל זײַן זײַן פרױ, און ער מײַן מאַן.

שפּאַצירנדיק זײַנען מיר בײדע געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם גאָראָדסקאָי שפּיטאָל;
אַן אומכײנס, מאַמעניו, האָט ער אפּ מיר געוואָרפן,
אַן אומכײנס, מאַמע, מאַמע, מיטאַמאָל.

42

אוי, װײ איז צו מײַן לעבן,
אוי, װײ איז מײַן װעלט!
איך בלאָנקע זיך אַרום,
װי אַ שעפּעלע אין פעלד.

אַ שעפּעלע אין פעלד
איז דאָך אױך נישט אַלײן;
אַז איך דערמאָן זיך אין אים,
קלאָג איך און װײן.

אַז איך דערמאָן זיך אין אים,
הײב איך מיך אָן באַדענקען,
פאַל איך אַרײַן
אין אַלערלײ קרענקען.

פון אַלערלײ קרענקען
קען אַ דאָקטער הײלן,
די צאָרעס פון מײַן האַרץ
קען איך קײנעם נישט דערצײלן.

43

װען איך זאָל זײַן אַ פײגעלע,
װאָלט איך צו דיר געפלױגן;
נאָר מײַן אומגליק איז זײער גרױס,
װאָס כ׳קען צו דיר ניט רײדן.

װען איך זאָל זײַן אַ פישעלע,
װאָלט איך צו דיר געשװומען;
נאָר מײַן אומגליק איז זײער גרױס,
װאָס כ׳קען צו דיר ניט קומען.

װען איך זאָל זײַן אַ װאַסערל,
װאָלט איך צו דיר געפלאָסן;
נאָר מײַן אומגליק איז זײער גרױס,
װאָס דו װילסט ניט זײַן מײַן כאָסן.

װען איך זאָל זײַן אַ פֿײַערל,
װאָלט איך צו דיר ברענען;
ניכײַ װאָלט 'דיך אַ פֿײַער פֿאַרברענט,
אײדער כ'האָב דיך געטאָן דערקענען!

44

זונטיק, זונטיק באַגינען
זוך איך דיך אין אַלע גאַסן,
און איך קאָן דיך ניט געפֿינען.

מאָנטיק, מאָנטיק באַגינען
זוך איך דיך אױף אַלע װעגן,
און איך קאָן דיך ניט געפֿינען.

דינסטיק, דינסטיק באַגינען
שטעלסטו זיך מיר פֿאָר
מיט דײַנע שײנע אײגעלעך און דײַנע בלאָנדע האָר.

װען איך װאָלט געװען אַ פֿײגעלע,
װאָלט איך צו דיר געפֿלױגן,
װאָלט איך געקענט צו דיר גיכער קומען.

װען איך װאָלט געװען אַ פֿישעלע,
װאָלט איך צו דיר געשװומען,
װאָלט איך געקענט צו דיר גיכער קומען.

װען איך װאָלט געװען אַ פֿײַערל,
װאָלט איך צו דיר געברענט.
האַלעװײַ װאָלט מיך דער אײבערשטער פֿאַרברענט,
אײדער איך האָב דיך דערקענט.

45

אפּן יאַם בלאָזט אַ ווינט,
די וועלן טוען זיך שלאָגן;
אַך, ליב האָב איך דיך, גרונט
פון הארצן, און קען קיינעם זאָגן!

זאָג זשע מיר, דושינקע, ליבסטו נאָר מיך,
אָדער ליבסטו נאָר לעפּאָנעם?
דען דו האָסט מיך אָפּגעקוילעט,
אַזוי ווי איין קיטע גאַזלאָנים.

אַז אַ גאַזלען קוילעט דאָך,
קוילעט ער מיט אַ מעסער;
און דו האָסט מיך, דושינקע, אָפּגעקוילעט
פיל גרינגער און פיל בעסער.

דו האָסט מיר געשלאָסן די הענט און די פיס
און מיך געלאָזן שווימען;
אַך, וויפל טויערן וועל איך נאָך צעברעכן,
אָבער צו דיר וועל איך נאָך קומען!

איך האָב געפלאַנצט אַ ווייַנגאָרטן,
דער ווייַנגאָרטן איז מיר ניט געראָטן;
איך האָב פאַרשפּילט מייַנע יונגע יאָרן,
אַזוי ווי אַ קאַרטיעזשניק אין קאָרטן!

איך האָב געהאַט אַ מויער,
דער מויער האָט געהאַט צוועלף פענצטער,
און וויפל שידוכים מע האָט מיר גערעדט, —
ביסטו באַ מיר דער שענסטער!

46

צו דעם יאַם יאָגט אַ קוואַל, יאָגט אַ קוואַל,
דעם קוואַל קען קיינער נישט דעריאָגן;
ליבן ליב איך דיך פון טיפן הארצן,
פאַר קיינעם קען איך עס נישט זאָגן.

צי ליבסטו מיכ פונ טיפנ הארצנ, פונ טיפנ הארצנ,
צי ליבסטו נאָר מײַנ שײנ פּאָנעמ?
דו האָסט מיכ גאָר אוועקגעקוילעט,
אזוי ווי די רעכטע גאזלאָנימ.

אז א גאזלענ קוילעט א מענטשנ, קוילעט א מענטשנ,
קוילעט ער אימ מיט א מעסער;
דו האָסט מיכ געקוילעט מיט דײַנע פאלשע רייד, —
איז מיר דאָס אומגליק נאָכ גרעסער.

מײַנ מאמע האָט געשטעלט א הײַזעלע, א הײַזעלע,
איז עס געווענ מיט דרײַ פענצטער;
וויפל כאסאנימ מע האָט מיר גערעדט, —
ביסטו אלצ געווענ דער שענסטער!

איכ האָב מיר געפלאנצט א ווײַנגאָרטנ, א ווײַנגאָרטנ,
דער ווײַנגאָרטנ איז מיר נישט געראָטנ;
איכ האָב פארשפילט מײַנע יונגע יאָרנ,
אזוי ווי א קארטיעזשניק אינ קאָרטנ.

אז א קארטיעזשניק פארשפילט אינ קאָרטנ,
פארשפילט אינ קאָרטנ,
פארשפילט ער דאָכ געלט;
איכ האָב פארשפילט מײַנע יונגע יאָרנ
אונ דערצו אזא שײנע וועלט.

47

וואָס טויג מיר דער ווײַנגאָרטנ,
אז פלאנצנ קאָנ איכ אימ נישט?
וואָס טויג מיר א ליבע שפּילנ,
אז נעמענ קאָנ איכ דיכ נישט?

אז וויי איז צו מײַנע יאָרנ,
אזא ליבע האָב איכ אָנגעוואָרנ;
אז וויי איז צו מײַנע יאָרנ, —
מײַנ וועלט איז שוינ לאנג פארלאָרנ!

איך קום אריַין אין שטוב, —
פינצטער איז, ווי אין א גרוב;
אין א גרוב איז פינצטער צו ליגן,
און אזא פּײַן מיידל איז שווער צו קריגן.
אז וויי איז צו מײַנע יאָרן אאוו.

איך גיי ארום אין גאס,
שטעלסטו זיך מיר פּאָר,
מיט דײַנע גאָלדענע האָר
קירצסטו מײַנע יאָר.
אז וויי איז צו מײַנע יאָרן אאוו.

48

גיי איך אריַין אין שטוב,
ס'איז מיר פינצטער, אזוי ווי אין א גרוב;
אין א גרוב איז פינצטער צו ליגן,
אזא דאָבע איז שווער צו קריגן.

אָך און וויי איז צו מיר,
צו מײַנע יונגע יאָרן!
אזא געטרײַע דאָבע
איז פון מיר אוועקגעפאָרן!

וואָס טויג מיר די קאזאצקע,
אז טאנצן קען איך זי ניט?
וואָס טויג מיר א מיידל א כוואטסקע,
אז נעמען וויל זי מיך ניט?
אָך און וויי איז צו מיר אאוו.

וואָס טויג מיר די נײַע קאדריליע,
אז טאנצן קען איך זי ניט?
וואָס טויג מיר דאָס מיידל, וואָס איז מיר געפעלן,
אז נעמען וויל זי מיך ניט?
אָך און וויי איז צו מיר אאוו.

49

א נײַע ליבע האָב איך אויסגעטראַכט,
זי איז פון צאָרעס און פון שמערץ;
דער, וואָס ווייסט פון פאַלשער ליבע,
דער קאָן שפּירן מײַן ביטער האַרץ.

א רינג א מאַטאָנע האָט ער מיר געגעבן,
איז ער געווען פון לויטער גאָלד;
און דער, וואָס האָט אָפּגערעדט מײַן זיס־לעבן,
זאָל ווערן גיך גרוי און אַלט!

איך שעלט, איך שעלט מײַנע יונגע יאָרן,
איך שעלט דעם טאָג פון מײַן געבאָרן;
בעסער וואָלט איך ניט געבאָרן געוואָרן,
איידער איך האָב דערקענט די ליבע גאָר!

זאָלסט ניט מיינען, ס'וועט דיר זײַן געראָטן,
וואָס דו האָסט מײַן יוגנט־לעבן אומגעבראַכט;
נויקעם וועט זיך זײַן אָן דיר דער סאָטן,
ער וועט דיך שרעקן באַטאָג און באַנאַכט!

50

די לעוואָנע שײַנט אינמיטן דער וועלט.
אָרעמ איז קיין שאַנד, איך האָב פאַרשפּילט מײַן וועלט!
איך האָב אָפּגעלעבט א לעבן, איך האָב זיך גאָר ניט באַטראַכט,
איך האָב געמיינט — ס'איז טאָג, צום סאָף איז גאָר נאַכט!

— זע, מײַן טאָכטער, די שטערן גייען שוין אויס;
אז מע פאָלגט ניט א מאַמען, גייט אויס אַזאַ סאָף!
— אַך, יאָ, מאַמע, דו ביסט אוואַדע גערעכט,
נאָר וואָס פאַר א מאַמע וויל טאָן א קינד שלעכטס!

טיר־און־טויער זײַנען געווען אָפן,
דונערן און בליצן זײַנען געלאָפן;
אַלעמען האָט דאָס געפעלט,
מיך האָט דאָס געטראָפן!

אוי, מײַן מוטער, דער קאָפּ טוט מיר וויי,
שיק נאָך אַ דאָקטער, ווען ניט—נאָך צוויי!
אַ דאָקטער קען היילן דעם קראַנקן זײַן קרענק,
אָבער ניט מיר, מאַמע, נאָך וועמען איך בענק!

51

אוי, מאַמעניו, דו וואָלסט וויסן
פֿון מײַן רײַכטום דעם זיסן:
איך האָב אײַנגעפֿלאַנצט אַ ווײַנגאָרטן,
אַף אייביק וואָלט איך עס פֿאַרשליסן!

אוי, מאַמעניו, ער האָט ניט אָנגעפֿרעגט
און איז צו מיר אין ווײַנגאָרטן געקומען;
די בעסטע פֿרוכטן פֿון די שענסטע צווײַגן
האָט ער בײַ מיר צוגענומען!

אַ גאָלדענעם רינג האָט ער מיר געשאָנקען
אַף מײַנע פֿינגער צו טראָגן;
און דער, וואָס האָט אַ שולד אין אונדזער ליבע,
זאָל קיין טקומע ניט האָבן!

אַ גאָלדענעם אַרמבאַנד האָט ער מיר געשאָנקען
מיט גאָלדענער עמאַליע;
און דער, וואָס האָט אַ שולד אין אונדזער ליבע,
זאָל ניט לעבן קיין ווײַלע!

אַ זײַדענע טוך האָט ער מיר געשיקט,
זי האָט פֿאַרטראָגן אין בלאָ;
זײַן בילד ליגט בײַ מיר אין האַרצן,
און אַליין איז ער ניטאָ!

52

אוי וויי, מאַמע, כ'ליב אַ ייִנגעלע אַ שיינעם,
שיין איז ער, ווי די גאַנצע וועלט!
פֿאַר זײַן שיינקייט איז ער בײַ מיר טײַער,
אוי, מײַן האַרץ ווערט נאָך אים פֿאַרברענט!

אוי, מיט די באנענ וועל איך צו דיר פֿאָרנ,
מיט פֿאַראַכאָדנ וועל איך צו דיר יאָגנ!
כ׳וועל פֿאַרלאָזנ מײַנ פֿאָטער אונ מײַנ מוטער,
אונ צוליב דיר וועלנ זיי יאָמערנ אונ קלאָגנ.

אוי, פֿאַר וועמענ ס׳איז ליכטיק די נאַכט,
פֿאַר מיר איז פֿינצטער דער טאָג;
פֿאַר וועמענ ס׳איז פֿריידנ אונ סימכעס,
פֿאַר מיר איז א יאָמער אונ א קלאָג!

אוי וויי, שיינ בינ איך אויך אמאָל געווענ,
אזוי שיינ, ווי די זונ אינ מײַ איז שיינ!
פֿונ זינט איך האָב דעמ שיינעמ ייִנגעלע דערקענט,
זיצ איך אונ טרויער אונ וויינ!

53

צוויי טײַבעלעך זײַנענ איבער וואסער געפֿלויגנ,
אינ די פּיסקעלעך האָבנ זיי זיך געקושט;
פֿאַרשאָלטנ זאָל ווערנ יענער מענטש,
וואָס האָט זיך אינ אונדזער ליבע אַרײַנגעמישט...

אונ אז דו וועסט קומענ אינ א פֿרעמדער שטאָט, ליובעניו,
מײַנע רייד זאָלסטו באַדענקענ;
אונ אז דו וועסט קומענ איבער וואסער, ליובעניו,
פֿאַר צאָרעס זאָלסטו דיך נישט דערטרינקענ.

אז דו וועסט קומענ אינ א ווײַטער שטאָט, ליובעניו,
מײַנע רייד זאָלסטו באַקענענ;
אונ אז דו וועסט קומענ איבער א פֿײַער, ליובעניו,
פֿאַר צאָרעס זאָלסטו דיך נישט פֿאַרברענענ.

צוויי טײַבעלעך זײַנענ איבער וואסער געפֿלויגנ
מיט די פֿליגעלעך אזוי צעשפּרייט,
קיינ גוטנ סאָפּ זאָל דער מענטש נישט האָבנ,
וואָס האָט אונדז פֿונ דער ליבע אזוי גיך צעשיידט!

54

מיַין האַרץ, מיַין האַרץ וויינט אין מיר,
אַז איך דאַרף מיך שיידן יעצט מיט דיר;
מיַינע געדאַנקען — אַהין, אַהער,
מיט דיר צעשיידן איז מיר שווער.

ווּ פאָרסטו, מיַין זיס־לעבן,
ווּ פאָרסטו פון מיר אוועק?
ווּ וועל איך דיך דאַרפן זוכן?
זאָג זשע מיר, אַף וועלכן וועג?

פון ערשטן שטעטעלע, פון ערשטן דערפעלע,
דאָס ערשטע בריוועלע שריַיב צו מיר;
בעטן בעט איך דיך, מיַין זיס-לעבן:
פאַרגעסן זאָלסטו נישט אין מיר!

ווען סט קומען צו אַ וואַסערל,
זאָלסטו זיך נישט דערטרינקען;
ווען סט קומען צו אַן אַנדער מיידעלע,
זאָלסטו מיך געדענקען!

55

ס'איז אַראָפּגעקומען אַ שניַידער־יונג
און זאָגט, ער וועט מיך נעמען;
אַזוי האָב איך אים צוגעזאָגט,
אַז ווען די ציַיט וועט קומען.

— די ציַיט און יענע ציַיט
איז דאָך שוין אַצינד.
ציַיט כ'האָב אָנגעהויבן אַ ליבע פירן,
גיי איך אַרום ווי בלינד.

אוי, בלינד בין איך, בלינד בין איך,
ריידן קען איך קיין וואָרט;
בעטן בעט איך דיך, מיַין טיַיער לעבן,
זאָלסט מיר זאָגן, ווּ איז דיַין אָרט.

— אוי, מײַן אָרט, אוי, מײַן אָרט
וועט זײַן בא מײַן מאמען אין שטוב.
בעטן בעט איך דיך, מײַן טײַער לעבן,
דו זאָלסט מיר שרײַבן בריוו.

אַלע וואָך א גוטן בריוו
אפ דער ערשטער פּאָסט;
שרײַב מיר, מײַן טײַער לעבן,
וואָס איך האָב דיר געקאָסט.

— אָפּגעקאָסט האָסטו מיר
מאַיאָנטקעס מיט געלד;
מיט דיר א ליבע פירן
און דיך האָב איך געוואָלט.

— נעמען וועל איך דיך, אוי־אוי־אוי!
טרינקען וועל איך מיך, אוי־אוי־אוי!
שטעכן וועל איך מיך מיט א מעסער!
בא מײַנע עלטערן איז מיר גוט געווען
און בא דיר וועט מיר זײַן נאָך בעסער.

56

פונוואַנען הײבט זיך אָן א ליבע?
פון רײדן, פון שמועסן און פון לאכן;
אונדזער ליבע איז געשלאָסן געוואָרן
גאָר פון אנדערע זאכן.

— דער זײגער האָט שוין צוועלף געשלאָגן,
טאָ פיר מיך שוין אהיים;
וואָס פאר א טערעץ זאָל איך זאָגן
פאר מײַן מאמען אין דער היים?

— דעם ערשטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אז דו האָסט געארבעט שפּעט;
דעם צווײטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אז דו האָסט געבלאָנדזשעט אין וועג;

דעם דריטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אז דו האָסט א ספּעשקע געהאַט;
דעם פערטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אז דו האָסט געבלאָנדזשעט גלאַט.

דעם פינפטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אז דו האָסט זיך געבאָדן און געשווומען;
דעם זעקסטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אז דו האָסט א געליבטן באַקומען.

57

— פונוואַנען נעמט זיך א ליבע?
פון זיצן און פון ריידן און פון לאַכן;
אונדזער ליבע האָט זיך געשלאָסן
פון איינס ביז צוויי אין דער נאַכט.

בעשאַס אונדזער ליבע האָט זיך געשלאָסן,
האָט דאָך קיינער ניט געוווּסט;
און היינט קלינגט דאָך אין אַלע גאַסן,
אז אונדזער ליבע איז שוין אויס!

— גענוג שוין דיר צו ריידן און צו שמועסן,
פיר שוין מיך אָפּ אַהיים!
וואָס פאַר א טערעץ וועל איך זאָגן
בא מיין מאַמען אין דער היים?

— דעם ערשטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אז דו האָסט געאַרבעט שפּעט;
דעם אַנדערן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אז דו האָסט פאַרבלאָנדזשעט דעם וועג.

דעם דריטן טערעץ זאָלסטו זאָגן:
דו האָסט זיך געבאָדן און געשווומען;
דעם פערטן טערעץ זאָלסטו זאָגן,
אז דו האָסט דיין געליבטן באַקומען.

דעם פינפטן טערעץ זאָלסטו זאָגן:
דו האָסט אויפגעניייט א קליידל מיט א היבל;

דעם זעקסטנ טערעצ זאָלסטו זאָגנ,
אז דו ביסט געוואָרנ א ווײַבל.

— געגוג שוינ דיר צו ריידנ אונ צו שמועסנ,
פיר שוינ מיכ אָפּ אהיימ!
— דער זייגער האָט שוינ צוועלפ אויסגעשלאָגנ,
די טיר איז פארשפארט אינ דער היימ!

— דער זייגער האָט שוינ צוועלפ אויסגעשלאָגנ,
וועל איכ מיטנ גלעקעלע אָנקלינגענ;
א ליד וועל איכ פונ זיכ ארויסברענגענ, —
די גאנצע וועלט וועט זי זינגענ!

58

גיי איכ מיר ארויס אינ גאס,
פארפוצטערהייט די האָר, —
מיט אירע ראָזע באקנ,
מיט אירע בלאָנדע האָר.

ניט אזוי די בלאָנדע האָר,
ווי די שווארצע אויגנ!
ניט אזוי די שווארצע אויגנ,
ווי די דושע אליינ.

ניט אזוי די שווארצע אויגנ,
ווי איר שיינ געשטאלט!
ניט אזוי איר שיינ געשטאלט,
ווי די דושע אליינ.

גיי איכ מיר צו צומ שטוב, —
פינצטער איז מיר אינ גרוב;
אינ גרוב איז מיר פינצטער צו ליגנ; —
אזא דושע וועל איכ שוינ ניט קריגנ!

גיי איכ מיר צו צומ טיש, —
אינ הארצנ איז מיר א ריס;
דער ריס איז ניט לאנג געוואָרנ, —
פארשניטנ מײַנע יונגע יאָרנ!

גיי איך מיר צו צום טעלער, —
דערמאָנ איך מיך אנ אלטנ פעלער;
דער פעלער איז ניט לאנג געוואָרנ, —
פארשניטנ מײַנע יונגע יאָרנ!

גיי איך מיר צו צום טרינקענ, —
דערמאָנ איך זיך אָנ אירע ווינקענ:
איר מינע ליגט מיר אינ זינענ,
איך קענ צו איר ניט קומענ!

כ'האָב די דושע געניייט א קלייד, —
די קלייד איז געוועזנ פונ זײַד;
באקומענ האָט זי דעם טויט
פונ קאָוונער כעורעלײַט!

כ'האָב די דושע געשענקט א רינג, —
דער רינג איז געוועזנ פונ גאָלד;
די צאָרעס, וואָס זי האָט געליטנ,
דאָס האָט זי אליינ געוואָלט!

59

איך וועל זיצנ אונ קלאָגנ
ביז אינ מײַנ גראָען צאָפ,
ווײַל מע האָט מיר צוגענומענ
די קרוינ פונ קאָפ.

די קרוינ פונ מײַנ קאָפ,
די צווײַגנ פונ זעם בוים;
מ'האָט דאָך מיר צוגענומענ
דעם שענסטנ פארשוינ!

אלע וואטערלעך לויפנ אוועק,
די גריבעלעך בלײַבנ ליידיק;
אוי, ווו נעמט מענ אזא מענטשנ,
וואָס זאָל פארשטיינ מײַנ ווייטעק?

אזוי ווי עס איז נישטאָ קיינ מענטש,
וואָס זאָל קענענ די שטערנ איבערציילנ,
אזוי איז אויכ נישטאָ קיינ מענטש,
וואָס זאָל קענענ מײַנע ווונדנ היילנ.

אז דאָס מיידעלע הייבט אָן גיין מיט א יינגעלע,
זאָגט ער, אז ער האָט זי עמעס ליב,
אזוי פויעלט זי בא אירע עלטערן,
ער זאָל אָנהייבן גיין צו איר אין שטוב.

צו איר אין שטוב טוט ער ארייַנגיין,
פאר אירע עלטערן ליבט ער זי געטריַי,
אין אז מע הייבט אָן כין א קנאסמאָל צו ריידן,
זאָגט ער, אז דער קאָפּ איז ניט דערביַי.

דורך דיר ליג איך קראנק
א יאָר אונ צוויי דורכאנאנד,
דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט,
געגעבן דיַין רעכטינקע האנט.

מיר האָבן זיךביידע געליבט,
אזוי ווי א פייגעלע אין דער נעסט,
מיר האָבן זיך ביידע ליב געהאט,
פון אונדזער ליבע האָט קיינער ניט געוווּסט.

אף דעם הויכן בארג אונ אף דעם גרינעם גראָז,
ווו מיר זיַינען ביידע געגאנגען שפאצירן,
די בלומען, וואָס זיי האָבן אונדז געטאָן שמעקן אין דעם גראָז,
האָבן געטאָן מיט אונדזער ליבע פראקטיקירן.

א ליבע איז א העליש פיַיער,
אין ווען עס כאפט זיך אריַין,
דעמאָלט עפענען זיך אלע טויערן פון דעם טויט,
מע גייט יונגערהייט אין דר'ערד אריַין.

נא זשע דיר אָט די גלאָז וואסער,
צי האָט זי דעם אייגענעם טאם, וואָס ביר.
זאָג זשע, דו זיס-לעבן,
צי ליבסטו א צווייט מיידעלע פון מיר?

אָ דאָ האָט זיך מיר אנ אומגליק געטראָפּנ,
איך האָב אימ ניט פאר וועמענ צו דערציילנ,
ווי זשע נעמט מענ א דאָקטער,
אז ער זאָל מיר מיינע וווּנדנ היילנ.

61

אינ דרויסנ, מאמעליו, האָט זיך פארכמארעט,
אונ אינ שטוב איז פינצטער ווי א גרוב;
דעמ עמעס ווייסטו, מיינ טייערע מאמעליו,
אז איך האָב אימ עמעס ליב.

איך האָב אימ ליב, איך האָב אימ ליב,
איך קענ אָנ אימ נישט לעבנ קיינ איינ מינוט;
אונ אז איך זע אימ נישט פאר מיינע אייגעלעך,
טריפנ טריפט זיך מיר טייכנ בלוט.

די לעוואָנע שיינט, די לעוואָנע שיינט,
אונ ארומ איר שטערנדלעך גאָר פיינ;
גרויסער גאָט, פארלעש דאָס ליכטעלע,
זאָל עס ווי מיינ מאזל זיינ.

62

א שווארצע כמארע האָט דעמ הימל באדעקט,
אונ די וואָלקנס האָבנ זיך צעשפרייט;
אוי, צייט איך האָב די ליבע דערקענט,
האָט זיך מיר מיינ קאָפּ פארדרייט.

דער דריבנער רעגנ אפּ דעמ פעלד
טוט דאָך די גרעזעלעך דערקוויקנ;
אוי, ניט גענוג איז מיינ מאזל אזוי נידעריק,
טוסטו זיך נאָך פונ מיר אָפּרוקנ.

שפּאצירנ זיינענ מיר ביידע געגאנגענ,
אונ מיר האָבנ זיך געוויטעט בא די הענט;
צי געדענקסטו די הויכע זאנגענ,
וואָס זיינענ געווענ הויך, ווי די ווענט?

שפאַצירן זײַנען מיר ביידע געגאַנגען,
אַלעמאָל אַראָפּ און אַרויף;
איך האָב געמיינט, די ליבע איז אויף אייביק,
וואָס זאָגט איר, מענטשן, צום סאָף?

זיץ איך מיר אַמאָל באַם פענצטער,
זע איך דעם הימל אַזוי רויט;
אוי, דעמלט קומט אַ טעל אויף מײַן האַרצן,
ווינטש איך מיר צען מאָל דעם טויט!

זיץ איך מיר אַמאָל בײַ דעם פענצטער,
זע איך דעם הימל אַזוי בלאָ;
אויף דער וועלט איז דאָ נאַכעס און פרייד,
נאָר בײַ מיר איז מײַן גליק נישטאָ!

זיץ איך מיר אַמאָל בײַ דעם פענצטער,
זע איך דעם הימל אַזוי שוואַרץ;
אוי, ווי נעמט מען מײַן טײַער זיס־לעבן,
אויסצודערצײלן מײַן האַרץ!

דו האָסט מיר, דושעניו, געגעבן דײַן בילד,
הענגט עס בײַ מיר אויף דער וואַנט;
און אַז עס קומט אַ טעל אויף מײַן האַרצן,
נעם איך דאָס בילד אין מײַן האַנט.

63

בײַ אַ טײַכעלע וואַקסט אַ ביימעלע,
וואַקסן אויף אים צווײַגן;
מיט אַלעמען רעדסטו,
מיט אַלעמען ביסטו פרײַנטלעך,
נאָר מיר הייסטו שווײַגן!

בײַ אַ טײַכעלע וואַקסט אַ ביימעלע,
וואַקסן אויף אים בלומען;
פרעג איך דיך, ליבסטער,
ווען וועסטו קומען,
וועסט שוין אַמאָל קומען?

באַ אַ טײַכעלע וואַקסט אַ ביימעלע,
וואַקסן אַף אים בלעטער;
אוי, פרעג איך דיך, ליבסטער,
ווען וועסטו קומען,
לייגסטו אַלץ אָפּ אַף שפּעטער...

64

מאַמע, מאַמע, מאַמע,
איך פאַל, איך פאַל, איך פאַל;
איך האָב געפירט אַ ליבע,
איך עס מיר אויס מײַן גאַל.

איך עס מיר אויס מײַן גאַל,
איך עס מיר אויס מײַן לונג;
איך האָב געפירט אַ ליבע
מיט אַ שנײַדער־יונג.

מיט אַ שנײַדער-יונג
וואָלט זיך געוועזן קעדײַ;
ווי זשע וואָלט גערעדט געוועזן,
אַז ער זאָל מיר זײַן געטרײַ.

מיט אַ שנײַדער־יונג
עס זאָל כאָטש זײַן קעדײַ,
מאַמע־לעבן, קרוינע,
איך בין דאָך שוין פאַרבײַ.

65

אַ ליבע, אַ ליבע איז גוט צו פירן
מיט אַ מענטשן, אָבער נישט מיט דיר;
גוואַלד, איך וועל דורך דיר קראַפּירן, —
וואָס האָסטו דיך אײַנגעליבט אין מיר?

וואָס שטייסטו אונטער מײַנע פענצטער,
ווי אַ זעלנער פאַר דער טיר;
גוואַלד, צי בין איך דען די שענסטע, —
וואָס האָסטו דיך אײַנגעליבט אין מיר?

ווּעסט קריגן אַ שענערע און בעסערע,
רײַכער וועט זי אויכעט זײַן פון מיר;
אַ בעריע וועט זי אויך זײַן אַ גרעסערע, —
וואָס האָסטו דיך אײַנגעליבט אין מיר?

66

כ'האָב געסטראָיעט אַ מויער
פון פינף עטאַזש די הויך, —
אין מײַנעם האַרצן ברענט אַ פײַער,
און עס זעט זיך ניט קיין רויך.

כ'האָב פאַרלאָרן מײַנע יונגע יאָרן,
אומזיסט איז געווען מײַן מיי.
צײַט, וואָס איך האָב אָנגעוואָרן,
זיץ איך מיר און וויין.

איך גיי אַפּ גובערנאַטאָרסקע שפּאַצירן,
עס גייט מיר גאָר ניט אײַן, —
אוי, ווי ביסטו, מײַן טײַערער לעבן,
איך קען אָן דיר ניט זײַן.
כ'האָב פאַרלאָרן מײַנע יונגע יאָרן אַװ.

איך זיץ מיר אין טעאַטער,
עס גייט מיר גאָר ניט אײַן, —
אוי, ווי ביסטו מײַן טײַערער לעבן,
איך קען אָן דיר ניט זײַן.
כ'האָב פאַרלאָרן מײַנע יונגע יאָרן אַװ.

איך הער די פייגעלעך זינגען,
דאָס זינגען גייט מיר גאָר ניט אײַן, —
אוי, ווי ביסטו, מײַן טײַערער לעבן,
איך קען אָן דיר ניט זײַן.
כ'האָב פאַרלאָרן מײַנע יונגע יאָרן אַװ.

איך פֿאָר מיר אין א לֿאָדקע,
די לֿאָדקע גייט מיר גאָר ניט אײַן, —
אוי, ווּ ביסטו, מײַן טײַערער לֿעבן,
איך קען אָן דיר ניט זײַן.
כ'האָב פארלֿאָרן מײַנע יונגע יאָרן אאוו.

איך זעץ זיך מיר עסן,
דאָס עסן גייט מיר גאָר ניט אײַן, —
אוי, ווּ ביסטו, מײַן טײַערער לֿעבן,
איך קען אָן דיר ניט זײַן.
כ'האָב פארלֿאָרן מײַנע יונגע יאָרן אאוו.

67

שיין ביסטו, טײַער לֿעבן,
שיין, ווי א רענדלֿ גאָלֿד,
וויפֿלֿ כאסאנים מע האָט דיר איבערגערעדט,
און מיך האָסטו געוואָלֿט.

איך וועלֿ דיך האָבן צו געדענקען
ביז מײַן קייווער,
איך טו א קוק אף דײַן שיינעם פּאָנעם,
שטארבט אין מיר אָפּ אן אייווער.

שפּאצירן זײַנען מיר געגאנגען
אין א ווינט, אין א רעגן, —
כ'האָב זיך פון דיר אָנגעלֿיטן,
אוי, נאָר פון יענעמס וועגן.
איך וועלֿ דיך האָבן צו געדענקען אאוו.

שפּאצירן זײַנען מיר געגאנגען
אין א רעגן, אין א ווינט, —
כ'האָב זיך פון דיר אָנגעלֿיטן,
ווי א מוטער פון א קינד.
איך וועלֿ דיך האָבן צו געדענקען אאוו.

אך, מײַן הארץ, מײַן קרוין,
אז איך לאָז זיך פון דער וועלט אראָפּ,
באמערק איך נאָר, ווי דו ביסט גאנץ שיין,
פאר דיר וואָלט איך לייגן מײַן קאָפּ,
פאר דיר וואָלט איך לייגן מײַן קאָפּ,
איך לאָז מיך אין דער וועלט אראָפּ.

בא וואָס בין איך איבערגעבליבן,
פארוואָס בין איך אזוי בלאס?
די ליבע, זי האָט מיך פארטריבן,
זי האָט מיך צעריבן אפּ אש,
זי האָט מיך צעריבן אפּ אש, —
איבער דעם בין איך אזוי בלאס.

צו היימלעך קאָן מיר שוין ניט זײַן.
אז איך דערמאָן זיך אין דיר
און פארגעס אין מײַנע גאנצע פּײַן,
ווער איז אין גלײַכן צו מיר?
ווער איז אין גלײַכן צו מיר,
אז איך דערמאָן זיך אין דיר?

גרויסע צאָרעס טו איך לײַדן,
צו מײַנע צאָרעס איז ניטאָ קיין גרונט.
ווער עס זאָל מיר מײַן הארץ שנײַדן,
דער וואָלט דערזען מײַן ווונד,
דער וואָלט דערזען מײַן ווונד,
אז צו מײַנע צאָרעס איז נישטאָ קיין גרונט.

מײַן הארץ האָסטו בא מיר ארויסגעריסן,
אזוי ווי א בלום פון איר אָרט.
איך דערמאָן זיך אין די זיסע שמועסן,
דאָ שטארב איך אוועק אפּ דעם אָרט,
דאָ שטארב איך אוועק אפּ דעם אָרט
און קאָן שוין ניט ריידן קיין וואָרט.

דײַנע האָר האָב איך אַף מײַן האַרצן געטראָגן,
אין כאָלעם האָב איך דיך געהאַט.
איך דערמאָן זיך אין דעם ליב האָבן,
ווי מיר האָבן זיך בײדע ליב געהאַט,
בלײַב איך שטײן דול אַפן אָרט
און קאָן שוין ניט רײדן קײן וואָרט.

זיצ איך אין שטיבעלע אַזוי און טראַכט,
אַזוי ווי דאָס פײגעלע אין זײַן נעסט.
אַז איך דערמאָן זיך אין דער זיסער נאַכט,
ווען אונדזער ליבע איז געווען גאַנץ פעסט,
ווען אונדזער ליבע איז געווען גאַנץ פעסט,
אַזוי ווי דאָס פײגעלע אין זײַן נעסט.

וואָס נעמסטו אַוועק מײַנע יונגע יאָרן,
לאָז מיך כאָטש לעבן אײן שאָ,
דו האָסט מיר מײַנע יאָרן אָפּגעשאָרן,
און דו אַלײן ביסט ניטאָ,
און דו אַלײן ביסט ניטאָ,
לאָז מיך כאָטש לעבן אײן שאָ.

גאָט זאָל דיר נאָר צאָלן,
פאַרוואָס דו האָסט מיך אָפּגענאַרט;
אונדזער ליבע איז געווען צום מאָלן,
און איך האָב אַזוי לאַנג אַף דיר געוואַרט,
און איך האָב אַף דיר אַזוי לאַנג געוואַרט,
צום סאָף האָסטו מיך גאָר אָפּגענאַרט.

69

זומער אין די היצן
מיר פלעגן בײדע זיצן,
קײן שום מענטש האָט פון אונדזער ליבע נישט געוווסט;
אצינד, אוי, אצינד קלינגט אין אַלע גאַסן,
אַז אונדזער אויסגאַנג איז געווען אומזיסט.

די לעוואָנע מיט די שטערן
פלעגן אַלע אויסהערן,

ווי דו האָסט צו מיר גערעדט אזוי געטרײַ.
אפ דײַנע פאלשע רייד פארגיס איך טײַכן טרערן.
אדיע, מײַן לעבן, פראָשטשײַ!

אפ דעם הויכן בארג,
אפ דעם הויכן בארג
ציט דאָך מײַן הארץ צו דיר;
זאָג זשע מיר, דושע-לעבן, מיטן גאנצן הארצן,
צי ליבסטו א שענערע פון מיר?

דו האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט,
אז דו וועסט מיך נעמען,
טאָ האָב זשע שוין כאסענע מיט מיר!
אצינד, אוי, אצינד וועל איך מעגן זאָגן,
אז מײַן לעבן פארשפיל איך דורך דיר.

און אז דו פאָרסט אוועק,
און אז דו פאָרסט אוועק,
ווי שלעכט וועט מיר דאָ זײַן!
ס'וועט דאָך מיר אויס ומען אין וואסער זיך צו ווארפן,
אז מײַנע עלטערן וועלן מיך נישט לאָזן ארײַן.

העלפט זשע מיר, כאווערטאָרנס,
צו וויינען און צו קלאָגן,
צו טרויערן גלײַך מיט מיר.
אצינדערט, אוי, אצינדערט וועל איך קענען זאָגן,
אז מײַן לעבן פארשפיל איך דורך דיר.

70

איך האָב געמיינט, אז ער וועט מיך אייביק ליבן
און וועט מיך קיינמאָל ניט פארגעסן;
צום סאָף האָט ער געטאָן מײַן הארץ באטריבן
און האָט מיר געטאָן מײַן לונג אופעסן.

ער האָט מיר געבונדן די הענט מיט די פיס
און האָט מיך געלאָזן שווימען;
ער האָט מיר באוויזן, וואָס ליבע איז,
און וויל ניט, איך זאָל צו אים קומען.

ער האָט מיר געבונדן די הענט מיט די פיס
און האָט מיך געלאָזן שטיין;
ער האָט מיר באוויזן, וואָס ליבע איז,
און וויל מיט מיר מער ניט גיין.

איך האָב געפלאנצט א שיינעם ווייַנגאָרטן,
און דער ווייַנגאָרטן איז מיר געראָטן;
איך האָב פארשפילט מייַנע יונגע יאָרן,
אזוי ווי א קארטיעזשניק אין קאָרטן.

א קארטיעזשניק פארשפילט, פארשפילט ער געלט,
און געלט קען מען צוריק געווינען;
איך האָב פארשפילט מייַנע יונגע יאָרן
און קען זיי צוריק ניט געפינען.

71

א פינגערל האָט ער מיר געשענקט
מיט א גאָלדענער עמאליע,
מיט א גאָלדענער עמאליע;
און דער, וואָס האָט א שולד אין אונדזער ליבע,
זאָל ניט לעבן קיין ווייַלע!

א זייגערל האָט ער מיר געקויפט
מיט א גאָלדענעם ווייַזער,
מיט א גאָלדענעם ווייַזער;
און דער, וואָס האָט א שולד אין אונדזער ליבע,
זאָל זיך שלעפן אין די הייַזער!

די שלעפעניש און די יאָגעניש
זאָל זיי פאריאָגן און פארטרייַבן,
זאָל זיי פאריאָגן און פארטרייַבן;
און ווער עס האָט א שולד אין אונדזער ליבע,
זאָלן זיי יעסומימ בלייַבן!

אוי, מוטער, מוטער, איך זאָג דיר אָן,
אז פון מייַנ ראיענ זאָלסטו וויסן,
אז פון מייַנ ראיענ זאָלסטו וויסן;

כ׳האָב פארפלאנצט אזא שיינעם ווײַנגאָרטן,
אפ אייביק זאָלסטו אים פארשליסן!

זיי האָבן ניט געוואָלט צוהערן
און זײַנען אין ווײַנגאָרטן געקומען,
און זײַנען אין ווײַנגאָרטן געקומען;
די שיינע פיירעלע פון דעם ביימעלע
האָבן זיי אראָפּגענומען!

72

כ׳האָב מיר געפלאנצט א ווײַנגאָרטן,
דער ווײַנגאָרטן איז מיר ניט געראָטן;
כ׳האָב פארשפילט מײַן זיס־לעבן,
ווי אין א טעשל קאָרטן.

איך האָב געסיליעט פערל
און איינעם האָב איך פארלאָרן,
כ׳האָב געהאט א טײַערן דימענט
און האָב אים אָנגעוואָרן.

זיצ איך מיר אין דרויסן
און טו מיר אזוי זאָרגן;
גייט דורך זײַנער א פרײַנט
און גיט מיר אָפּ א גוט־מאָרגן.

וואָס טויג מיר דער גוט־מאָרגן?
וואָס טויג מיר דער גוט־יאָר?
אז אוועקגעפאָרן איז מײַן זיס־לעבן
מיט די שיינע שווארצע האָר.

ווהין זשע פאָרט איר, וועגס־לײַט?
זאָגט, אפ וועלכע וועגן?
גיט אים אָפּ א גרוס פון מײַנעטוועגן
און פון מײַנע פארווײנטע אויגן.

73

איך האָב א פערעלע געסיליעט,
איך האָב א פערעלע פארלאָרן.
איך האָב געהאט א גילדענעם דימענט
און האָב אים אָנגעוואָרן.

געפאלן פון מײַן ליבע,
מײַן הארץ איז מיר צעבראָכן,
ביטער, אז מע פאלט אפ א שטיין.
וואָס זשע קומט שוין ארויס, אז איך רעד שוין מיט דיר,
אז איך קאָן שוין דאָ גאָרניט אויספּייען.

איך האָב א מאָיוערל געמאָוערט
מיט א הויכן פונדאמענט,
ער האָט שוין ניט לאנג געדאָוערט
און האָט שוין אָפּגעברענט.

געפאלן פון מײַן ליבע,
מײַן הארץ איז מיר צעבהאָכן,
ביטער, אז מע פאלט אפ א שטיין.
וואָס זשע קומט שוין ארויס, אז איך ראטעווע דיך,
אז איך קאָן שוין דאָ גאָרניט אויספּייען.

שפּאצירן זײַנען מיר געגאנגען.
אין דרויסן איז געוואָרן א רעגן,
דער רעגן גייט וואָס בעסער,
און די שטיינדעלעך זײַנען געוואָרן וואָס נאסער.
געפאלן פון א ליבע, מײַן הארץ איז מיר צעבראָכן,
ביטער, אז מע פאלט אפ א שטיין.

74

איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערן איז נאָך בעסער,
טרינקט ער טיי מיט צוקער, —
און איך האָב דאָך פארשפּילט
מײַנע יונגע יאָרן,
איז דאָך מיר פינצטער און ביטער.

איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערן איז נאָך בעסער,
עסט ער גוטע מײַכאָלים, —
און איך האָב דאָך פארשפילט
מײַנע יונגע יאָרן,
אזוי ווי א שלאָף אָן איין כאָלעם.

איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערן איז נאָך בעסער,
נייט ער שיינע קליידער, —
און איך האָב דאָך פארשפילט
מײַנע יונגע יאָרן,
אזוי ווי אין א פינצטערן כיידער.

איינעם איז דאָך זייער גוט,
דעם אנדערן איז נאָך בעסער,
פלאנצט ער זיך א ווײַנגאָרטן, —
און איך האָב דאָך פארשפילט
מײַנע יונגע יאָרן,
אזוי ווי א קארטיאָזשניק אין קאָרטן.

75

אך, מענטשן, איר מענטשן,
איך טו אײַך באשווערן,
איר זאָלט פון מײַן לעבן
דאָס לידל אויסהערן:

אז איך בין געוועזן
א מיידעלע א קליינינקע,
בין איך געוועזן
זייער א שיינינקע.

אז לײַט האָבן געזען,
אז איך בין שיין,
האָבן אָנגעהויבן שאדכאָנים
צו מיר גיין.

זיי האָבן מיר געטאָן
גליקן איינריידן,
איך האָב זיי געבעטן,
זיי זאָלן מיך אויסמיידן.

נאָר אז איך בין געוואָרן
אכצן יאָר אלט,
דאָ האָט זיך פארביטן
מײַן שיינע געשטאלט.

אז איך האָב געטאָן
די ליבע דערקענען,
א פײַער האָט געטאָן
מײַן הארץ פארברענען.

אז איך האָב געטאָן
די ליבע דערשפירן,
דעם גלאנץ פון מײַן פּאָנעם
האָב איך געטאָן פארלירן.

ווען איך דערמאָן מיר,
כאפּט מיך אָן א שרעק,
אז מײַן געליבטער
איז פון מיר אוועק.

פישעלעך אין וואסער
טוען לויפן,
ליבע פאר געלט
קריגט מען נישט צו קויפן.

פישעלעך אין וואסער
טוען נאָר שווימען,
איך זוך מײַן גליק
און קען אים ניט געפינען.

76

איך שטיי און שטיי אינמיטן יאם און טרינק זיך
און קען ניט קומען צו קיין ברעג, —

צײַט איך האָב אין דער ליבע דערפֿילט א טאַם,
שטערסטו מיר מײַן לעבן אָן אַן עק.

אזוי ווי די זון האָב איך אמאָל געשײַנט,
מיט א וואָלקן האָסטו מיך פֿאַרדעקט, —
דורך דיר, מײַן פֿאַלשער גוטער־פֿרײַנט,
איז מיר פֿאַרפֿינצטערט מײַן וועלט.

איך האָב דיך ליב, דו מעגסט מיר עמעס גלייבן,
איך קאָן אָן דיר ניט זײַן קיין צוויי מינוט, —
מײַן כּעס האָסטו בא מיר אויסגעצויגן,
אוי, נאָר נעמען קאָן איך זיך דיך, דושע, ניט.

שיין ביסטו גאָר אזוי, ווי די גאַנצע וועלט,
נאָר דײַן אומגליק, וואָס דו ביסט געמיין.
צײַט איך האָב זיך מיט דיר באַקאַנט,
ווייקן מײַנע אויגן אין געוויין.

אוי, באַנאַכט ליג איך אף מײַן געלעגער,
שלאָפֿן שלאָף איך ניט, נאָר איך ליג און טראַכט.
מײַן האַרץ קלאַפּט אין מיר, ווי א זייגער,
אוי, גוואַלד, דו האָסט מיך אומגליקלעך געמאַכט.

האָב ראַכמאָנעס אף דײַן געליבטן
און טו באַדויערן זײַן ביטער האַרץ.
מײַן האַרץ פֿלאַקערט און עס ברענט,
מײַן פּאָנעם איז ווי קויל שוואַרץ.

טו אָפּוואַשן דײַנע צוויי קלאָרע הענט
און טו זיי דריקן צו מײַן האַרץ,
מײַן האַרץ פֿלאַקערט און עס ברענט,
און דער פּאָנעם איז שוין ווי א קויל שוואַרץ.

קראַנק בין איך, גאָר ניט אף קאַטאָוועס,
אף מײַן פּאָנעם ליגט שוין די ערד,
קוקט אײַך צו, — אָט שטייט דער מאַלכאַמאָוועס,
ער שטייט מיט זײַן בלויזן שווערד.

77

איך בין קראנק און איך בין שוואַך,
אַף מײַנע פיס קען איך ניט אײַנשטיין,
און מיט קיין מענטשן קען איך ניט ריידן,
ווײַל מײַן הארץ צעגייט מיר פון גרויס געוויין.

פון גרויס דאָסאַדע ווער איך אנשלאָפן,
און מײַנע הענט לייג איך צוקאָפּנס,
און אַף אַלעמ האָב איך כאַראָטע;
און צוריק קען איך ניט כאַפן.

כאַפן, כאַפן קען איך ניט,
ווײַל איך בין שטארק געבונדן,
ווען מע וואָלט מיר עפענען, אָך ווײ, מײַן ביטער הארץ,
וואָלט זיך ארויסזען מײַנע ווונדן.

מײַנע ווונדן פון מײַן הארצן קען איך ניט ארויסזען,
ווײַל זיי זײַנען מיט מײַנע ליידן צוגעדעקט;
ווען מע וואָלט דאָס וועלן אַלעס אויסשרײַבן,
קיין טינט־און־פעדער וואָלט ניט געקלעקט.

מאַמע, מאַמע, שטיי שוין אוף פון קייווער,
העלף מיר אויס אין מײַנע נויטן,
אוי, פון אַ ליבע גיי איך ארומ,
אַזוי ווי אַן ארעסטאַנט, געשמידט אין קייטן.
מיסטאַמע איז דאָך אַזוי באַשערט,
אוי, פון ליבע גיי איך ארומעס,
אַף מײַן פּאָנעמ ליגט די שווארצע ערד...

78

צײַט איך האָב אָנגעהויבן אַ ליבע צו שפּילן,
איז אַף מײַנע אויגן ניט געקומען קיין שלאָף,
איז אַף מײַנע אויגן ניט געקומען קיין שלאָף.
אוי, אין דיר, מײַן ליב לעבן, האָב איך זיך פארליבט, —
צי איז דאָס פון גאָט אַזאַ שטראָף?

מע האָט מיר אויסגערעדט א וועלט מיט שידוכים,
און איך וויל זיי קיינ איינעמ ניט קענענ,
און איך וויל זיי קיינ איינעמ ניט קענענ.
אינ דיר, מייַנ ליב לעבנ, האָב איך זיך פארליבט, —
און דיך מוז איך נעמענ!

און אז דו זאָלסט מיך כאָלילע ניט נעמענ,
און אז איך וועל שטארבנ, וועט מענ מיך דאָך באגראָבנ,
און אז איך וועל שטארבנ, וועט מענ מיך דאָך באגראָבנ.
סאָ ווי וועל איך קענענ אינ קייווער אייַנליגנ,
אז דו וועסט אנ אנדערנ האָבנ!

אז אָנגעוואָרנ האָב איך דיך נאָך ניט,
דו קענסט נאָך אמאָל מייַנע זייַנ,
דו קענסט נאָך אמאָל מייַנע זייַנ.
מיט אָרעמקייַט זאָל מיך גאָט שטראָפנ,
נאָר מיט דיר איניינעמ צו זייַנ!

## 79

— אוי, גרויסער גאָט, פארלעש די ליכטעלעך,
איך קענ שוינ מער ניט לעבנ,
אז מייַנ ליבער האָט מיך אָפּגענארט,
איז ווּעמענ זאָל איך גלייבנ?

ניט קיינ רעגנ און ניט קיינ דונער
אינ דעמ העלנ גוטנ טאָג,
גייט א מיידעלע א יונגע,
ברעכט די ווייַסע הענט און קלאָגט.

— וואָס זשע קלאָגסטו, וואָס זשע וויינסטו?
ביסט דאָך, כאָלילע, ניט אליינ,
האָסט א פאַטער, האָסט א מוטער
און א ברודער אינ דער היימ.

— אוי ווי, פאָטער ליבער, פאָטער,
און דו, מוטער ליבע, אויך,
א גרויסער אומגליק האָט געטראָפנ,
א גרויסער אומגליק אינ א בראָך.

אוי וויי, ברודער, ליבער ברודער,
שפאַנ זשע איַינ די שוואַרצע פערד.
הײַנט באַנאַכט דײַנ ליבע שוועסטער
וועט שוינ ליגנ אינ דער ערד.

80

איכ גיי אַרויס אפנ גאַנעקל
דאָס שטעטעלע באַקוקנ.
איכ גיי אַרויס אפנ גאַנעקל
דאָס שטעטעלע באַקוקנ.
קומט צו פליִענ אַ קליינ פייגעלע
אונ טוט זיכ צו מיר בוקנ.
קומט צו פליִענ אַ קליינ פייגעלע
אונ טוט זיכ צו מיר בוקנ.

נישט אַזוי דאָס קליינע פייגעלע,
ווי איר שיינער פליִענ.
נישט אַזוי דאָס קליינע פייגעלע,
ווי איר שיינער פליִענ.
זי וואַרפט אַראָפּ מיר אַ קליינ בריוועלע,
איכ טו עס גלײַכ באַקומענ.
זי וואַרפט אַראָפּ מיר אַ קליינ בריוועלע,
איכ טו עס גלײַכ באַקומענ.

איכ לייענ איבער די ערשטע שורעלע, —
דער געליבטער איז פאַרדאָרבנ,
איכ לייענ איבער די צווייטע שורעלע, —
דער געליבטער איז געשטאָרבנ.
קלײַבט צונויפ אַלע מײַנע כאַווערטעס,
אַלעמענ איניינעם.
ווער ס'האָט נאָר אַ ליבע געפירט,
זאָל מיר העלפנ וויינענ!

★

## 3. פעלשונג

1

לויפט דאָס וואסערל פון דעם וועלדל,
לויפט עס ביז קיין דאנצ;
קומט א מיידל אָן א שיינעם קליידל,
נעמט מען זי נישט צום טאנצ.
א שיין מיידל איז אָנגעקומען,
דער שענסטער באָכער האָט זי גענומען,
ווען טוט עס באנק?
כייַע־שווארצל קלאפט דאָס הארצל,
יוקל לייגט זיך קראנק.

2

האָבער און קאָרן, האָבער און קאָרן,
ריווקע האָט דעם פארטעך פארלאָרן.
יאנקל האָט געפונען, יאנקל האָט געפונען,
וואָלטן זיי זיךביידע גענומען.
ריווקע זיצט און קוקט אין שפיגל
און קאמט זיך פאנאנדער די הערלעך,
איז צוגעגאנגען צו איר יאנקל
און האָט זי באשאָטן מיט קערלעך.

איצט ווייסן שוין אלע, איצט ווייסן שוין אלע,
אז ריווקעלע ווערט שוין א קאלע,
און יאנקל איז דער כאָסן, און יאנקל איז דער כאָסן,
דער שידעך וועט שוין ווערן געשלאָסן.
דער שידעך וועט שוין זייַן, דער שידעך וועט שוין זייַן,
יאנקל האָט דעם פארטעך געפונען;
אזוי איז שוין דער דין, אזוי איז שוין דער דין,
עס קאָן ניט זייַן קיין סאָפעק אין דערינען.

איצטער גייט שוין יאנקל מיט א צווייטער שפאצירן,
צו ריווקען איז ער מער ניט געקומען.
אוי, וויי, זי האָט אליין דעם פארטעך פארלאָרן,
צי קאָן ער דען אן אנדערע נעמען?
אוי, וויי איז אירע יאָרן, וויי איז אירע יאָרן,

יאנקל קאָן אַנדערע אויסקלויבן,
זי האָט דאָך ניט קיין נאָדן, ווער וועט זי איצטער נעמען? —
דעם פּאַרטעך וועט זי מער שוין ניט גלייבן!

3

— קראַנק בין איך, קראַנק,
כ׳ליג אין טיפער קרענק, —
שיקט מיר אַרײַן מײַן געליבטן,
נאָך דעם, וואָס איך בענק.

שלאָף בין איך, שלאָף,
כ׳ליג אין די גרויסע היצן, —
שיקט מיר אַרײַן מײַן געליבטן,
זאָל ער לעבן מיר זיצן.

— זיצן קען איך לעבן דיר,
נאָר טרייסטן קען איך דיך ניט;
כ׳האָב זיך פאַרליבט אין אַ שיין מיידעלע,
און דיך באַדאַרף איך שוין ניט.

— שענער איז זי ניט,
קליגער אוודאי ניט,
גאָט זאָל איר העלפן פיר יאָר סטראַדאַיען,
און דער סאָף זאָל איר אויסגיין, ווי מיר.

שפּאַצירן זײַנען מיר געגאַנגען
אויפן אײַזערנעם בריק;
אַלע מיידעלעך גייען גולײַען,
און איך גיי שוין צוריק.

שפּאַצירן זײַנען מיר געגאַנגען
אויפן גרינעם גראָז;
אַן אומכיין האָסטו אויף מיר געוואָרפן,
כ׳ווייס ניט פאַרוועגן און פאַרוואָס.

4

— קראַנק בין איך מיר, קראַנק,
איך ליג מיר אויף גרויסע היצן,

שיקט אריַינרופֿנ מײַנ טײַער לעבנ,
לאָז זי א קאפּעלע זיצנ.

— זיצנ קענ איכ נישט לעבנ דיר
אונ טרייסטנ קענ איכ ד׳כ ניט.
איכ האָב שוינ א שענערנ,
איכ האָב שוינ א קליגערנ,
אונ דיכ דארפֿ איכ שוינ ניט.

— אוי, שענער קאָנ עפּשער זײַנ,
נאָר קליגער פֿונ מיר איז ער ניט,
אז גאָט וועט אימ ברענגענ צו מײַנע היצנ,
פֿיל ערגער וועט אימ זײַנ פֿונ מיר.

שפּאצירנ זײַנענ מיר געגאנגענ
פֿארבײַ דעמ בינטעלע היי;
אוי, דאָרט זײַנענ מירביידע געגאנגענ,
אזוי ווי די טײַבעלעכ צוויי.

ארומ דעמ אײַזערנעמ בריק
זײַנענ מיר שפּאצירנ געגאנגענ,
אונ דו שלעפּסט מ׳כ שוינ צוריק.
אלע טאָווארישטשעס זײַנענ שפּאצירנ געגאנגענ,
אונ דו שלעפּסט מיכ שוינ צוריק.

5

— צי האָסטו נישט דײַנ עסנ,
צי האָסטו נישט דײַנ טרינקענ,
צי האָסטו נישט דײַנ שיינעמ גאנג?
זאָג זשע מיר, פֿייגעלע, נאָכ וועמענ טוסטו בענקענ,
נאָכ וועמענ טוט דיר אזוי ביטער באנק?

— באנק טוט מיר נאָכ מײַנ טײַער לעבנ,
נאָכ א יינגעלע מיט שווארצע האָר.
א פֿײַער אינ מײַנ הארצ, א פֿײַער אינ מײַנ הארצ,
א פֿײַער אפֿ אייביקע יאָר.

דו האָסט מיר דאָכ צוגעזאָגט בריוועלעכ צו שרײַבנ,
די בריוועלעכ האָבנ מיכ פֿארדאָרבנ;

זאָג זשע מיר, ליובע, צי ביסטו נאָך ערגעץ דאָ,
צי ביסטו שוין גאָר געשטאָרבן?

צי ביסטו געשטאָרבן, מײַן טײַער זיס־לעבן?
צי ביסטו נאָך ערגעץ דאָ?
גאָט זאָל דיר שענקען אַ גליקלעכן לעבן,
און מיר — אַ גליקלעכע שאָ.

אוי, מײַנע כאַווערטעס אַלע
האָבן נישט געשפּילט אַזאַ ראָליע;
דרײַ יאָר האָב איך אַ ליבע געשפּילט,
און צום סאָף נעמסטו אַן אַנדער קאַלע.

מײַן שײנער, מײַן טײַערער קורטעזאַנט!
וויאַזוי וועל איך עס קענען איבערשטײן,
אַז דו וועסט פירן דײַן קאַלע בײַ דער האַנט,
און איך וועל פונדערווײַטנס שטײן?

עס זאָל זיך אופהייבן אַ ווינט,
עס זאָל דיך פאַרווייען צו מיר;
איך זאָל נאָך איין מאָל זען דײַן בילד
און נאָך איין מאָל ריידן מיט דיר.

דו האָסט געמאַכט אַ קלייד, ליובע,
דאָס קלייד איז געווען הימל־בלוי;
וואָס טויג מיר דײַן בילד, וואָס ליגט בײַ מיר אין קאַסטן,
אַז אַליין ביסטו נישטאָ.

6

שימען, שימען, ווען וועסטו קומען?
כ'וועל אַפּ דיר וואַרטן און האָבן אין זינען.
שימען, שימען, ווען וועסטו זײַן,
וועלן מיר גיין אין גאַס אַרײַן!

זי נאָר פירסטו אָפּ אַהיים
און מיך לאָזטו זיצן גאָר אַליין;
מיט איר נאָר גייסטו טאָמער שפּאַצירן,
און מיך מיינסטו נאָר צו פאַרפירן.

גייסטו מיט איר, טאָ וואָס קומסטו צו מיר?
קומסטו צו מיר, טאָ וואָס גייסטו מיט איר?
שימענ, שימענ, ווענ ווערסטו זײַנ,
וועלנ מיר גיינ אינ גאס ארײַנ.

7

עס איז ארויס א מאָדע —
שיכעלעך אפ וואטנ;
אלע שיינע באָכערים
גייענ פאר סאָלדאטנ.

דעם שיינעם גיט מענ אָפּ,
דער מיִעסער גייט ארויס;
ער האָט דאָך מיר צוגעזאָגט,
אז ער וועט ארויס.

אונ אז גאָט האָט שוינ געהאָלפנ,
אז ער איז שוינ ארויס, —
זוכט ער אויס א שענערע,
אונ פונ מיר לאַכט ער אויס!

8

איך גיי אונ גיי אונ גיי
אונ איך גיי ארומ אונ פאל;
איך האָב פארפירט א ליבע,
איך עס מיר אויס מײַנ גאל.

איך עס מיר אויס מײַנ גאל,
עס פוילט אינ מיר מײַנ לונג;
איך האָב פארפירט א ליבע
מיט א שנײַדער-יונג.

מיט א שנײַדער-יונג
וואָלט זיך געוועזנ קעדײַ,
ווי זשע וואָלט גערעדט געווענ?
אז ער זאָל מיר זײַנ געטרײַ!

— איך קען פאר דיר קיין כאָסן ווערן,
פארדריי דיר ניט דײַנע יאָרן;
דו ביסט דאָך א יונג מיידעלע,
און איך דארף דינען פיר יאָר!

— פיר יאָר וועל איך אפ דיר ווארטן,
דײַן זשערעב שטיי איך אויס, —
דײַן מאמע וועט וועלן נאדן,
און דו וועסט זיך מאכן גרויס!

קיין נאדן האָב איך דיר ניט צו געבן,
דאָס ווייסטו זיך גוט אליין;
וויפל צאָרעס וועל איך לײַדן,
אז דו וועסט צום זשערעב שטיין!

איך האָב צו קיינעם גאָרניט,
נאָר צו מײַן כאַווערטע אליין:
זי פלעגט מיך שטענדיק יאָגן, —
הײַנט טוט זי מיט אים אליין גיין.

9

— אוי, קום נאָר אהער, מײַן טײַער זיס־לעבן,
זעצ זיך אנידער נעבן מיר.
וואָס פאר א שלעכטס האָב איך געטאָן דײַן מאמען,
וואָס איך שטיי איר שוין ניט אָן פאר קיין שנור.

און דײַן מאמע, דײַן מוטער, געליימט זאָל זי ליגן,
אפ אירע פיס זאָל זי ניט קענען גיין,
בלינד זאָל זי ווערן, אז מע זאָל זי דארפן פירן,
און קיין צווייטע שנור זאָל זי פאר זיך ניט זען.

און דײַן טאטע, געליימט זאָל ער ליגן,
אפ זײַנע פיס זאָל ער ניט קאָנען גיין,
בלינד זאָל ער ווערן, אז מע זאָל אים דארפן פירן,
און א נעדאָווע זאָל ער קומען צו מיר בעטן.

אונ אז ער וועט א נעדאָווע צו מיר קומענ בעטנ,
אופנעמענ וועל איך אים פארנ שיינעם גאסט.
א שיינע נעדאָווע וועל איך אים נאָך געבנ
דערפאר, וואָס ער האָט זײַנ זונ ניט צוגעלאָזט.

דײַנ שוועסטער, דײַנ שוועסטער ווינטש איך א בראָכע,
אז ס'זאָל איר זײַנ פיל ערגער פונ מיר.
פיר יאָר מיט א יינגעלע זאָל זי זיך ארומפירנ,
אונ ס'זאָל איר אויסגיינ אזא מינ סאָפ ווי מיר.

— אוי, מײַנ שוועסטער, מײַנ שוועסטער האָסטו ניט וואָס צו שעלטנ,
אונ מײַנע עלטערנ זײַנענ אויך ניט שולדיק אינ דעם.
נאָר איך בינ א יינגעלע, וואָס איך האָב מיר בארעכנט,
אז דו ביסט אנ אָרעמ מיידעלע, איך קאָנ מיט דיר ניט גיינ.

— וואָס האָסטו זיך אזוי שפעט בארעכנט?
ס'איז שוינ פיר יאָר, אז דו גייסט צו מיר אינ שטוב,
אונ פונ אזא זיסער ליבע דארפנ מיר זיך ביידע שיידנ,
אונ מע לייגט מיך ארײַנ אינ א פינצטערנ גרוב.

10

— טנאָים אָנ א שאדכנ? א ווייטעק איז דער מאמענ!
דו ביסט דאָך בא מיר אזוי טײַער!
וואָס האָסטו דערזענ אפ דעם נארישנ זשוליק,
וואָס אינ דײַנ הארצנ ברענט אזא פײַער?

— כ'האָב אפ אים, מאמע, גאָרנישט דערזענ,
נאָר ער איז מיר אזוי הערצלעך געפעלנ;
אינ א פרעמדער מעדינע וועל איך מיט אים אוועק,
אונ א כופע וועלנ מיר דאָרט שטעלנ.

כ'האָב זיך מוירע, טאָמער וועט ער ניט וועלנ,
וועט ער זיך מיך מער נישט באדארפנ;
שטיינער אפ מײַנ הארצנ וועל איך מיר אופהענגענ,
אונ אינ וואסער ארײַנ וועל איך זיךווארפנ.

גאָלד און זילבער, מאמע, האָב איך אָנגעוואָרן,
אַלץ דורך ווערמען, נאָר אַליין דורך דיר;
דו וועסט מיר אויסצאַפּן דאָס בלוט פון מײַן הארצן,
אזוי ווי א שענקער צאַפּט אויס דאָס ביר.

אז דער שענקער טוט דאָס ביר אויסצאַפּן,
קומען גוטע־ברידער און טרינקען אויס;
דו וועסט מיר אויסצאַפּן ס׳בלוט פון מײַן הארצן
און גיסן אין דרויסן ארויס!

11

— צי האָב איך דיך בא די פּאָלעס געריסן?
צי בין איך דען נאָכגעלאָפן נאָך דיר?
דו האָסט ארײַנגעשיקט א גוטן-ברודער פאר א שאדכן,
אז מע זאָל מיך צונויפירן מיט דיר.

אפן קנאסמאָל האָסטו מיך ניט גערופן,
געגאנגען בין איך איינע אַליין;
אין א ווינקעלע בין איך מיר געזעסן
און האָב מיר מײַנע צאָרעס צוגעזען.

אפ מאָרגן אינדערפרי גיט מען מיר אָפּ מאזלטאָוו,
מע מיינט, אז דו ביסט א כאָסן פאר מיר;
צי קען איך דען פאר יעדערן דערציילן,
אז דו נעמסט גאָר די קלענערע פאר מיר.

— האָדי דיר שוין, דושעניו, צו וויינען,
וואָס קאָן שוין דיר העלפן דײַן געוויין?
איך בין שוין צו מאזל א כאָסן,
און גאָט זאָל דיר צושיקן דײַן פּאָר.

— אז דו וועסט פון מיר אוועקגיין,
אך, אינמיטן וועג זאָלסטו בלײַבן שטיין,
סקאָרע פּאָמעשטש זאָל דיך צונעמען,
נאָך דײַן לעווײַע זאָל איך דערלעבן גיין.

ווער קאָן א פײַער אָפּלעשן,
עס העלפּט ניט קײן בראַנפן, ניט קײן ספּירט;
עס גײט מיר ניט קײן טרינקען און ניט קײן עסן, —
מײַן ווײסטע ליבע, ווי זי האָט מיך פארפירט.

איך גײ מיר ארויס אין גאַס
טראָווערדיק און אײנע אַלײן.
ער איז אוועק מיט א צווײטער שפּאַצירן,
קעדײ מײַן הארץ זאָל אין מיר צעגײן.

איך גײ מיר ארײַן אין מײַן צימער,
און קאָם, וואָס מע הערט מײַנע טריט;
מײַנע געדאַנקען, זײ קערן זיך מיר איבער,
און אנשלאָפן ווערן לאָזט דאָס מיר ניט.

ער איז געפאָרן א כאָסן צו ווערן,
ס'זאָל אים זײַן אָן מאַזל און אָן גליק,
ער זאָל נאָך דעם שידעך אָפּלאָזן,
און קומען בעסן זאָל ער מיך צוריק.

אפן קנאַסמאָל האָט ער מיך ניט גערופן,
איך בין געגאַנגען אײנע אַלײן.
פיל מענטשן געוויזן מיט די פינגער,
אז אָ־דאָס בין איך זײַן קאַלע געוועזן.

ווי מע האָט גענומען די טנאָים צו שרײַבן,
האָט קײנער מײַן פּאָנעם ניט דערקענט,
א פײַנעם מאַזלטאָוו האָב איך אָפּגעגעבן,
און אין מײַן הארצן האָט א פײַער געברענט.

ווער קאָן מײַן פײַער אָפּלעשן —
מײַן פײַער, וואָס מע זעט קײן פלאַם, —
ער וועט נאָך פון א לעבן וויסן,
און אף מיר וועט אײנגיכן שטײן א צאַם.

די זונ מיט דער לעוואָנע טוענ אַלעס צוזענ
פונ דער צײַט, וואָס מיר האָבנ זיכ ביידע באקאנט.
פארברענט זאָלנ געווענ ווערנ די דאָזיקע מינוטנ,
אוי, איידער איכ האָב דיר געגעבנ מײַנ רעכטע האנט.

אונ אז דו האָסט מיר די רעכטע האנט געגעבנ,
געשעצט האָב איכ זיכ גליקלעכ ווי די וועלט,
דו האָסט דאָכ ארײַנגעשיקט דײַנ כאווער פאר א שאדכנ,
אז דו נעמסט מיכ אָנ קליידער אונ אָנ געלט.

אונ אז דײַנ כאוועער איז צו מיר ארײַנגעקומענ,
געשעצט האָב איכ זיכ גליקלעכ ווי די וועלט.
כײַ וואָלט איכ בעסער דעמ קאָפּ געווענ צעבראָכנ,
איידער ער האָט מײַנ קאָפּ פארדרייט.

אונ אז דו וועסט א כאָסנ ווערנ,
קיינ גוטס וועל איכ ניט זאָגנ אפּ דיר,
ווײַל מיט איר ביסטו געגאנגענ אונ מיכ האָסטו באלײדיקט,
אונ גאָט זאָל דיר צאָלנ פאר מיר.

אונ אז דו וועסט דארפנ א כאָסנ ווערנ,
בא דײַנ קאלע וועט זײַנ א סימכע מיט א פרייד,
אונ איכ וועל ליגנ אפּ דעמ בעטל אויסגעצויגנ,
אונ טאכריכימ וועלנ ליגנ פאר מיר גרייט.

אונ אז דו וועסט דארפנ דאָס פינגערל אָנטאָנ,
א גרויל זאָל דיר איבערגיינ איבער דײַנ לײַב,
דו זאָלסט ניט מיינענ, אז דאָס איז דײַנ זיוועג,
דו וועסט נאָכ האָבנ א צווייטע פאר א ווײַב.

אונ אז דו וועסט דארפנ פונ דער כופּע גיינ,
בא דײַנ קאלע וועט זײַנ א סימכע מיט א פרייד.
איכ וועל ליגנ אפּנ בעטל אויסגעצויגנ,
דער מאלכאמאָוועס וועט שטיינ פאר מיר גרייט.

נאָך איין קלאָלע וועל איך דיר געבן,
אז קינדער זאָלסטו האָבן אָן א שיר;
וויפל דו ווערסט זיי האָבן, זאָלסטו זיי באגראָבן,
און גאָט זאָל דיר צאָלן פאר מיר.

און אז ס'וועט דארפן דאָס לעצטע קינד געבוירן,
א נאָמען זאָלסטו געבן נאָך מיר.
מײַן נאָמען א שיינער, מײַן נאָמען א געטרײַער,
מײַן נאָמען זאָל בלײַבן אין שטוב בא דיר.

14

— קום נאָר אהער, מײַן טײַער זיס־לעבן,
וואָס ביסטו פון מיר אזוי ווײַט?
הער, לאָמירביידע כאסענע האָבן,
מיר פירן זיך שוין אום אזא צײַט.

אוי, אזא צײַט, ווי מיר פירן זיך שוין אום,
א יאָר און צוויי און דרײַ;
ווען איך האָב דיך געבעטן א קנאסמאָל מאכן,
האָסטו געזאָגט: דײַן הארץ איז ניט דערבײַ.

אוי, א קנאסמאָל איז שוין בא אונדז געוועזן,
אָבער קיין כאסענע נאָך ניט.
ווען איך האָב געבעטן א כאסענע מאכן,
האָסטו געזאָגט, דײַן מאמע לאָזט דיך ניט.

נאָר מיט א קלאָלע וועל איך דײַן מאמען טאָן שעלטן,
אז אירע קינדער זאָלן אויך יעסוימים בלײַבן:
אָן א טאטן, און עלנט אָן א מאמע,
אזוי עלנט, ווי איך בין געבליבן.

— אָך, מײַן מאמע האָסטו ניט וואָס צו שעלטן,
ביפראט, אז איך בין נאָך דערבײַ;
ווו האָט מען געזען אן אייגענע מוטער,
זי זאָל איר קינד ניט זײַן טרײַ?

קום נאָר אהער, מײַן טײַער זיס-לעבן,
נים איך האָב שולד דערינ;
ווענ איך האָב געוואָלט מיט דיר כאסענע האָבנ,
שטערט מיר מײַן טאטע דערינ.

— מיט א באזונדערער קלאָלע וועל איך דײַן טאטן טאָן שעלטן,
פארוואָס ער פײַניקט מיך;
איך זאָל נאָך אמאָל ווערט זײַן בא גאָט,
אז ער זאָל נאָך קומען צו מײַן טיר.

— קום נאָר אהער, מײַן טײַער זיס־לעבנ,
ניט איך בינ שולדיק דערײַנ;
ווענ איך האָב געוואָלט מיט דיר כאסענע האָבנ,
שטערט מיר מײַן שוועסטער, ס׳זאָל ניט זײַן.

— מיט א באזונדערער קלאָלע וועל איך דײַן שוועסטער טאָן שעלטנ,
ס׳זאָל איר אויך זײַן ווי מיר:
דרײַ יאָר מים א כאָסנ זאָל זי זיך ארומפירנ,
דערנאָך זאָל ער זיך אויסלאכנ פונ איר.

15

מע זאָגט, אז א ליבע איז א קרענק, וויי איז מיר!
א ליבע איז אנ אומגליק אפ דער וועלט;
פונ א ליבע קריגט מענ א לונגענ־פעלער,
דורכ דער ליבע גייענ קינדער פונ דער וועלט.

— וואָס האָסטו זיך אינ מיר פארליבט, וויי איז מיר!
צי איז דענ נישטאָ קיינ שענערע פונ מיר?
צי איז דענ נישטאָ שענערע מיט געלט?
צי בינ איך דענ גאָר איינע אפ דער וועלט?

— געלט האָב איך שוינ געזענ, וויי איז מיר!
שיינקײַט מאכט בא מיר נישט אויס.
אז איך רייד מיט דיר צוויי קלוגע ווערטער,
ציסטו מיר מײַנ בלוט ארויס.

אפּ דײַנע טנאָימ האָסטו מיך געבעטן, ווײ איז מיר!
אפּ דײַנע טנאָימ בינ איך בא דיר געוועג;
דעמ מאזלטאָוו האָב איך אָפּגעגעבנ —
אונ א פײַער האָט זיך אינ מיר צעברענט.

אפּ דײַנ כאסענע האָסטו מיך געבעטן, ווײ איז מיר!
אפּ דײַנ כאסענע בינ איך בא דיר געוועג;
יעדער איינער טוט טײַטנ מיט די פינגער:
אָט דאָס איז דער כאָסנ דער פריִערדיקער געוועג!

אז מע נעמט ארויס א בלומ פונ גאָרטנ, ווײ איז מיר!
אונ מע זעצט אפּ א צווייט אָרט,
קענ עס שוינ קײנמאָל נישט בליִענ
אזוי, ווי אפּ דעמ ערשטנ אָרט.

16

איך האָב געאקערט אונ געבראָנעוועט,
קעדיי מײַנ ליבע זאָל ניט ברענענ;
א ליבע שפּילנ איז דאָך ניט קײנ קונצ,
צוזאָגנ אונ ניט נעמענ.

אינ א בלאָטע האָסטו מיך ארײַנגעפירט,
ס'איז פונ איר ניט ארויסצוקריכנ;
עס מעג מיך אָפּקאָסטנ מיליאָנענ געלט,
ארומפאָרנ וועל איך דיך זוכנ.

זוכנ וועל איך דיך ארומפאָרנ,
געוויס וועל איך דיך ניט געפינענ;
א שטיינ אפּנ האלדז וועל איך זיך אָנבינדנ,
ארײַנוווארפנ וועל איך זיך אינ ברונעמ.

אינ ברונעמ וועל איך זיך ארײַנוווארפנ,
געוויס וועל איך זיך דאָרט דערטרינקענ, —
אינ מײַנ זיס־לעבנ וועל איך פארגעסנ,
נאָך דיר, מײַנ ליבע, וועל איך בענקענ.

איך האָב געקויפט א גאָלדענעם זייגער
מיט א גאָלדענעם ווײַזער, —
ווער ס'האָט מיך מיט מײַן זיס־לעבן צעשיידט,
ארומגיינג זאָל ער אין די הײַזער.

17

איך האָב געאקערט און געזייט,
קעדיי מײַן טוווע זאָל ניט ברענען,
נאָר ליב צו האָבן איז ניט קיין קונץ,
נאָר ליב צו האָבן און זיך נעמען.

איך האָב געשטעלט א ייַכעלע קאָכן,
ס'איז שוין דרײַ מאָל אויסגעלאָפן,
שוין דרײַ שידוכים האָב איך אָפּגעלאָזט —
און מיטן פערטן ניט געטראָפן.

איך האָב אָנגעהויבן א ליבע שפּילן
אָן כיישעק און אָן אָכאָטע;
פונעם גוטן וועג האָסטו מיך ארויפגעפירט
און ארײַנגעשטעלט האָסטו מיך אין א בלאָטע.

אין א בלאָטע האָסטו מיך ארײַנגעשטעלט,
איך קאָן פון איר ניט ארויסקריכן,
איך וויל זיך שוין דאָס לעבן נעמען,
און פאָרן וועסטו מיך שוין זוכן.

און אז דו וועסט מיך פאָרן זוכן,
וועסטו מיך שוין ניט געפינען.
קיין סאך אף דער וועלט זאָלסטו ניט געדויערן,
צו מיר אף יענער וועלט זאָלסטו קומען.

און אז דו וועסט צו מיר אף יענער וועלט קומען,
וועלן מיר זיך ביידע לאָדן;
און דורך דיר האָב איך פארשפּילט מײַן וועלט,
און דורך דיר האָט מען מיך באגראָבן.

18

איך זיץ בא מײַן ארבעט און איך ארבעט,
און די צאָרעס מײַנע זעט קײנער ניט ארויס;
נאָר אײן פּאָדרוגע פּלעגט מיר שטענדיק זאָגן:
— וואָס זשע ברענט אין דיר די ליבע אזוי גרויס?

גיב א קוק, וויאזוי דו ביסט געוואָרן,
אוי, דו נאריש טײַבעלע, וואָס לאָזטו זיך אין אים ארײַן,
גיב א קוק, וויאזוי דו ביסט געוואָרן,
אז מע נעמט דיך שוין אין באָלניצע ארײַן.

אוי, איך בין אין באָלניצע געקומען,
די דאָקטוירים שטײען ארום מיר.
אַן ענטפער האָבן זײ מיר באלד געגעבן,
אז דאָס הארץ איז שוין געריירט אין מיר.

און ווי מײַן מוטער איז ארײַנגעקומען,
אָנגעהויבן ברעכן האָט זי מיט די הענט;
אז אָך און וויי איז דער מאמען,
אז זי האָט איר אײגן קינד ניט דערקענט.

ווי זי האָט איר טאָכטער דערזען,
אָנגעכאפּט האָט זי זיך בא די האָר,
אז אָך און וויי און וויסט איז דער מאמען,
אז זי באגראָבט איר ברויטגעבערן, וואָס זי איז אלט אכצן יאָר.

19

איך הייב זיך אָן צו באדענקען,
אזוי ווי איך בין געוועזן געזונט און שײן,
הײַנט בין איך מאָלע צאָרעס,
אין מײַנעם הארצן ליגט א שווערער שטײן.

אוי, איז ער שווער, אוי, איז ער שווער,
איך קאָן אים פּאָשעט ניט דערטראָגן;
א גרויסער ווײטעק אין מײַנעם הארצן,
און איך קאָן פאר קײנעם ניט אויסזאָגן.

דערציילן פאר א סוינע איז דאָך ניט גוט,
און פארגן בעסטן פרייַנט איז דאָך שלעכט.
נאָר איין גאָט ווייסט דעם עמעס,
אז איך ליג אפן טויטנ־בעט און קרעכצ.

20

אוי, איך זיצ מיר בא מייַן ארבעט און ארבעט,
מייַנע גרויסע צאָרעס זעט קיינער ניט ארויס,
וויאזוי זאָל איך ניט וויינען און ניט קלאָגן,
אז מייַן שיינער שייַקע שיקט מיך שוין ארויס.

איך און שייַקע בינ אפ א כאסענע געגאנגען,
און מייַן מאמע, זי האָט אים צום ערשטן מאָל געזען,
אפ א ווונק האָט זי מיך אוועקגערופן:
— אוי, זע, אידאמי, מיט וועמען דו טוסט גיין.

— מיט וועמען איך טו גיין זאָל ניט זייַן דייַן אייסעק,
און קיינ דייעס, מאמע, פרעג איך ניט בא דיר,
און איך וועל דארפן פאר שייַקען א קאלע ווערן,
קומען פרעגן וועל איך ניט בא דיר.

אינ די גרעסטע שנייען, אינ די גרעסטע זאווערוכעס
מיט דיר צו גיין בינ איך ניט געווען פויל;
אוי, הייַנט טוסטו מיך באליידיקן,
אז בא אלע באָסיאקעס ליג איך שוין אינ מויל.

21

— איך האָב שוין ניט קיין קויעך בא דער ארבעט אייַנצוזיצן
און פאר מייַן מאמען זאָג איך דאָס ניט אויס, אוי, ניט אויס!
אוי, האָב אפ מיר ראכמאָנעס און ווער פאר מיר א כאָסן
און נעמ מיך פון דער ארבעט שוין ארויס!

— פאר דיר א כאָסן ווערן איז פאר מיר קיין ראסטשאָט ניט,
כ׳בין נאָך גאָר א באָכערל צום שטיין, אוי, צום שטיין!
— און ווייַל דו ביסט א באָכערל מיט פאלשע געדאנקען,
פון ניקאָלקעס הענט זאָלסטו ניט אנטגיין!

צווישן בערג און טאָלן זײַנען מיר ביידע געגאנגען,
קיינער האָט פון אונדזער ליבע ניט געוווּסט, ניט געוווּסט;
הײַנט טוען אַלע זינגען, אין אַלע גאסן קלינגען,
אַז אונדזער ליבע איז געווען אומזיסט.

— דער טאַטע וויל נאדן, די מאַמע וויל נאדן,
און פון דעם נאדן וועלן מיר ווערן רײַך, אוי, רײַך!
— גאָט זאָל זיי שענקען דעם נאדן צו פאַרקרענקען,
זיי זאָלן זײַן מיט אַלע קאַפּצאָנים גלײַך!

— נאָר דיך האָב איך ליב, און דיך מוז איך האָבן,
מיט דיר מוז איך אויספירן מײַן וועלט, אוי, מײַן וועלט!
דעם טאַטן אָפּצעלאָכעס, דער מאַמען אָפּצעלאָכעס,
איך וועל דיך נעמען אָן אַ גראָשן געלט!

22

בא מײַן מאַשינדעלע טו איך מיר זיצן
אָנגעבויגן, אַן אָרעם קינד,
יעדער ביינדעלע צונויפגעצויגן,
אַז פון מײַן אַרבעט ווער איך שיר ניט בלינד.

ווי אַ קאָפּעקע צונויפגעקליבן,
אוועקגעלייגט האָב איך אָפּ אַ זײַט,
ווידער הייב איך זיך מיר אָן באַקלערן,
אַז צו קיין שידעך איז דאָך ניט ווײַט.

ווי אַ קאָפּעקע צונויפגעקליבן,
איך האָב געמיינט, אַז ער איז שוין דאָ,
ווידער הייב איך מיר אָן באַקלערן:
מע שרײַבט שוין תּנאָים אין אַ גוטער שאָ.

מע האָט די תּנאָים נאָר אָנגעשריבן,
מײַן מאַמע זעט, זי ווערט צעקוועלט,
זי האָט שוין איר איינציק קינד באַוואָרנט,
זי זאָל פאַרמאָגן אַ שטיקל ברויט.

ווי אזוי באקומט זי דעם נאָמען מאמע, —
זי ווערט פארבונדן מיט א קליין קינד;
ווי אזוי באקומט ער דעם נאָמען טאטע, —
ער פאָרט אוועק אָן א „זײַ-געזונט".

23

— אין א פינצטערן טאָג
האָסטו, מאמע, מיך געבוירן;
ווען איך האָב ליב,
האָב איך אָנגעווירן.

ווען איך האָב עמעס ליב,
דעם ווער איך אָן,
און דעם, וואָס איך האָב עמעס פײַנט,
צו דעם קום איך אָן.

— אוי וויי, טאָכטער,
מע טאָר אזוי ניט זײַן,
דער זייגער האָט שוין צוויי געשלאָגן,
גיי אין שטוב ארײַן.

לאָז זיך דיר שוין אויסווײַזן,
דו ביסט מיט אים געגאנ.
— אוי וויי, מאמע, פארצאפ מיר מיין קיין בלוט,
לאָמיך מיט אים אויסריידן כאָטש איינע צוויי מינוט.

לאָמיך מיט אים אויסריידן
כאָטש נאָך איינע צוויי מינוט,
און לאָמיך אים שוין אָפגעבן
דאָס לעצטע קאפל בלוט.

24

מאמעניו, ליובעניו, קרוינעלע, הארצעלע,
שווײַג שוין א ווײַלינקע שטיל!
לעש אין מיר מײַן העלישן פײַער
און גיב מיר שוין ווען איך וויל!

איך האָב זיך אײַנגעליבט אין א שיין מיידעלע,
שיין, ווי א רענדל גאָלד,

זי, מאמעניו, האָב איך דאָך געליבט,
און זי האָב איך טאקע געוואָלט!

שפּאצירן, דושעס־לעבן, זײַנען מיר געגאנגען
ארום און ארום דעם בולוואר;
אלע באָכערימלעך שפּילן דאָך ליבעס,
און איך בין געבליבן א נאר.

שפּאצירן, דושעס־לעבן, זײַנען מיר געגאנגען
ארום און ארום דעם גראָז;
און וואָס פאר אן אומכיין האָסטו אפּ מיר געוואָרפן,
גוואלד, איך ווייס ניט פאר וואָס!

שפּאצירן, דושעס־לעבן, זײַנען מיר געגאנגען,
א האנט פארלייגט אפּ א האנט;
אז איך נעם זיך דערמאָנען, אז דו ביסט ניט מײַן,
שלאָג איך זיך קאָפּ אָן דער וואנט.

אוי, א כאָלעם האָט זיך מיר געכאָלעמט,
און א כאָלעם האָט זיך מיר געדאכט,
די ראָזינקע בעקעלעך מיט די שווארצינקע אייגעלעך
האָבן מיך קראנק געמאכט!

קראנק, דושעס־לעבן, בין איך געלעגן,
ביסטו צו מיר ניט געקומען;
הײַנט זע איך, מײַן ליב לעבן,
אז דו האָסט שענערס און בעסערס באקומען.

שענערס און בעסערס, מײַן ליב לעבן,
איז גאָר ניטאָ אפּ דער וועלט!
הײַנט זע איך, מײַן זיס־לעבן,
אז דו ליבסט מיך נאָר פאר מײַן געלט!

א כאָלעם, א כאָלעם האָט זיך מיר געכאָלעמט,
א כאָלעם האָט זיך מיר אויסגעדאכט;
אוי, דער פאלשער מערדער, מיט זײַנע פאלשע ווערטער,
אוי, צו אלע צאָרעס האָט ער מיך געבראכט!

שפּאַצירן, שפּאַצירן זײַנען מיר געגאַנגען,
אַף דרויסן איז געווען אַ גרויסער ווינט;
פֿיל מיר האָבן ביידע די ליבע אײַנגעטײַנעט,
ווי [illegible]וטער מיט אַ קלײנעם קינד, אַ קינד!

שפּאַצירן זײַנען מיר געגאַנגען,
אַף דרויסן איז געווען אַ גרויסער רעגן;
פֿיל מיר האָבן ביידע די ליבע אײַנגעטײַנעט,
גאָט ווייסט פֿון ווענענס וועגן!

שפּאַצירן זײַנען מיר געגאַנגען,
אַף דרויסן איז געווען אַ שניי, אַ שניי;
פֿיל מיר האָבן ביידע די ליבע אײַנגעטײַנעט, —
אין מײַן האַרצן טוט מיר וויי, אוי, וויי!

שפּאַצירן זײַנען מיר געגאַנגען,
אַף דרויסן איז געווען אַ גרויסע בלאָטע;
פֿיל מיר האָבן ביידע די ליבע אײַנגעטײַנעט, —
אוי, אַף אַלע רייד האָב איך גאָר כאַראָטע!

שפּאַצירן, שפּאַצירן זײַנען מיר געגאַנגען,
אַף דרויסן איז געווען אַ מאָרעשכוירע;
— אָט גייט מען שוין פֿון מײַן היים, מע וועט מיך דערזען!
— דושעניו, פֿאַר ווענען האָסטו מוירע!

— איך שעלט דעם טאָג פֿון מײַן געבאָרן,
בעסער וואָלט איך פֿאַרלאָרן געוואָרן!
בעסער וואָלט איך פֿאַרלאָרן געוואָרן,
איידער איך האָב דיך דערקענט!

ניט מיין, ניט מיין, אַז דאָס וועט דיר זײַן געראָטן,
מיך צו לייגן אַ יונגע אין דער ערד!
נויקעם וועט זיך מיט דיר זײַן דער סאָטן,
דו וועסט ניט האָבן באַ מענטשן קיין ווערט!

וואָס אַ ווײַלע און וואָס אַ רעגע
זע איך דיך מיט אַ צווייטער גיין;

שטעכן וועל איך זיך מיט א מעסער, —
מייַנע אויגן זאָלן די צאָרעס ניט זען!

— ניט שטעך זיך, דושעניו, מיט א מעסער,
ניט שטעך זיך, דושעניו, מיט א מעסער!
איך וועל מיט מאזל א כאָסן ווערן,
און דיר וועט גאָט אויך וועמען באשערן!

א נייַע ליד וועל איך אייַך, מענטשן, זינגען, —
די ליבע האָט מיר געקאָסט געזונט מיט שמערצן;
וועמען עס איז פאָרגעקומען א פאלשע ליבע,
יענער זאָל קומען צו מייַן ביטערן הארצן!

26

ער קומט צו מיר צו גיין מיטן שטעקעלע אין האנט,
מיטן שטעקעלע אין האנט;
ער גייט אוועק צו אן אנדערער,
ס׳איז פאר מיר א שאנד.

ער קומט צו מיר צו גיין,
גיט ער מיר א פאָר האנטשן;
ער גייט אוועק צו אן אנדערער,
גייט ער מיט איר טאנצן.

ער קומט צו מיר צו גיין
און קושט מיר אויס מייַנע גלידער;
ער גייט אוועק צו אן אנדערער,
מאכט ער פון מיר א געשלידער.

ער קומט צו מיר צו גיין
און זאָגט מיר א סאָד אפּן עווער;
ער גייט אוועק צו אן אנדערער,
גראָבט ער פאר מיר א קייווער.

א ליבע שפּילן איז אויך ניט קיין אוולעריַי,
איז אויך ניט קיין אוולעריַי,
— ווען איז דאָס גערעדט
מיט איינער, ניט מיט דרייַ.

א ליבע שפּילן דאַרף מען וויסן ווען,
דאַרף מען וויסן ווען,
ווען איז דאָס גערעדט —
מיט איינער, ניט מיט צען.

27

א ליבע איז גוט צו שפּילן,
דאָס איז ניט קיין נאַרערײַ,
ווען איז דאָס גערעדט געוואָרן —
מיט איינער, ניט מיט דרײַ.

קומט צו גיין צו מיר,
קושט מיר אויס מײַנע גלידער,
ער גייט אַוועק צו דער אַנדערער
און שרײַבט פון מיר לידער.

ער קומט צו גיין צו מיר
און זאָגט: כ'וועל דיך נעמען,
גייט אַוועק צו דער אַנדערער
און שרײַבט פון מיר נעמען.

קומט צו גיין צו מיר,
זאָגט: כ'האָב דיך ליב,
גייט אַוועק צו דער אַנדערער
און גראָבט אַפּ מיר אַ גרוב.

סקוטשנאָ, דאָסאַדנאָ,
יאַ כּאָ אוליצע ניע אידו.
אָנ, פּאָדליעצ, ניע זנאיעט,
טשטאָ יאַ יעוואָ ליובליו.

דער הימל און די שטערן
נעמען אָן מײַנע טרערן,
און מײַן געוויין
גייט צו גאָט אַליין.

איך בין געגאנגען מיט אים שפּאַצירן,
ניט ארום ווייץ און ארום קאָרן,
איך האָב געהאַט א טײַערן שטיק
און איך האָב אים פאַרלאָרן.

28

א באָכער ליבט א מיידל,
ער ליבט זי זייער וויל,
ער רופט זי „קעצל", „טײַבל",
זי זאָל שוין זײַן פאַר אים.

צו דעם צווייטן מיידל טוט ער זאָגן:
„מיידעלע, קום אהער".
א באָכער זאָלסטו גלייבן
פונדאנען ביז אהער.

29

איך וועל אײַך זינגען א ליד,
וואָס איך האָב זיך באַדאַכט פון שלאָף.
איך וועל אײַך גאַנץ ריכטיק דערציילן
פון א פאַלשער ליבע דעם סאָף.

איך האָב זיך פאַרליבט אין א מענטשן,
וואָס איז אים גאַנץ ווײַט צו געפינען,
און ווי ער פלעגט אוועקגיין פון מיר,
אזוי פלעגט ער האַלטן א צווייטע אין זינען.

איך פאַרגין איר מיטן גאַנצן האַרצן,
זי זאָל דעם פאַלשן יונג דערקענען;
ווי זי וועט קריגן פון אים א זינען,
אזוי וועט איר די ליבע טאָן ברענען.

ער האָט מיר צוגעזאָגט צו קויפן פּרעזענטן,
אָבער ס'איז אַלעס אוועק ווי אָן א ווירט,
עס איז געקומען א מערדער, א באַטריגער
און האָט מיך פון וועג אראָפּגעפירט.

ער האָט גענומען מײַן האַנט
און האָט מיר גאַנץ הייליק צוגעשוואָרן,
ער האָט געזאָגט, עס קען אַנדערש ניט זײַן,
אַז מיר מוזן פֿאַרבלײַבן אױף אײביקע יאָרן.

30

די לעוואָנע שײַנט,
ווי די גאַנצע וועלט, —
אָרעם איז ניט קיין שאַנד,
כ'האָב פֿאַרשפּילט מײַן וועלט;
כ'האָב געטאָן אַזאַ זאַך,
כ'האָב זיך גאָר ניט באַטראַכט.
כ'האָב געמיינט, אַז ס'איז טאָג,
צום סאָף איז גאָר נאַכט.

— זע, ווי די שטערן גייען אויף, —
אַז מע פֿאָלגט ניט קיין מוטער,
גייט אויס אַזאַ סאָף.
— יאָ, מאַמע, יאָ,
דו ביסט גערעכט.
וועלכע מוטער
פֿאַרלאַנגט איר קינד שלעכטס?

— טעכטערל דושעניו,
טעכטערל קרוינ,
זאָג זשע מיר, דושעניו,
וואָס טוט דיר וויי?
גיי צו אַ דאָקטער,
אָדער צו צוויי,
זאָל ער דיר זאָגן,
וואָס טוט דיר וויי?

— אַ דאָקטער קען העלפֿן
צו אַלערליי קרענק,
אָבער ניט מיר,
נאָך וועמען איך בענק.

וואָס טויג מיר דער דאָקטער
מיט זײַנע רעפּועס?
ס'זאָל אים זײַן אזוי ביטער,
ווי מיר איז ניט זיס.
ס'זאָל אים זײַן אזוי ביטער,
ווי מיר איז ניט זיס.
פון מיר האָסטו, דושע,
דעם לעצטן גריס.

ער האָט מיר געשענקט
א שפּילקע פון גאָלד,
קעדיי מיר זאָלן זײַן
ביידע א פּאָרפאָלק.
איך באדארף ניט זײַן שפּילקע,
איך באדארף ניט זײַן גאָלד,
מיר קענען ניט זײַן
ביידע קיין פּאָרפאָלק.

ער האָט מיר געשיקט
געלט און פּערל,
קעדיי זײַן שיינער פּאָנעם
זאָל מיר זײַן געפעלן.
איך דארף ניט זײַן פּערל,
איך דארף ניט זײַן געלט,
ער זוכט זיך א מיידעלע
פון הײַנטיקער וועלט.

— כ'בין אויסגעפאָרן
די גאנצע וועלט,
כ'האָב געזען שיינע מיידעלעך
מיט א סאך געלט.
כ'האָב געזען שיינע מיידעלעך
גאָר אָן א שיר,
איצט בין איך געקומען,
דושעניו, צו דיר.

— צו מיר אין שטוב
ביסטו ארײַנגעקומען,

מיט דײַנע זיסע רייד
האָסטו מיך גענומען.
גענומען האָסטו מיך, דושעניו,
מיט דײַנע זיסע רייד,
איצט ווער איך, דושעניו,
פֿון דיר אָפּגעשיידט.

31

א שיינע וועלט, א ליכטיקע וועלט,
נאָר די וועלט איז זיך ניט פֿאר מיר,
אזא יונג קינד פֿון צוואנציק יאָר
דארף זיך זוכן אין דר׳ערד א טיר.

און מײַנע עלטערן טוען נאָך זייער ווייטעק ניט וויסן,
אז אָך און וויי איז זיי און ווינד,
אָט באלד וועט מען ברענגען מיך אף א פֿערד צו פֿירן
צו זיי, זייער ליב קינד.

מײַנע עלטערן האָב איך געטאָן זאָגן,
האָבן זיי געמיינט, אז איך טרײַב מיט זיי קאַטאָוועס;
אזוי האָב איך אָפּגערעשעט באלד,
אז די קרעניצע זאָל זײַן מײַן מאלכאמאָוועס.

אוי, איר מענטשן, ליבע מענטשן,
איר וועט וועלן וויסן, וואָס מײַן שולד איז געווען,
איר וועט מעגן זאָגן, אז איך בין געווען מעשוגע,
וואָס איך האָב מיר גענומען דעם טויט אליין.

אוי, פֿאָטער מײַנער, מוטער מײַנע,
איר פֿארשפּילט אצינד אײַער קינד,
אז איר וועט מיר ניט אויסהיילן די ווונדן,
וועל איך מיר נעמען דעם לעבן גיך און געשווינד.

מײַנע רייד זײַנען זיי ניט געגאנגען אין קאָפּ.
זיי האָבן געמיינט, אז איך טרײַב מיט זיי קאַטאָוועס.
אזוי האָב איך אָפּגערעשעט באלד,
אז די קרעניצע זאָל זײַן מײַן מאלכאמאָוועס.

זײַט מיר געזונט, מײַנע פֿאָטער־און־מוטער,
איך רייד מיט אײַך דאָס לעצטע מאָל,
אײַך איז וויי, און מיר איז ביטער,
איר זײַט נאָך ניט קיין פּאָר צו מיר.

איר קענט נאָך אַמאָל אײַער אומגליק פֿארגעסן,
אָבער אָך און וויי איז מיר און ווינד,
אז איך אליין דארף מיר נעמען מײַן לעבן,
פֿון צוואנציק יאָר אזא מין יונג קינד.

אָט באלד וועט זײַן די מיטע מײַן בעט,
און די טאכריכים וועלן זײַן מײַנע קליידער,
און דער קיווער וועט זײַן מײַן קאבינעט,
און די ווערעם וועלן עסן יעדן אייווער.

יעדן אייווער וועלן זיי עסן,
אז אָך און וויי איז מיר און ווינד,
אז איך אליין דארף מיר נעמען דאָס לעבן,
פֿון צוואנציק יאָר אזא יונג קינד.

מאָנטיק פֿארנאכט בין איך שלאָפֿן געגאנגען,
אז פֿארטאָג זאָל איך אויספּילן מײַן פֿינצטער'ן פּלאן.
אוי, שטעלט אײַך פֿאָר, מײַנע ליבע מענטשן,
מיט וואָסער לאגע איך בין געגאַנ.

אז דער טויט האָט פֿאר מײַנע אויגן געטאָן שוועבן,
אז אָך און וויי איז מיר און ווינד,
אז איך אליין דארף מיר נעמען דאָס לעבן,
פֿון צוואנציק יאָר אזא יונג קינד.

32

עפּשער ווילט איר די ליד אויסהערן,
וואָס אין שטאָט קאמענעץ ס'האָט זיך פּאסירט:
א יינגעלע האָט געליבט א שיין מיידעלע,
און ער האָט זי פֿונעם וועג אראָפּגעפֿירט.

ווי מישע איז אין שטוב ארײַנגעגאנגען צו סאָניען,
האָט סאָניע אים געזאָגט: — מינאסטאם —

נאָר טאָמער ווערסטו מיך, מישענקע, ניט נעמען,
אזוי נעם איך א גלעזועלע סאַם.

— אוי, סאָניעטשקע, איך קען דיך ניט נעמען,
דו מעגסט איינעמען א גלעזועלע סאַם.
אוי, סאָניעטשקע, איך קען דיך ניט נעמען,
ווייל דיין פאָטער איז א גרויסער אָרעמאַן.

דינסטיק באַטאָג צוועלף אזייגער,
ווי מ'האָט סאָניען אין שפּיטאָל אריינגעברענגט,
פיל מענטשן זיינען בא די פענצטער געשטאַנען,
מ'האָט שוין סאָניען אין פּאָנעם ניט דערקענט.

ווי מישע איז אריינגעגאַנגען צו סאָניען,
אפן הארצן ט'ער געהאַלטן די האַנט:
— כ'וואָלט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט גלייבן,
אז דו זאָלסט דאָ ליגן געסאַמט.

— דיין מאַמע האָט דיך געהאָדעוועט מיט ווייסן קוילעטש,
און אליין האָב איך געגעסן שווארץ ברויט,
גאַנץ קאַמענעץ וועט גיין זאָגן איידעס,
אז דו האָסט געהאַט א כיילעק אין מיין טויט.

ווי מישע איז ארויסגעגאַנגען פון סאָניען,
איז ער געגאַן און צו זיך אליין געקלערט,
צי זאָל ער זיך אין וואַסער אריינוואַרפן,
ס'איז אים זשאַלקע לאָזן א שיינע וועלט.

ווי מישע האָט זיך אין וואַסער אריינגעוואָרפן,
האָט ער אָנגעהויבן שווימען ווי א פיש.
— ווו נעם איך איצט מיין געליבטע סאָניעטשקע
און צום לעצטן מאָל איר געבן א קוש.

33

— אין א שטילער נאַכט
קיין מענטשן זעט מען ניט ארום,
דאָרט גייט א יונגע מיידל
און א באָכער ארום און ארום.

ווי ער האָט זי דערזען,
אזוי איז ער געבליבן שטיין:
— יעצט איז די צײַט געקומען
זאָלסט מיר זאָגן: יאָ צי ניין!

— ליבן ליב איך דיך,
מײַנע עלטערן לאָזן מיך ניט;
מײַנע עלטערן טוען מיר שטערן,
איך קען פאר דיר א קאלע ניט ווערן!

ווי ער האָט נאָר דאָס דערהערט,
איז ער געפאלן מיטן פּאָנעם צו דער ערד.
זײַן ליבע האָט זיך געשלאָסן:
פון א רעוואָלווער האָט ער זי געשאָסן.

ווי ער האָט דאָס דערזען,
אז זײַן ליבע איז געפאלן, ווי א שטיין,
האָט ער אומגעקערט דעם רעוואָלווער
און האָט געשאָסן זיך אליין.

— מענטשן, מענטשן ליבע,
נעמט אראָפּ פון מיר א רײַע:
איך האָב געהאָפּט צו דער טאָכטערס כופּע גיין,
צום סאָף דארף איך גיין צו דער לעווײַע!

מענטשן, מענטשן טרײַע,
נעמט אראָפּ פון אונדז א רײַע:
דערינען איז גאָט ניט שולדיק,
נאָר פאָטער־און־מוטער טרײַע!

— זײַט זשע געזונט, מײַנע ליבע עלטערן,
איר האָט מיך פון אים פארהאסט;
בעסער וואָלט פאר אײַך געוועזן,
אז איר וואָלט מיך פאר אים פארקנאסט!

זײַט געזונט, מײַנע ליבע עלטערן,
איר האָט מיך פאריאָגט פון דער וועלט;
יעצט דארף ער גיין אין קייטן געשלאָסן,
און איך דארף ליגן אין דער ערד!

צוועלפֿ אזייגער האלבן טאָג,
ווען אלע מיידעלעך טוען עסן גיין,
שײַקע פּאלמען טוט דאָרט ווארטן,
אז ווערעטשקע זאָל דורכגיין.

ווי ער האָט זי נאָר דערזען,
איז ער לעבן איר געבליבן שטיין:
— איצטער, ווערעטשקע, איז די צײַט געקומען,
דו זאָלסט מיר זאָגן: יאָ צי ניין!

— איך ליב דיך יאָ און איך ליב דיך ניט,
מײַנע עלטערן — זיי שטערן מיר,
מײַנע עלטערן — זיי טוען מיר שטערן,
איך זאָל פאר דיר קיין קאלע ניט ווערן.

ווי ער האָט נאָר דאָס וואָרט דערהערט,
אזוי האָט דאָס אים שטארק פארדראָסן,
ארויסגעכאפּט האָט ער דעם רעוואָלווער
און האָט ווערעטשקען געשאָסן.

ווי ער האָט זי נאָר געשאָסן,
דעם מויעך האָט ער זיך באלד צעריסן,
נאָך פּאָליציע באָדײַ געלאָפן —
און שײַקע פּאלמען ארעסטירט.

ווי די מוטער איז געקומען פון מארק,
דאָס פלייש ניט אויספּייעט אָפּגיסן, —
ארײַנגעלאָפן איז א קליינינק מיידעלע
און זאָגט, אז ווערעטשקע איז געשאָסן.

ווי די מוטער האָט דאָס דערהערט,
זי האָט ניט געוווּסט וווּ צו לויפן,
מיט הייסע טרערן האָט זי ווערען באגאָסן
און האָט זי ניט געקאָנט אויסקויפן.

נעמט זיך צונויף, אלע כאוועךטעס,
נעמט פון ווערעטשקעס די רייַע,
איר האָט געךעכנט גיין צו איר כופע,
איצטער גייט איר צו איר לעווייַע.

נעמט זיך צונויף אלע מוטערס,
נעמט פון ווערעטשקעס די רייַע,
אזוי פיל צייַט א ליבע שפּילן
און בא קיין עלטערן ניט פּויעלן.

35

— דו צעבךעכסט מיר מייַן האךצ, מייַן גילדענע מוטער,
דו צעבךעכסט מיר מייַן האךצ ווי א שאךבן;
וועסטו מיר נישט געבן פייגעלען פאר א ווייַב,
יונגערהייט וועל איך שטאךבן.

— יונגערהייט זאָלסטו שטאךבן,
יונגערהייט וועט מען דיך באגראָבן;
פייגעלען פאר א ווייַב וועל איך דיר נישט געבן,
פייגעלען וועסטו נישט האָבן.

— מאמע־לעבן, קרוינע־לעבן,
א מעס וועסטו האָבן אין דייַן שטוב,
אז דו וועסט נישט געבן די גילדענע פייגעלע,
די, וואָס איך האָב זי ליב.

— אוי, לייבע־לעבן, קרוינע־לעבן,
א מעס זאָל איך האָבן אין מייַן שטוב.
פייגעלען פאר א ווייַב וועל איך דיר נישט געבן,
די, וואָס דו האָסט זי ליב.

לייבע־לעבן, קרוינע־לעבן,
לאָמיר ביידע פאָרן קיין ווין;
דאָס שענסטע מיידעלע, וואָס דו וועסט דיר אויסקלייַבן,
א שידעך וועל איך מיט דיר טאָן.

— אוי, מאמע־לעבן, אוי, קרוינע־לעבן,
איך בין שוין געווען אין ווין,
דאָס שענסטע מיידעלע וועל איך נישט נעמען,
איך וועל נישט קיין שידעך טאָן.

אזויווי לייבעלע האָט דאָס דערהערט,
איז ער צו פייגעלען געלאָפן:
— אוי, פייגעלע־לעבן, קרוינע־לעבן,
אַן אומגליק האָט אונדז געטראָפן!

אדיע, אדיע, מײַן גילדענע פייגעלע,
ס'איז שוין דאָס לעצטע מאָל!
האָט זי אָנגעהויבן צו גיסן מיט טרערן,
גאָר אָן א צאָל.

אזויווי לייבעלע איז אין שטוב ארײַנגעקומען:
— אך, מאמע־לעבן, גיב מיר עפּעס עסן!
דער דאָקטער פון ווין האָט מיר פארשריבן א מעדיצין,
איך זאָל שוין אָן פייגעלען פארגעסן...

— אָ, לייבע־לעבן, קרוינע־לעבן,
כ'האָב דיר מוירע צו געבן עסן;
פייגעלע איז א גוילעם, פייגעלע איז א טאם,
דו זאָלסט נישט ארײַנטאָן קיין סאם!

אזויווי לייבעלע האָט דעם לעפל צום מויל גענומען,
האָט ער פארגלאָצט מיט די אויגן;
אזויווי פייגעלע איז דאָס געווירע געוואָרן,
איז זי צו לייבעלען געלאָפן,
האָט זי אים מיט די פיס צו דער טיר געטראָפן.

— אך, מענטשן, איר מענטשן, איר אלע מענטשן,
זעט נאָר, וואָס א מוטער האָט געמאכט!
פיל נעפאשעס וואָלט פון אונדז ארויסגעקומען,
האָט זי זיי פון דער וועלט געבראכט.

אך, מענטשן, איר מענטשן, איר אלע מענטשן,
זעט נאָר, ווער דאָ ליגט טויט!

א האלבער וועלט מענטשן טו איך צו שווערן,
אז איך וועל בלײַבן א מויד.

— פייגעלע-לעבן, קרוינע־לעבן,
קום אַרײַן, וועל איך דיר געבן עפּעס צו עסן!
— א מאמע וועל איך זײַן, און קינדער וועל איך האָבן,
און אָן מײַן לייבעלען וועל איך נישט פארגעסן.

איך וואָלט שוין געוואָלט, עס זאָל זײַן אינדערפרי,
כ׳זאָל מיר שטעלן בא די פענצטער;
אלע יינגעלעך גייען פארבײַ —
מײַן לייבע איז געווען דער שענסטער!

איך וואָלט שוין געוואָלט, עס זאָל זײַן פארנאַכט,
איך זאָל מיר שטעלן בא דער טיר;
אלע יינגעלעך גייען פון דער ארבעט,
מײַן לייבעלע איז נישטאָ בא מיר!

עס איז ארויסגעקומען א נײַע מאָדע,
איך האָב געמאכט א קלייד;
פארשאָלטן זאָל ווערן יענער מענטש,
וואָס האָט אונדז ביידע צעשיידט!

דרײַ, פיר יאָר האָבן מיר א ליבע געפירט,
מיר האָבן זיך געלעבט בעשאָלעם;
די גאנצע טרייסט וואָלט מיר נאָך געווען,
איך זאָל אים זען אין כאָלעם!

36

בא דעם טײַך דעם ברייטן
זיצט זיך א מיידעלע גאָר אליין,
אָנגעטאָן גייט זי אין רײַכן,
און זי זיצט באַם טײַך און וויינט.

זי האלט א קינד אף די הענט,
וואָס איז ערשט ניט לאנג געבוירן געוואָרן,
און זי גיט עס די מילך זויגן,
און טרערן רינען פון אירע אויגן.

דײַנע פאָטער דער מערדער,
ער האָט דיך אומזיסט אפּ דער װעלט געבראכט,
דער ציגײַנער, דער טאַטער,
ער האָט מיך אומגליקלעך געמאכט;
דער ציגײַנער, דײַן פאָטער,
דאָרטן זיצט ער און לאכט.

איך האָב אים געגלײבט אפּ זײַן ערנװאָרט
און אפּ זײַנע הײליקע שװוּעס,
בא מײַנע עלטערן אין גאָרטן, דאָרט,
בין איך געװען אין טאָעס...

אוי, גאָט, ס'הײבט שוין אָן צו טאָגן,
און מענטשן קענען מיך נאָך דערזען,
זײ װעלן געװיס מײַנע עלטערן זאָגן,
װאָס מיט מיר איז די נאכט געשען.

פיש, פיש, קומט נאָר אהער!
איך האָב אײַך עפּעס צו זאָגן,
איך האָב אײַך געבראכט עפּעס צו טראָגן,
איר װעט פון דעם האנאָע האָבן.

אדיע, אדיע, מײַן געליבטעס קינד!
אצינד װעסטו זינקען ביז צום גרונט,
די פיש אין װאסער װעלן דיך אופּעסן —
נאָר איך, דײַן מוטער, װעל דיך נישט פארגעסן!

37

— א גוט־מאָרגן, א גוט־מאָרגן, ליבסטער האר!
— א גוט־יאָר, א גוט־יאָר, מײַן געליבטסטער קנעכט!

— צי דענקסטו מיר ניט געבן דײַן שװעסטער פאר א װײַב?
צי דענקסטו מיר ניט געבן דײַן שװעסטער פאר א װײַב?

— װי זאָל איך דיר געבן מײַן שװעסטער פאר א װײַב,
אז זי איז פון דיר אײדעלער אין לײַב?

— ווי איז זי פון מיר איידעלער אין לײַב,
אז זי האָט ניט לאַנג א קינד פון מיר געהאַט.

ווי דער ברודער האָט דאָס דערהערט,
אזוי האָט ער געהייסן שפּאַנען פערד.

— פון אינוויינעניק מיט ווײַס, פון אויסנווייניק מיט רויט,
בא מיר איז דאָס ערגער ווי דער טויט.

— א גוט-מאָרגן, א גוט־מאָרגן, מײַן ליבסטע שוועסטער!
— א גוט־יאָר, א גוט־יאָר, מײַן ליבסטער ברודער!

— מאַזלטאָוו דיר, מאַזלטאָוו דיר פאַר דײַן אייגן קינד...
מאַזלטאָוו דיר, מאַזלטאָוו דיר פאַר דײַן אייגן קינד.

וואָלט דאָס מיר ווער עס געזאָגט,
וואָלט איך יענעם אָפּצווייען געפּלאָגט.

וואָלט דאָס מיר ווער עס גערעדט,
וואָלט איך אים אָפּצווייען דעם קאָפּ געפּלעט.

38

ס'איז געווען א באָכער
פון אכצן יאָר,
ער ליבט א מיידעלע
פון זעכצן יאָר;
ער ליבט זי יאָ,
ער ליבט זי ניין, —
ער ליבט קיין צווייטע,
נאָר זי נישט מיין.

דאָס מיידל איז אוועק
אין א פרעמד לאַנד, —
עס איז געקומען א בריוו
פון מיידלס קאַנט.
דער באָכער פאַרלאָזט
אַלעס גליק,

איז געפֿאָרן זען,
וואָס דאָס מיידעלע טוט.

— גוט-מאָרגן, מיידעלע,
וואָס טוט איר אזוי?
וואָס ליגט איר אזוי
אפ דעם קראנקן־בעט?
— א דאנק, א דאנק
פאר אייַער וויזיט,
ס'איז שוין ניט ווייַט
פון בעט ביז צו גרוב.

די ליפּן זייַנען בלוי, די באקן — ווייַס,
זי איז שוין קאַלט,
אזוי ווי א שטיק אייַז.
ער נעמט דאָס מעסער
פון דעם שייד
און שטעקט אריַין
אין זייַנעם לייַב.

אפ דער מאצייווע
שטייט געשריבן,
אז צוויי געליבטע
צוזאמען ליגן.

39

איך האָב געליבט א מיידעלע פון אכצן יאָר,
געליבט האָב איך זי דרייַ־פיר יאָר.
איך האָב געוואָלט וויסן, צי זי האָט מיך ליב,
בין איך אוועקגעפאָרן פון איר שטוב.

ווי דער יונגער קנאבע איז אָפּגעפאָרן,
אזוי איז די געליבטע קראנק געוואָרן.
צוועלף אזייגער נאָך האַלבער נאכט
האָט מען צום קנאבע א בריוועלע געבראכט.

ווי ער האָט גענומען דעם בריוועלע אין האנט,
אזוי האָט ער פארשטאנען, אז די געליבטע איז קראנק.

געבראָסיעט די געשעפטן, דעם אייגנס פארלאָרן,
צו זײַן געליבטער איז ער אוועקגעפאָרן.

גוט־מאָיען, גוט־מאָיען, מײַן געליבטע פארשוין,
וואָס טוסטו ליגן אין בעט אליין?
גוט־יאָר, גוט־יאָר, מײַן יונגער קנאבע,
די בעטל איז מײַן בעגראבע.

שנעלער, שנעלער ליכט געבראכט,
מײַן געליבטע גייט אויס די נאכט.
ווי ער האָט איר גענומען אונטערן אָרעם,
אזוי איז זי געוואָרן קאלט און ניט ווארעם.

ווי ער האָט גענומען דעם אלמער שליסל,
אזוי האָבן זיך גענומען טרערן גיסן.
ווי ער האָט ארויסגענומען די שווארצע טרויער־קלייד,
אזוי האָט ער איר גאנץ פײַן באקלאָגט.

אף דײַן קייווער וועלן שפּראָצן בלומען,
צו דיר, מײַן געליבטע, וועל איך אינגיכן קומען.
עס האָט ניט געדויערט קיין איין פרימאָרגן, —
ווי דער יונגער קנאבע איז אויך געשטאָרבן.

אין שטעטל איז געוואָרן א יאָמער, א קלאָג,
צוויי געליבטע אין איין אכטאָג...
אפן מאצייווע שטייט אָנגעשריבן,
אז צוויי געליבטע אין איין קייווער ליגן.

---

# מישפּאָכע און שטייגער

1

— הער מיך אויס, מײַן ליב קינד,
איך וועל דיר עפּעס זאָגן:
איך וועל דיר געבן א שנײַדער־יונג,
זאָלסט מיט אים כאַסענע האָבן.

— ניין, מאמע, ניין, מוטער,
א שנײַדער־יונג איז זייער ביטער,
א שנײַדער-יונג נייט מיט דער נאָדל
און שלאָגט דאָס ווײַב בעקאָוועד גאָדל...
ניין, מאמע, ניין, מוטער,
א שנײַדער-יונג איז זייער ביטער!

— הער מיך אויס, מײַן ליב קינד,
איך וועל דיר עפּעס זאָגן:
איך וועל דיר געבן א שוסטער־יונג,
זאָלסט מיט אים כאַסענע האָבן.

— ניין, מאמע, ניין, מוטער,
א שוסטער־יונג איז זייער ביטער,
ער ציט די דראטווע מיט די ציין
און קוקט אפּ מיידלעך מאָלע כיין...
ניין, מאמע, ניין, מוטער,
א שוסטער־יונג איז זייער ביטער!

— הער מיך אויס, מײַן ליב קינד,
איך װעל דיר עפּעס זאָגן:
איך װעל דיר געבן אַ סטאָליער־יונג,
זאָלסט מיט אים כאַסענע האָבן.

— ניין, מאַמע, ניין, מוטער,
אַ סטאָליער־יונג איז זייער ביטער,
אַ סטאָליער־יונג מאַכט אַ בעט
און גייט צו דער כופּע און טראַכט אַ געט...
ניין, מאַמע, ניין, מוטער,
אַ סטאָליער־יונג איז זייער ביטער!

— הער מיך אויס, מײַן ליב קינד,
איך װעל דיר עפּעס זאָגן:
איך װעל דיר געבן אַ בעקער־יונג,
זאָלסט מיט אים כאַסענע האָבן.

— ניין, מאַמע, ניין, מוטער,
אַ בעקער־יונג איז זייער ביטער,
אַ בעקער־יונג באַקט אַ ברויט
און ברענגט דעם װײַב אַ גיכן טויט...
ניין, מאַמע, ניין, מוטער,
אַ בעקער־יונג איז זייער ביטער!

— הער מיך אויס, מײַן ליב קינד,
איך װעל דיר עפּעס זאָגן:
איך װעל דיר געבן אַ ראָװ־יונג,
זאָלסט מיט אים כאַסענע האָבן.

— ניין, מאַמע, ניין, מוטער,
אַ ראָװ־יונג איז זייער ביטער.
אַ ראָװ־יונג קװעטשט די באַנק
און מאַכט זײַן װײַבל אַלט און קראַנק...
ניין, מאַמע, ניין, מוטער,
אַ ראָװ־יונג איז זייער ביטער!

— הער מיך אויס, מײַן ליב קינד,
איך װעל דיר עפּעס זאָגן:

איך וועל דיר געבן א שרײַבער־יונג,
זאָלסט מיט אים כאַסענע האָבן.

— יאָ, מאמע, יאָ, מוטער,
א שרײַבער־יונג איז גאָר נישט ביטער.
א שרײַבער־יונג שרײַבט מיט דער פּען
און קושט דאָס ווײַבל, ווען ער קען.
יאָ, מאמע, יאָ, מוטער,
א שרײַבער-יונג איז גאָר נישט ביטער.

2

מיר האָבן געזען, מיר האָבן געהערט,
א שוסטער־מאַן ניט צו נעמען;
א שוסטער-מאַן א שאַרלאַטאַן,
דער טײַוול זאָל אים נעמען!

שוסטערשע ווײַבער האָבן געזאָגט:
— מיר דאַרפן דראַטעווקעס מאַכן;
בעסער צו נעמען א שנײַדער א מאַן,
וועלן מיר האָבן אַלע זאַכן.

שנײַדערשע ווײַבער האָבן געזאָגט:
— מיר דאַרפן שפּעט זיצן;
בעסער צו נעמען א סאָלדאַט א מאַן,
וועלן מיר האָבן גאָלדענע שפּיצן.

סאָלדאַטישע ווײַבער האָבן געזאָגט:
— מיר דאַרפן די ראַנצעס טראָגן;
בעסער צו נעמען א פורמאַן פאַר א מאַן,
וועלן מיר האָבן פערד־און־וואָגן.

פורמאַנישע ווײַבער האָבן געזאָגט:
— מיר דאַרפן די רעדער שמירן;
בעסער צו נעמען א סטודענט א מאַן,
וועלן מיר אָפט שפּאַצירן.

סטודענטישע ווײַבער האָבן געזאָגט:
— מיר דארפֿן האָבן אָפּטע קינדער;
בעסער צו נעמען א שויכעט פאר א מאן,
וועלן מיר האָבן שאָף און רינדער.

שויכעטס ווײַבער האָבן געזאָגט:
— מיר דארפֿן דאָס בלוט וואשן;
בעסער צו נעמען א שענקער א מאן,
וועלן מיר האָבן וואָס צו נאשן.

שענקערשע ווײַבער האָבן געזאָגט:
— מיר דארפֿן די פֿלעשלעך שווענקען;
בעסער צו זיצן אן אָפּטע מויד,
וועלן מיר האָבן וואָס צו געדענקען!

3

עס זיצן מיידעלעך דרײַ,
לויפֿט ארויס די שענסטע, די קלענסטע
און כאַפּט א באָכערל ארײַן,
און זעצט אים אוועק באם טיש,
און גיט אים דעם בעסטן ווײַן,
און די בעסטע פיש.
געקומען די מאמע פֿון מארק,
פֿרעגט זי: — וואָס איז דאָס?
— א שנײַדער געקומען, אראָפּגענומען א מאָס!
— איר נארט מיר די טעלערלעך אויס! —
זי האָט אים געלעכערט דעם קאָפּ
און דורכן טיר ארויס!

4

איך, נעבעך, אָרעמע מיידל,
שלעכט און ביטער איז מיר,
זיי טוען אונדז אומגליקלעך מאכן,
אונדזערע פֿאָטער־און־מוטער.
זיי טוען אונדז כאסענע שפּילן,
טוען בא אונדז ניט פֿרעגן,
דערום האָבן מיר שטענדיק א פֿארשטערטן לעבן.

וואָס איז אונדז די פּולע
פון אונדזערע קליידער און נאדאן,
אז וועמען מיר ווילן ניט,
יענער איז אונדזער מאן.
מע רעדט און מע רעדט,
די וועלט איז אונדז פארשטעלט,
אז מײַן מאן איז א פּוסטער פערד.

וואָס איז מיר די פּולע
פון מײַנע פרימערן,
אז פון רײַך קאָן מען אָרעם ווערן,
און פון אָרעם קאָן מען ווערן רײַך.
אז מע נעמט א מענטשן,
איז מען מיט לײַטן גלײַך.

5

אוי, מיר אָרעמע מיידעלעך,
וואָס טויג אונדזער סאך נאדאן,
אז מע פּוצט אונדז אויס
א פערד פאר א מאן!

אונדזערע עלטערן טוען שידוכים,
זיי טוען אונדז גאָר ניט פרעגן,
דערום פארברענגען מיר זייער שלעכט דעם לעבן!

וואָס טויג אונדזער ריידן,
וואָס טויג אונדזער קלערן,
אז פון רײַך קען מען אָרעם ווערן,
און פון אָרעם קען מען ווערן רײַך;
אז מע קריגט א מאן א מענטשן,
איז מען שוין לײַטן גלײַך!

6

הערט איר אלע,
עלטערן ביידע,

איר נעמט א קינד א קאַלע
און פירט איר צו דער אקידע.
די אויגן איז פארבונדן,
די הארץ איז פול מיט וווּנדן.
דער טאטע שטייט בא דער זײַט,
ער שערט און שנײַדט,
און שנײַדט און שערט
זײַנע קינדער אָן א צײַט.

7

פון יענער נאכט אָן, וואָס מע האָט מיך געפירט
פון מײַן כופּע צוריק
מיטן דעקטוך פארהאנגען, אוי ווי מיר, ווינד,—
אזוי האָב איך, נעבעך, פינף יאָרן פארבראכט
אין מײַן וויסטער פינצטע־ער נאכט.

ווי מע האָט מיך געבראכט פון מײַן כופּע צוריק,
מע האָט זיך געפרייט מיט מײַן גרויס גליק.
— פאָטער געטרײַער, מוטער דו גוטע,
איר האָט שוין געבראכט אײַער קינד פון דער שכיטע.

איר האָט מיך געקוילעט גאָר אָן א מעסער.
קעדיי מײַן שכיטע זאָל זײַן שטאַרקער און גרעסער,
די טאבאאס, אוי, קדושן מיט איין גאָלדענער רינג.
איין שארפער מעסער שנײַדט גיך און גרינג.

8

דער שאדכן ווארפט אן אייגל
און טוט מיר אָן א צאר,
איך בין א פרײַער פויגל,
און וואָס דארף איך דעם איבערהאר?

דעם שאדכן גייט דערינען,
ער וויל דעם שידעך עקן,

ער מיינט עפּעס פאַרדינען
און וויל מיַין קאָפּ צודעקן.

א מאַן דאַרף מען האָווירן,
פּונקט ווי ער וויל,
ווי ער זאָל זיך פירן,
מוז מען שוויַיגן שטיל.

נאָך דריַיסיק יאָר,
זאָגט מען, אז מע טאָר ניט.
און איידער א שלעכטער זיווג,
זאָל זיַין בעסער גאָרניט.

9

ס'איז א כאַסענקע,
מע לויפט, מע פליט, —
קאַרעטן, מעכוטאָנים
פעלן ניט.

שפּילן מוזיקאַנטן, אויסגעפּוצטע פראַנטן,
און אַלע שיינע יונגע דאַמען
טאַנצן זיך צוזאַמען.
און פון כאָסנס צאַד
מיט גרויס פרייד
די קאַלע טוט מען אָן
די כופּע־קלייד.

אזוי רינגלט מען איר אַרום,
פריַינט פון אומעטום;
דאָ גיט מען איר
א בלומען־קרענצעלע,
און מע גייט מיט איר
א גרויסאַרטיקן טענצעלע.
עס איז נאָכן טאַנצן,
ס'איז אַראָפּ דער גלאַנץ,
ס'איז געבליבן די ריטעלעך
פון בלומען־קראַנץ...

10

ווער איך מיר א כאָסן
גאָר אין איין מינוט,
און עס דוכט זיך אויס,
אז ס'וועט מיר זײַן גאנץ גוט!
דער שווער וועט געבן קעסט
און א סאך געלט
און דערצו א מיידל
אן אויסנאם פון דער וועלט.

שמעלט מען פאר מיר ווארמעס,
גאָר, ברודער, עס, —
און איך פיל מיך,
ווי גאָט אין אָדעס.
פירט מען אונדז צו דער כופע,
פירט מען אונדז צוריק, —
שטייען מיידלעך, ווײַבלעך
און זײַנען מעקאנע דעם גליק.

ניין, ברודער, ניין,
האָב זשע ניט קיין טאָעס;
דער שווער וועט ניט געבן קיין קעסט
און ניט קיין מאָעס!
נא דיר א ווײַב
און האלט זיך מיט איר,
און צאָרעס וועסטו האָבן
גאָר אָן א שיר!

11

— אוי וויי, מאמע
איך וויל דיר עפּעס זאָגן!
כ'האָב געטאָן א פעלער,
כ'שעם מיך אויסצוזאָגן;
כ'האָב געטאָן א פעלער —
מיר האָבן א גרויסן גאָט!

מאזלטאָוו דיר, מאמעשי,
איך האָב כאסענע געהאט!

אז דער שניידער נייט,
נייט ער נאָך דער מאָדע;
און אז דער רעבע מעג,
מעגן מיר אוואדע.
כ'האָב געטאָן א פעלער —
מיר האָבן א גרויסן גאָט!
מאזלטאָוו דיר, מאמעשי,
כ'האָב כאסענע געהאט!

12

שטייען די קאראָטן,
שטייען די קאראָטן
לעבן דער מאמעס טיר.
— קרוין מיינע, סערדצע מיינע,
זעצ זיך פאָרן מיט מיר.
— ווי זאָל איך זיך זעצן
פאָרן מיט אייך,
אז איך האָב זיך ניט געזעגנט
מיט מיין מאמען גלייך.
זיי זשע געזונט, מאמע מיינע,
איך בין געווען א טאָכטער דיינע,
קליינערהייט אופגעצויגן,
גרויסערהייט אוועקגעפלויגן,
אוי, מאמינקע!

שטייען די קאראָטן,
שטייען די קאראָטן
לעבן דעם טאטנס טיר.
— קרוין מיינע, סערדצע מיינע,
זעצ זיך פאָרן מיט מיר.
— ווי זאָל איך זיך זעצן
פאָרן מיט אייך,
אז איך האָב זיך ניט געזעגנט
מיט מיין טאטן גלייך.

זײַ זשע געזונט, טאטע מײַנער,
איך בין געװוען א טאָכטער דײַנע,
קלײנערהײט אופגעצױגן,
גרױסערהײט אװעקגעפלױגן,
אױ, טאטעניו!

13

זײַ זשע מיר געזונט, מײַן געליבטער פאָטער,
זאָל שױן נעמען אן עק!
דײַן זאַלץ און ברױט האָב איך געגעסן,
איצטער פאָר איך שױן פון דיר אװעק.

װי עס איז ביטער, מײַן געליבטער פאָטער,
א פײגעלע אין װיסטן װאלד אלײן,
אזױ איז דאָך ביטער, מײַן געליבטער פאָטער,
מיר אין א פרעמדן לאנד אלײן.

אין א פרעמדן לאנד, מיט קײנעם ניט באקאנט,
עלנט אזױ װי א שטײן.
און אז איך דערמאָן זיך אָן דיר, מײַן געליבטער פאָטער,
זיץ איך און טרױער און װײן.

זײַ זשע מיר געזונט, מײַן געליבטע מוטער,
זאָל שױן נעמען אן עק!
דײַן מילך פון דײַן ברוסט האָב איך דאָך געזױגן,
איצט פאָר איך שױן פון דיר אװעק.

14

מעכוטענעסטע מײַנע, מעכוטענעסטע געטרײַע,
לאָמיר זײַן אפּ אײביק מעכוטאָנים,
כ׳גיב אײַך אװעק מײַן טאָכטער פאר א שנור,
זי זאָל בא אײַך ניט אָנװערן דאָס פּאָנעם.

מעכוטענעסטע מײַנע, מעכוטענעסטע געטרײַע,
מײַן קינד זאָלט איר פרי ניט װעקן,
און טאָמער װעט איר זען אן אװלע אפּ מײַן קינד,
װי אן אײגענע מאמע זאָלט איר דאָס פארדעקן.

מעכוטענעסטע מײַנע, מעכוטענעסטע געטרײַע,
אפּ קינדער האָבן טוט מען בלוט פאַרגיסן,
און טאָמער וועט איר זען, אַז דער זון האָט ליב די שנור,
זאָל עס אײַך גאָרניט פאַרדריסן.

15

איר פאָרט זיך שוין אַוועק, איר פאָרט זיך שוין אַוועק,
מײַנע ליבע מעכוטאָנים,
איך גיב זיך אײַך אַוועק מײַן טאָכטער פאַר אַ שנור,
זי זאָל בײַ אײַך נישט אָנווערן דאָס פּאָנעם.

איידעם מײַנער, איידעם געטרײַער,
איך נעם דיך פאַר אַן איידעם,
איך גיב זיך דיר אַוועק מײַן טאָכטער פאַר אַ ווײַב,
זי זאָל בײַ דיר ניט אָנווערן דעם גווידער.

מעכוטענעסטע מײַנע, מעכוטענעסטע געטרײַע,
איר זאָלט פון מײַן קינד ניט לאַכן,
טאָמער וועט איר זען אַן אוולע פון מײַן קינד,
ווי אַן אייגענע מוטער זאָלט איר עס פאַרגלײַכן.

מעכוטענעסטע מײַנע, מעכוטענעסטע געטרײַע,
איך פאָר צו אײַך מיט אַ פּאַריקל,
טאָמער וועט איר זײַן אַ שלאַק, אַ שלעכטע שוויגער,
בין איך אויך אַ שנירל אַן אַנטיקל...

16

אוי, זשאַל, זשאַל,
טאַי ניע ווערניעטסיאַ,
צו דער בייזער שוויגער,
מאַמע, ניע כאָטשעטסיאַ.

פּאָהאָנײַ, פּאָהאָנײַ,
פּאָר, מײַן קליאַטשע,
אָטהאַדײַ, אָטהאַדײַ
טשאָהאָ יאַ פּלאַטשו.
אוי, זשאַל, זשאַל אַאוו.

איידער בא דער שוויגער
פירעשקעס מיט שמאַלץ,
בעסער בא דער מאַמען
סעכערעס מיט זאַלץ.
אוי, זשאַל, זשאַל אַאוו.

איידער בא דער שוויגער
אַפ פוכאָווע קישן,
בעסער בא דער מאַמען
אַפ די הוילע טישן.
אוי, זשאַל, זשאַל אַאוו.

גיי איך גיך,
זאָגט זי, איך רײַס די שיך,
גיי איך פּאַמעלעך,
זאָגט זי, איך בין אַ נעווײַלע.

אוי, זשאַל, זשאַל, זשאַל,
טאַי ניע ווערניעטסיאַ,
צו דער בייזער שוויגער,
מאַמע, ניע כאָטשעטסיאַ.

17

קאָלזמאַן איך בין אַ מיידל,
בין איך שיין און איידל;
און ווי איך ווער אַ ווײַבל,
ווער איך ווי אַן אָרעמע טײַבל.

דער מאַן גייט זיך אין בעסמעדרעש
און לייענט זיך די סעדרע;
אין דאַוונען זינגט ער אונטער,
אין „קאָדעש" שפּרינגט ער אונטער.

האָלץ דאַרף איך אַליין האַקן,
און ברויט איז ניטאָ פונוואַנען צו באַקן.
דעם כעזשבן פון די קינדער —
איז יעטווידערן באַזונדער:

איינעם שלאָפן לייגן,
דעם אַנדערן צומאַכן די אויגן,

דעם דריטן אפ דרויסן פירן,
דעם פערטן דעם קאָפּ אויסשמירן.
און דאָס איז נאָך ניט גאָר —
א בריס אלע יאָר!

18

זיצן זיצ איכ מיר
אינ מײַנעם קלײנעם שטיבעלע
און איכ טו זיכ מיר
באקלאָגנ מײַנ לעבנ,
וואָס מע האָט מיר אזא מאנ געגעבנ.
אלײנ קאָכנ, באקנ,
אלײנ האָלצ האקנ,
ניאנטשענען די קינדער,
יעדערנ באזונדער.
דעם שלאָפנ לײגנ,
דעם פארמאכנ די אויגנ,
דעם פישנ פירנ,
דעם דאָס קעפל שמירנ.
דאָס איז נאָכ ניט גאָר —
דערצו א בריס אלע יאָר!

19

געפלויגנ, געפלויגנ די גאָלדענע פּאווע
איבער אלע יאמענ,
לאָז זשע געריסנ, דו גאָלדענער פויגל,
מײַנ ליבע, מײַנ הארציקע מאמע.

איז געפלויגנ די גאָלדענע פּאווע
איבערנ טײַכ דעם גלאטנ,
לאָז זשע געריסנ, דו גאָלדענער פויגל,
מײַנ ליבנ, מײַנ הארציקנ טאטנ.

איז געפלויגנ די גאָלדענע פּאווע
איבער אלע פעלדער,
האָט זי פארלאָרנ די גאָלדענע פעדער
אינ די פרעמדע לענדער.

ניט אזוי די גאָלדענע פעדער,
ווי די פּאווע אַליין,
ניט אזוי דער פרעמדער זונ,
ווי די טאָכטער אַליין.

ווי עס איז ביטער, מײַנ ליבע מוטער,
א פייגעלע אָנ א נעסט,
אזוי איז ביטער, מײַנ ליבע מוטער,
בא שווער־אונ־שוויגער אפ קעסט.

ווי עס איז ביטער, מײַנ ליבע מוטער,
א וואסער אָנ א פיש,
אזוי איז ביטער, מײַנ ליבע מוטער,
אז מ'זיצט בא א פרעמדנ טיש.

ווי עס איז ביטער, מײַנ ליבע מוטער,
א פייגעלע אָנ א זאמד,
אזוי איז ביטער, מײַנ ליבע מוטער,
אז מ'ווערט פארוואָגלט אינ א פרעמד לאנד.

20

לייג איכ מיר מײַנ קעפּעלע אפ מײַנ מאמעס בעטעלע,
גייט מײַנ מאמע פארבײַ, נאָכאנאנד זי טוט אונ קוועלט:
— שלאָפ, מײַנ טעכטערל הארצינקע,
אייגעלעכ האָסטו שווארצינקע, —
שלאָפ געזונטערהייט, שלאָפ געזונטערהייט.

לייג איכ מיר מײַנ קעפּעלע אפ מײַנ טאטנס בעטעלע,
גייט מײַנ טאטע פארבײַ, נאָכאנאנד ער טוט אונ קוועלט:
— שלאָפ, מײַנ טעכטערל פײַנינקע,
ביסט דאָכ א שיינינקע, —
שלאָפ געזונטערהייט, שלאָפ געזונטערהייט.

לייג איכ מיר מײַנ קעפּעלע אפ מײַנ שוויגערס בעטעלע,
גייט מײַנ שוויגער פארבײַ, נאָכאנאנד זי טוט אונ שעלט:
— מײַנ שנור איז קיינ בעריע נישט,
קיינ מעלאָכע טוט זי נישט,

נאָכאנאנד זי טוט און שלאָפט,
נאָכאנאנד זי טוט און עסט.

לייג איך מײַן קעפּעלע אױף מײַן מאנס בעטעלע,
גייט מײַן מאן פארבײַ, נאָכאנאנד ער טוט און קװעלט:
— שלאָף, מײַן װײַבעלע קליינינקע,
צײַנדעלעך האָסטו שיינינקע, —
שלאָף געזונטערהייט, שלאָף געזונטערהייט.

21

— װאָס׳טו דאָרטן אָפּגעטאָן,
װאָס׳טו דאָרטן אָפּגעטאָן
בא דער בייזער שװיגער?
— געװאשן טיש־און־בענק,
מיט טרערעלעך געשװענקט,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע.

— װאָס׳טו דאָרטן אָפּגעטאָן,
װאָס׳טו דאָרטן אָפּגעטאָן,
טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע?
— ברױט האָב איך געקנעטן,
מיט טרערעלעך פארגלעטן,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע.

— װאָס׳ טו דאָרטן אָפּגעטאָן,
װאָס׳טו דאָרטן אָפּגעטאָן,
טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע?
— גרעט געװאשן
איבער אלע גאסן,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע.

— אױף װאָס האָסטו דאָרטן געשלאָפן,
טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע?
— אױף א ביסעלע שטרױ,
אזא יונגינקע פרױ,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע.

— וואָס האָסטו דאָרטן געגעסן
בא דער בייזער שוויגער,
בא דעם שווער דעם קריגער?
— א שטיקעלע ברויט,
געוווּנטשן זיך מיט טויט,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע.

*

— וואָס׳טו דאָרטן געטרונקען,
וואָס׳טו דאָרטן געטרונקען,
טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע?
— געטרונקען וויַין,
און סאַם איז אהינ אריַין,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע.

— פארבײַ ווּעמען האָט מען דיך געטראָגן,
פארבײַ ווּעמען האָט מען דיך געטראָגן,
טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע?
— פארבײַ אלע פוסטע קלייטן,
מע איז אפילע ניט געגאנגען באלייטן,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע.

22

גיי איך מיר אינ יאטקע,
פאל איך אפנ קלאדקע,
גיי איך מיר צוריק,
פאל איך אפנ בריק.

אוי וויי, ווי ביטער איז מײַנ לעבן,
איך ווייס ניט, ווי מײַנ שוויגער
קאָוועד אָפּצוגעבן.

ברענג איך פלייש,
זאָגט זי, אז ס׳איז ביינער,
טראָג איך אָפּ,
דערלאנגט זי מיר אינ די ציינער.
אוי וויי, ווי ביטער איז מײַנ לעבן, אאוו.

האק איך פארפל,
זאָגט זי, אז ס׳איז קוואטש,

האק איך ניט,
גיט זי מיר א פאטש.
אוי וויי, ווי ביטער איז מײַן לעבן, אאוו.

קער איך די שטוב,
זאָגט זי, אז איך דריי זיך,
קער איך ניט,
זאָגט זי, איך פריי זיך.
אוי וויי, ווי ביטער איז מײַן לעבן, אאוו.

גיי איך פאמעלעך,
זאָגט זי, אז איך בין לעמעך,
גיי איך אפגיך,
צערײַס איך דרײַ פּאָר שיך.
אוי וויי, ווי ביטער איז מײַן לעבן, אאוו.

23

קנעט איך כאלע — זאָגט זי: שיטער!
מאך איך פיש — שרײַט זי: ביטער!
פארבעט איך דאָס בעט — זאָגט זי: הויך!
הייץ איך אין אויוון — פילט זי רויך!
גיי איך פאמעלעך — זאָגט זי: איך קריך!
גיי איך גיך — „רײַסט די שיך!"

24

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנ,
ווי האלט דיך די שוויגער?
— די שוויגער ראק בייז, ווי א טיגער,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנ!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנ,
ווי האלט דיך דער שווער?
— דער שווער ברומט שטענדיק, ווי א בער,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנ!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנ,
ווי האלט דיך דער מאנ?

— באַם מאַן — דער לעבן ווי אַ שפּאַן,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע,
וואָס עסטו דאָרטן?
— אַ שטיקל ברויט, ליבערסט דער טויט,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע!

— טאָכטער דו ליבסטע, צו מײַנע,
וואָס טרינקסטו דאָרטן?
— אַ גלעזעלע ווײַן — שאַנד אין פּאָנעם אַרײַן,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע,
וואָס גייסטו אָנגעטאָן?
— אין אַ קאַרטונענע קלייד, מיט צאָרעס געניייט,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע,
וואָסערע שיך גייסטו?
— אַזעלכע שיך, וואָס ווערט צעריסן אַפּגיך,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע!

— טאָככטער דו ליבסטע, דו מײַנע,
ווי שלאָפסטו דאָרטן?
— אַפּ אַ קישן, נאָר לײַט זאָלן וויסן,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע,
ווו ליגסטו דאָרטן?
— אַפּן האַרטן באַנק, טויט־קראַנק,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנע,
גייט צו געוואָרע ווערן דער מאַן?
— ער גייט ניט צו, ער האָט סייכל ווי אַ קו,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנע!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנ,
ווו האָט מענ דיכ אראָפּגעהויבנ?
— אפ אזעלכע ערד, וואָס קײנמאָל ניט געקערט,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנ!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנ,
וואָס האָט מענ דיר אונטערגעבעט?
— דרײַ שטרוי, ווינד אונ ווײ,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנ!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנ,
אינ וואָס האָט מענ דיכ אָנגעטאָנ?
— ניט די שאמעסטעס צו רײַסנ, ניט הינט צו בײַסנ,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנ!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנ,
האָט מענ דיכ אוועקגעפירט?
— אינ א שווארצנ וואָגנ, לײַט זאָלנ קלאָגנ,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנ!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנ,
וואָס'טנ דיר געלײגט צוקאָפּנס?
— א זעקעלע ערד, דעמ קאָפּ צומ פערד,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנ!

— טאָכטער דו ליבסטע, דו מײַנ,
ווו האָט מענ דיכ אוועקגעפירט?
— מיט א ווײַסנ פערד, יונגערהײט אינ דר'ערד.

מיסטאמע בינ איכ אזוי ווערט,
מוטער דו ליבסטע, דו מײַנ!

25

דאָס קינד ליגט אינ וויגעלע מיט אויסגעווײנטע אויגנ;
די מאמע ליגט אפ דער ערד, די פיס אויסגעצויגנ.
נישטאָ קײנ מאמע,
נישטאָ קײנ נעכאָמע.

דאָס קינד ליגט אין וויגעלע און כאלעשט זויגן;
די מאמע ליגט אין קייווער מיט שארבנס אף די אויגן.
נישטאָ קיין מאמע,
נישטאָ קיין נעכאָמע.

ווער וועט דיך, מײַן קינד, גלעטן און קעמען,
ווער וועט דיר, מײַן קינד, דאָס וויגעלע אויסראמען?
נישטאָ קיין מאמע,
נישטאָ קיין נעכאָמע.

ווער וועט דיך, מײַן קינד, פוצן און גלעטן,
ווער וועט דיר, מײַן קינד, דאָס וויגעלע אויסבעטן?
נישטאָ קיין מאמע,
נישטאָ קיין נעכאָמע.

ווער וועט דיך, מײַן קינד, פוצן און צירן,
ווער וועט דיך, מײַן קינד, אין ביידער אוועקפירן?
נישטאָ קיין מאמע,
נישטאָ קיין נעכאָמע.

ווער וועט דיך, מײַן קינד, מאכן פאר א מענטשן,
און ווער וועט דיך, מײַן קינד, אונטער דער כופע בענטשן
נישטאָ קיין מאמע,
נישטאָ קיין נעכאָמע.

26

סאָלאָווייטשיק קלוגינקער,
בא דיר א גאָלאָס א דינינקער,
שטיי זשע אוף אלע פרי
און שפּאָר מיר אָפּ א ביסל רו.

אין א פרעמדן ווײַטן לאנד
ניטאָ קיינער, וואָס מיר באקאנט.
נישטאָ קיין פאָטער, נישטאָ קיין מוטער,
ווי איך קערעווע זיך, איז מיר ביטער.

איך וועל טון אין דעם ווײַטן פעלד גיין
אונפון אונדזער היים עמעצן דערזען.

דאָס גאנצע פעלד בין איך אויסגעגאַנ,
און פון אונדזער היים איז דאָך קיינער ניט פאראַנ.

נאָר א ווערבעלע האָב איך דערזענ
אפ מײַנ מוטערס קייווער שטיינ.
— ווערבע, ווערבע, נעמ א סאָפּ,
און דו, מײַנ מוטער, שטיי שוינ אופ,
און דו, מײַנ מוטער, טו אופשטיינ
און מיר ווײַז א וועג צו גיינ.

— איך וואָלט אוואדע געוואָלט אופשטיינ
און דיר ווײַזנ א וועג צו גיינ,
נאָר די שווערע מאצייווע־שטיינער
האָבנ צוגעפּרעסט מײַנע ביינער.

27

וואקסט אינ וואלד א ביימעלע,
וואקסט עס זייער שיינ,
פאלט אראָפּ פונ אימ א צווײַגעלע,
בלײַבט עס א יעסוימעלע.
אוי, ס׳ארא ביטערקײַט א יעסוימעלע צו זײַנ.

די ערשטע ביטער־ביטערקײַט,
וואָס אינ א פרעמדער לאנד,
די צווייטע ביטער־ביטערקײַט,
וואָס קיינ מאזל איז ניטאָ,
און די דריטע ביטער־ביטערקײַט,
וואָס קיינ פאָטער איז ניטאָ.

דאָס, וואָס אינ א פרעמדער לאנד,
וועסטו געווינט ווערנ,
דאָס, וואָס קיינ מאזל איז ניטאָ,
דארפסטו ווײַטער ווארטנ,
און דאָס, וואָס קיינ פאָטער איז ניטאָ,
דארפסטו אייביק קלאָגנ.

28

מאמעניו, דו האָסט געפלאנצט א ווײַנגאָרטנ,
דו האָסט געמיינט, אז ער וועט דיר געראָטנ,

אז דער עפּלבוים הייבט זיך אָן צו בייגן,
ווערן די עפּעלעך צעשאָטן.

מאמעניו, דו האָסט איבערגעלאָזט א שיף אינמיטן יאַם,
מע קאָן זי צו קיין ברעג ניט דערפירן,
אָט דאָס קינד, וואָס דו האָסט איבערגעלאָזט בא דער אַם,
זײַנען מיר מיט דעם ניט צופרידן.

מאמעניו, די ערשטע צײַט איז די שטיפמוטער געווען צו אונדז זייער גוט,
זי פלעגט נאָך געבן א ווײַס העמד,
נאָר הײַנט, מאמע, זאָלסטו זען,
וויאזוי זי איז געוואָרן צו אונדז פרעמד.

אויך דער פאָטער דער גוטער,
ער קאָן די צאָרעס ניט צוליידן,
אז ער זאָל נעמען די קליינע יעסוימעלעך
און זאָל זיי פון שטוב ארויסטרײַבן.

29

ווי איז מײַן לעבן
און ווי איז מײַן וועלט,
וואָס איך בין געבליבן,
אזוי ווי א שעפּעלע אין פעלד.

א שעפּעלע אין פעלד
האָט זיך געפּאשעט,
און איך בין געבליבן,
אזוי ווי א שטיין אפן וואסער.

א שטיין אפן וואסער
קען דאָך ניט שווימען,
די צאָרעס פון מײַן הארצן
זאָלן שוין אָפּקומען.

די צאָרעס פון מײַן הארצן
מיט מאקעס באדעקט,
איך וואָלט זיי באשריבן,
וואָלט קיין פּאפּיר ניט געקלעקט.

פאפיר וואָלט עפּשער געקלעקט,
וועלן די הענט ניט אויסטראָגן,
די צאָרעס פונעם הארצן —
פאר קיינעם ניט צו זאָגן.

די שיינע רויז ליגט אין גאָרטן,
דער רעגן גייט אפ איר.
דער רעגן הערט אופ גיין,
ווערט זי אָן דעם קאָליר.

ניט אזוי דעם קאָליר,
ווי אלערליי פארבן,
איידער אזא לעבן,
בעסער צו שטארבן.

יונגערהייט שטארבן
איז אָן א סאקאָנע,
איידער צו בלייַבן
א יונגע אלמאָנע.

וואָס הייסט אן אלמאָנע, —
אז דער מאן שטארבט אוועק,
וואָס הייסט אן אגונע, —
דער מאן ווארפט אוועק.

30

עס האָט זיך געטראָפן אזוי און אזוי,
א מאן האָט אוועקגעוואָרפן א יונגע פרוי;
ער איז אוועק אין א וויַיטער מעדינע,
די יונגע כאנעלע איז געבליבן אן אגונע.
צוועלף אזייגער נאָך האלבער נאכט
האָט מען דער יונגער כאנעלע א בריוו געבראכט.

ווי זי האָט גענומען דעם בריוו אין האנט,
האָט זי זיך גענומען קלאפן קאָפּ אין וואנט.
— צי האָסטו בעטגעוואנט, צי האָסטו גרעט,
צי לייגסטו זיך פרי, צי שטייסטו אופ שפעט?

— ניט כ׳האָב קיין בעטגעוואנט, ניט כ׳האָב קיין גרעט,
ניט איך לייג זיך פרי, ניט איך שטיי אוף שפעט!

— צי האָסטו טעפּ, צי האָסטו פאנען,
צי האָסטו קינדערלעך פון פרעמדע מאנען?
— ניט כ׳האָב קיין טעפּ, ניט כ׳האָב קיין פאנען,
ניט איך האָב קיין קינדערלעך פון פרעמדע מאנען!
— צי האָסטו קליידער, צי האָסטו בלומען,
צי האָסטו לוסט צו מיר צו קומען?

— ניט כ׳האָב קיין קליידער, ניט כ׳האָב קיין בלומען,
ניט איך האָב קיין לוסט צו אײַך צו קומען.
— צי האָסטו ווייץ, צי האָסטו קאָרן,
צי האָסטו געציילט דײַנע פארשניטענע יאָרן?
— ניט איך האָב קיין ווייץ, ניט איך האָב קיין קאָרן,
אבי איך צייל מײַנע פארשניטענע יאָרן.

31

— איך וועל דיר געבן א טיכעלע,
וואָס זאָל זיך וואשן האלבער־ווײַס;
דאָס טיכעלע וועל איך דיר שענקען,
אז נאָך דײַן מאן זאָלסטו ניט בענקען!

— מעגסט מיר געבן א טיכעלע,
וואָס זאָל זיך וואשן האלבער-ווײַס;
דאָס טיכעלע וועסטו מיר שענקען,
און נאָך מײַן מאן וועל איך בענקען!

— איך וועל דיר געבן א רינגעלע,
וואָס וועט וועגן פערציק לויט;
דאָס רינגעלע וועל איך דיר געבן,
און מיט דײַן מאן זאָלסטו ניט לעבן!

— מעגסט מיר געבן א רינגעלע,
וואָס זאָל וועגן פערציק לויט;
דאָס רינגעלע וועסטו מיר געבן,
און מיט מײַן מאן וועל איך לעבן!

פלוצלינג האָט מען געגעבן א קלאפּ אין טיר:
— זע, כאנעלע, עפן מיר!
ווי כאנעלע האָט דאָס דערהערט,
איז זי געפאלן מיטן פּאָנעם צו דער ערד.

— ווארף אראָפּ די שמוץ פון דיין לייב,
איך בין דיין מאן, דו ביסט מיין ווייב!
— איך ווארף אראָפּ די שמוץ פון מיין לייב,
דו ביסט מיין מאן, איך בין דיין ווייב!

איך דאנק דיר, לעוואָנע,
איך דאנק דיר, ליבער גאָט, פאר דיין מאטאָנע!
איך דאנק דיר, זון, איך דאנק דיר, שטערן,
איך דאנק דיר, ליבער גאָט, פאר מיין יונגן הערן!

32

צי האָט איר געהערט,
וואָס ס'האָט זיך פארלאָפן,
א מאן א פרוי
האָט אוועקגעוואָרפן.

ער איז אוועק
פון יענער זייט וועלט,
ער שיקט ניט קיין בריוו
און שיקט ניט קיין געלט.

ער איז אוועק
פון יענער זייט מעדינע,
ער האָט איבערגעלאָזט א פרוי,
אנ אייביקע אגונע.

ער האָט איבערגעלאָזט א פייגעלע,
א פייגעלע א יונגס,
ס'זאָל אים דערציילן
פון אלעמדינג.

ס'פייגעלע איז געפלויגן
וואלד־איין און וואלד־אויס,

ביזוואַנען ס׳איז געקומען
צום מערדער אין הויז.

— שטיי אויף, דו מערדער,
שטיי אויף, דו רעצייעך,
האָסט איבערגעלאָזט אַ פרוי,
זי וועט פון דער וועלט אוועקגיין.

— טאָלעס־און־טפילין
האָב איך שוין לאַנג אָפּגעלייגט,
און אַ געט פאַר מײַן ווײַב
שוין לאַנג צוגעגרייט.

ס׳פייגעלע איז געפלויגן
אַ טאָג מיט אַ נאַכט,
ביזוואַנען ס׳איז געקומען,
די ליפּעלעך פאַרשמאַכט.

— שטיי אויף, דו פּאָנעם,
דו גילדענע צורע,
כ׳האָב דיר געבראַכט פון דײַן מאַן
אַ וויסטע בסורע.

אַזוי־ווי זי האָט גענומען
דאָס בריוועלע צו לייענען,
אַזוי האָט זי אָנגעהויבן
קלאָגן און וויינען.

אַזוי־ווי זי האָט גענומען
דעם געט אין דער האַנט,
אַזוי האָט זי אויסגעקערעוועט
דאָס פּאָנעם צו דער וואַנט.

— הער שוין אויף צו וויינען,
הער שוין אויף צו קלאָגן,
איינע צוויי ווערטער
קאָן איך דיר זאָגן.

אַז וויפל איך וועל לעבן,
וועל איך דיר שרײַבן

און מיט מײַנע צוויי פֿליגעלעך
דיר דעם בעסערן וועג אָנווײַזן.

33

שטשאָ ווי, באטקאָ, ז'מענע כטיוו,
שטשאָ ווינ מענע אוטאָפּיוו,
זא טאקאָהאָ יא אישלא,
לוטשע בולאָ ניע ראָסלא.

וואָס האָט מײַן טאטע פֿון מיר געוואָלט האָבן,
וואָס האָט ער מיך אזוי יונגערהייט באגראָבן,
איידער פֿאר אזא שלימאזל כאסענע צו האָבן,
בעסער וואָלט ער מיך געוועז א קליינינקע באגראָבן.

אי נע הארנאָ איסטע דאיע,
נימא ז'קים וויִיטי דאָ ליודיי,
הירקאָ, טערפּקאָ יאק פּאָלינ,
הירקאָ, מאמאָ, זשיטי ז'נים.

ס'איז ניט שיינ און ניט פֿײַנ,
ניטאָ מיט וועמען אינ גאס ארויסצוגיינ.
ביטער איז ער, ווי א פּאָלינ,
ביטער, מאמע, צו זײַנ מיט אים.

פּאָמאָזשי, באָזשע, זבאוויטסיא,
פּאָלאָזשי יעהאָ נא לאווצי,
יאק נא לאווצי פּאָלאָזשיש,
סוויטשקו וו'צערקווי פּאָסטאווליו.

העלף מיר, גאָט, מײַן געדאנק,
לייג אים אנידער א ביסעלע קראנק,
און אז ער וועט שוינ גאָר קראנק זײַנ,
וועל איך א פֿונט ליכט מענאדער זײַנ.

יאק נא לאווצי ווינ לעזשאוו,
בולאָ מעני טראָכע זשאל;
א יאק יעהאָ ז'לאווקי פּריניאלי,
האָרע ז'סערדצא זאבראלי.

אז ער איז געווען נאָר קראנק,
האָט מיר געטאָן א ביסעלע באנק,
און אז מ׳האָט אים צוגענומען א צוויי־דרײַ טריט,
האָב איך געגאָסן א פריילעכע מינוט.

נא צווינטארי יא פלאקאלא,
איז צווינטארי יא סקאקאלא.
סלאווא טאָבי, באָזשע, מאריו,
שטשאָ פאָנעסלי נא צווינטאריו.

אפן פעלד האָב איך געוויינט,
פון פעלד האָב איך זיך געפרייט.
איך דאנק דיר, גאָטעניו, פאר מײַנע יונגע יאָר,
וואָס האָסט בא מיר צוגענומען מײַן שווארץ־יאָר.

זעמליו פריסיפאלי,
טא נאָהאמי פריטאָפּטאלי. —
לעזשי, לעזשי וו׳ טשאָרטאָווי יאמי,
שטשאָב טי ניע לאיאוו מענע או סאמי.

מיט דער ערד האָט מען אים פארשאָטן,
מיט די פיס האָט מען אים צוגעטראָטן.
ליג זשע דו, שווארץ-יאָר, אין גרוב,
איך זאָל ניט הערן קיין קלאָפּעס אין מײַן שטוב.

34

עפּעלעך און בארעלעך —
ביטער זײַנען די קערעלעך;
אז דער אלמען נעמט דאָס מיידל,
באגיסט זי זיך מיט טרערעלעך.

גוטער ווײַן אין א שלעכטער פאס
הייבט דאָך אָן צו זויערן,
אז דער אלמען נעמט דאָס מיידל,
הייבט זי אָן צו טרויערן.

אז דער עפּל איז רייצ-רויט
און א ווערעמל דערינען;

אז דער אלמען נעמט דאָס מיידל,
האלט ער זי פאלש אין זינען.

35

אפן וואסער ביימער וואקסן, —
אף די ביימער — עפל,
אז דער אלמען נעמט א מיידל,
נעמט ער איר אראָפ דאָס קעפל.

אפן וואסער ביימער וואקסן, —
אף די ביימער — בארן,
אז דער אלמען נעמט דאָס מיידל,
הייבט זי אָן צו דארן.

אפן וואסער ביימער וואקסן, —
אף די ביימער — גדוילן,
אז דער אלמען נעמט דאָס מיידל,
הייבט זי אָן צו פוילן.

36

גיי איך, גיי איך אין גאָרטן,
באגעגנט מיך א גרינער בוים,
באגעגנט מיך א גרינער בוים.
זאָגט ער מיר — גוט־מאָרגן!

— גוט־מאָרגן, גוט־מאָרגן, גרינער בוים!
פארוואָס ביסטו אזוי גרין?
— איך שטיי מיר אין וואלד,
עס איז מיר קאלט,
פאר דעם בין איך אזוי גרין!

— הער נאָר, דו שיין מיידל,
הער נאָר, דו שיין מיידל,
פארוואָס ביסטו אזוי שיין?
— איך עס אלעמאָל א זעמעלע מיט וויין!

— פון א זעמעלע מיט וויין קאָן מען זיין אזוי שיין?
— איך שלאָף מיר אלע נאכט

מיט א צווייטן קאוואלער,
פונ דעמ בינ איכ אזוי שיינ!

— אלע ווינטער, אלע ווינטער
האקט מענ מיכ ארונטער.
אָבער ווענ דו, מיידל, דײַנ ערע פארלירסט,
דאנ באקומסטו שוינ ניט ווידער.

37

עס רײַטנ, עס רײַטנ דרײַ יעגערס,
עס רײַטנ דרײַ יעגערס אינ וואלד,
דאָרט גייט זיכ א שיינ מיידל,
ווי שיינ איז איר געשטאלט.

— אכ, מיידל, אכ, מיידל, אכ, מיידל,
ווהינ איז דײַנ באגער?
— מײַנ באגער איז די פאָטער־אונ־מוטער,
צו ווענמענ איכ געהער.

— אכ, מיידל, אכ, מיידל, אכ, מיידל,
וואָס ענטפערסטו מיר אזוי שטאָלצ?
דײַנ ערע קאָנסטו פארלירנ
צווישנ די יעגערס אינ וואלד!

— מײַנ ערע זאָל איכ פארלירנ,
טאָ שלאָגט מיכ שוינ ליבערסט צומ טויט.
דער ליבער גאָט זאָל מיר העלפנ —
איכ בינ אינ א גרויסער נויט.

— אכ, מיידל, אכ, מיידל, אכ, מיידל,
אכ, צי ביסטו בלינד?
איכ בינ דײַנ געשעצטער פאָטער,
אונ דו מײַנ געליבט קינד.

38

גיי איכ מיר ארײַנ צו מײַנ געליבטער פרוי,
דערזע איכ איינס־אונ־צוויי:

אין שטאַל שטייען פערדעלעך,
איינס און צוויי און דריַי.
גיב איך מיר א פרעג מיַין געליבטע פרוי:
— וואָס פארא פערדעלעך זיַינען דאָס?
ענטפערט זי מיר: „בעהיימעלעך,
די מאמע שיקט מיר זיי!"
— אזוי, בעהיימעלעך מיט שווארצינקע זאָטעלעך!
אוי, מיַין פרוי, מיַין הארצ טוט מיר וויי,
איך בין דאָך דיַין מאן, אפ וואָס זשע דארפסטו זיי!

גיי איך מיר אריַין צו מיַין געליבטער פרוי,
דערזע איך איינס־און־צוויי:
אפן וואנט הענגען שינעלעכלעך,
איינס און צוויי און דריַי.
גיב איך מיר א פרעג מיַין געליבטע פרוי:
— וואָס פארא שינעלעכלעך זיַינען דאָס?
ענטפערט זי מיר: „שלאָפ-מאנטעלעך,
די מאמע שיקט מיר זיי!"
— אוי, שלאָפ־מאנטעלעך מיט מעשענע קנעפּעלעך!
אוי, מיַין פרוי, מיַין הארצ טוט מיר וויי,
איך בין דאָך דיַין מאן, אפ וואָס זשע דארפסטו זיי!

גיי איך מיר אריַין צו מיַין געליבטער פרוי,
דערזע איך איינס־און־צוויי:
אין ווינקל שטייען שווערדעלעך,
איינס און צוויי און דריַי.
גיב איך מיר א פרעג מיַין געליבטע פרוי:
— וואָס פארא שווערדעלעך זיַינען דאָס?
ענטפערט זי מיר: „האקמעסערלעך,
די מאמע שיקט מיר זיי!"
— אוי, האקמעסערלעך מיט שווארצינקע שיידעלעך!
אוי, מיַין פרוי, מיַין הארצ טוט מיר וויי,
איך בין דאָך דיַין מאן, אפ וואָס זשע דארפסטו זיי!

גיי איך מיר אריַין צו מיַין געליבטער פרוי,
דערזע איך איינס־און־צוויי:
אפן טיש ליגן קאשקעטעלעך,

איינס און צוויי און דרײַ.
גיב איך מיר א פרעג מײַן געליבטע פרוי:
— וואָס פארא קאשקעטעלעך זײַנען דאָס?
ענטפערט זי מיר: „שלאָפמיצלעך,
די מאמע שיקט מיר זיי!"
— אוי, שלאָפמיצעלעך מיט רויטע קאָלישקעלעך!
אוי, מײַן פרוי, מײַן הארץ טוט מיר וויי,
איך בין דאָך דײַן מאן, אפ וואָס זשע דארפסטו זיי!

גיי איך מיר ארײַן צו מײַן געליבטער פרוי,
דערזע איך איינס־און־צוויי:
אין בעט ליגן הערן,
איינס און צוויי און דרײַ.
גיב איך מיר א פרעג מײַן געליבטע פרוי:
— וואָס פארא הערן זײַנען דאָס?
ענטפערט זי מיר: „שלאָף־קאָלדרעלעך,
די מאמע שיקט מיר זיי!"
— אוי, שלאָף־קאָלדרעלעך מיט שווארצינקע אייגעלעך!
אוי, מײַן פרוי, מײַן הארץ טוט מיר וויי,
איך בין דאָך דײַן מאן, טאָ גיי אין דער ערד מיט זיי!

39

צוויי שוועסטער זײַנען מיר געווען,
איינע עלטער פאר דער צווייטער.
די עלטערע שוועסטער איז מיט מאזל א קאלע געוואָרן,
מיט מאזל האָט זי כאסענע געהאט.

ווי זי איז אָפּגעוועזן איינע צוויי-דרײַ וואָכן,
אזוי האָט זי אָנגעהויבן וויינען און קלאָגן:
— ווי דערלעבט מען די גליקלעכע מינוט,
די שוועסטער זאָל קומען צו פאָרן.

— הער זיך אײַן, מײַן פארליבטע ווײַבעלע,
הער זיך אײַן, וואָס איך וועל דיר זאָגן:
אפילע דײַן שוועסטער וועט זײַן פאר הונדערט מײַל,
צו דיר וועט זי קומען צו פאָרן.

ווי די שוועסטער איז געקומענ צו פאָרנ,
אזוי האָט זי זיכ אָנגעהויבנ פוצנ אונ קאַמענ.
ווי זי האָט זיכ פארפוצט אונ פארקאמט,
אזוי איז זי אוועק מיטנ שוואָגער שפאצירנ.
ווי זי איז אָפּגעגאַנ איינע צוויי־דרײַ טריט,
אזוי האָט זי מיט אימ פארפירט א רייד:

— הער זיכ אײַנ, מײַנ פארליבטער שוואָגער,
הער זיכ אײַנ, וואָס איכ וועל דיר זאָגנ:
לאָמיר פארפירנ די שוועסטער אינ וואלד
אונ לאָמירביידע כאסענע האָבנ!

— הער זיכ אײַנ, מײַנ געליבטע שוועגערנ,
הער זיכ אײַנ, וואָס איכ וועל דיר זאָגנ:
קיינ שענערע ווײַבעלע, ווי דײַנ שוועסטער איז,
קיינ שענערע דארפ איכ ניט האָבנ.

— הער זיכ אײַנ, מײַנ געליבטער שוואָגער,
הער זיכ אײַנ, וואָס איכ וועל דיר זאָגנ:
לאָמיר פארפלאנצנ א ווײַנגאָרטנ א נײַעמ,
אונ שענערע פרוכט וועלנ מיר האָבנ.

— הער זיכ אײַנ, מײַנ געליבטע שוועגערנ,
הער זיכ אײַנ, וואָס איכ וועל דיר זאָגנ:
קיינ שענערע קינדערלעכ, ווי דײַנ שוועסטער האָט,
קיינ שענערע דארפ איכ ניט האָבנ.

— הער זיכ אײַנ, מײַנ געליבטער שוואָגער,
הער זיכ אײַנ, וואָס איכ וועל דיר זאָגנ:
גיב מיר אוועק די שליסלענ פונ בופעט,
אונ לאָמיר ביידע כאסענע האָבנ.

— הער זיכ אײַנ, מײַנ געליבטע שוועגערנ,
הער זיכ אײַנ, וואָס איכ וועל דיר זאָגנ:
נא דיר די שליסלענ פונ בופעט,
אונ לאָמיר ביידע כאסענע האָבנ.

— הער זיכ אײַנ, מײַנ געליבטע שוועסטער,
אווו ביסטו א גאנצע נאכט געוועזנ?
דײַנ וועטשערע איז דאָכ קאלט געוואָרנ.
דו וועסט דאָכ קיינ האנאָע ניט האָבנ.

— הער זיך אײַן, מײַן שװעסטער געליבטע,
זאַי ניט אַזוי צו׳טראָגן,
באַלד װעט אַרײַנגײן מײַן געליבטער מאַן,
װעט ער דיך פֿון שטוב אַרױסיאָגן.

װי דער מאַן איז אַרײַנגעגאַנגען,
אַזױ האָט ער איר אָנגעהױבן טרײַבן און יאָגן.
ער האָט איר אָנגעבונדן אַ שטײן אױפֿן האַלדז
און האָט איר אין טיפֿן טײַך אַרײַנגעװאָרפֿן...

40

דײַן טאַטע איז געפֿאָרן קײן אַמעריקע,
טרינקט ער דאָרט די בעסטע גלאָז ביר,
מיך האָט ער איבערגעלאָזט מיט צװײ קלײנע קינדער,
אַזױ װי אַן אָני בא דער טיר.

דײַן טאַטע איז געפֿאָרן קײן אַמעריקע,
טרינקט ער דאָרט די בעסטע גלאָז װײַן,
כ׳האָב אים געװאָלט פֿאַרהיטן פֿון אַלע אומגליקן,
ער זאָל אין טורמע ניט אַרײַן.

דײַן טאַטע איז געפֿאָרן קײן אַמעריקע
און גײט דאָרט שפּאַצירן אױף די בעלער,
מיך האָט ער איבערגעלאָזט בא ראָכעלע שאַפּירע,
כ׳זאָל בא איר װאַשן די טעלער.

41

— דו מוזט, מײַן טײַער לעבן, קײן אַמעריקע אָפּפֿאָרן,
אין רוסלאַנד װעל איך פֿאַרבלײַבן, —
אױ, זאָג איך דיר, מײַן טײַער זיס־לעבן,
אָפּטע בריװ זאָלסטו מיר שרײַבן.

— אָפּטע בריװ װעל איך דיר, מײַן מאַן, שרײַבן,
ניט קענען װעסטו זײ טאָג לײ׳נען.
זאָגן זאָג איך דיר, מײַן טײַער זיס־לעבן,
אַז אױף דײַנע יאָר װעסטו טאָג װײנען.

צי געדענקסטו, געדענקסטו, װען מיר זײַנען צו דער כופּע געגאַנגען,
די לעװאָנע מיט שטערן האָבן אונדז ליכטיק באַשײַנט.

נאָכ דענסטמאָל האָט מיר מײַנ הארצ געזאָגט,
אז מיר וועלנ בײדע ניט ווינעג לאנג.

— איכ האָב דיר געזאָגט, דו זאָלסט אפ מיר ווארטנ,
דו זאָלסט זיכ ניט רירנ דײַנ ביטער הארצ.
— איכ קאָנ שוינ ניט ווארטנ אפילע ביז מאָרגנ,
ווײַל מײַנ הארצ איז פול מיט שמארצ.

42

פונ קאמערויקע־מאָנאסטיר
איז גאָרניט קײנ מעהאלעכ,
פײגעלע האָט זיכ אָפגעגאנוועט
פרײַטיקצונאכט צום גאלעכ.

ווי די באָבע לײקע
האָט דאָס נאָר דערהערט,
אזוי איז זי געפאלנ
מיטנ קאָפּ אָנ דר'ערד.

— פײגעלע, דו פײגעלע,
קומ צו מיר אהײמ!
איכ וועל דיר געבנ,
וואָס דו ווילסט אלײנ.

איכ וועל דיר געבנ
קלײדער אונ נאדאנ,
איכ וועל דיר געבנ
יאנקאָווסקינ פאר א מאנ.

43

פײגעלע מיט פיאָדערקענ
זײַנענ געפאָרנ אפ א באל,
האָט ער איר געקויפט
א שליאפע מיט א שאל.

פאר דער שליאפע מיטנ שאל
האָט זי זיכ געשמאדט;

פייגעלע מיט פיאָדערקעך
האָבן כאַסענע געהאַט.

44

עליע דער שענקער
האָט אָנגעטאָן זייַן כאַלאַט —
אַזוי האָט מען אים אָנגעזאָגט:
זייַן טאָכטער האָט זיך געשמאַדט.

— צירעלע, פייגעלע,
קום זשע צו מיר, —
איך וועל דיר געבן
קליידער אָן אַ שיר.

איך וועל דיר געבן
צירונג און נאָדלען
און צודערצו
אַ שיינעם יונגנמאַן.

— איך דאַרף ניט דייַנע קליידער,
איך דאַרף ניט דייַן נאָדלען,
איך וויל דאָך נאָר
דעם פּריסטאַוו פאַר אַ מאַן.

גאָספּאָדין פּריסטאַוו,
טשטאָ יאַ וואַס פּראָשו,
וויגאָניאַיטיע יעוורעיאַ,
טערפּעט ניע מאָגו!

45

אַפן באַרג, איבערן באַרג,
פליִען טויבן פּאָרן,
פליִען טויבן פּאָרן;
איך האָב נאָך גאָר קיין נאַכעס נישט געהאַט,
זייַנען אַוועק מייַנע יונגע יאָרן.

שפּאַנט זשע מיר, ברידער,
די שוואַרצע, קאַרע פערד,

און לאָמיר לויפן פאָרן,
און לאָמיר לויפן פאָרן,
עפשער וועל איך נאָך קענען אומקערן
מײַנע יונגע יאָרן.

כ'האָב באגעגנט מײַנע יונגע יאָרן
אפ דעם ברייטן בריק,
אפ דעם ברייטן בריק.
— יאָרן, יאָרן, קערט זיך אום,
כאָטש אין געסט, צוריק!

— ניין, ניין, מיר וועלן נישט גיין,
ס'איז נישטאָ צו וועמען,
ס'איז נישטאָ צו וועמען;
האָסטו געזאָלט יונגערהייט
אונדז נישט פארשעמען...
האָסטו געזאָלט יונגערהייט
אונדז נישט פארשעמען...

46

שטייט סאָרעלע נעבן שפּיגל
און זאָגט:
— איך בין שיין, און מײַן טאטע איז רײַך,
ווער איז נאָך צו מיר גלײַך?

דאָ קומט אָן אן אלטער, א גרײַזער מאן
און זאָגט:
— איך בין צו דיר גלײַך,
דו מוזט מיט מיר גיין.

— מײַן טאטע, מײַן מאמע
האָבן מיך זייער האָלט,
זיי וועלן פאר מיר ניט זשאלעווען
טונען מיט גאָלד.

— טונען מיט גאָלד
מוזן בלײַבן שטיין,

און סאָרעלע, דאָס שיינע מיידעלע,
מוז דאָך מיט מיר גיין.

— מײַן טאַטע און מאַמע
האָבן מיך זייער ליב,
זיי וועלן פאר מיר אוועקגעבן
דאָס קינד אין וויג.

— דאָס קינד אין וויג
וועט בלײַבן אין דער היים,
און סאָרעלע, דאָס שיינע מיידעלע,
מוז דאָך מיט מיר גיין.

47

זיצ איך מיר אין טאַטנס גאָרטן,
שפּיל איך מיר, שפּיל אין קאָרטן,
קומט אַרײַן אַן אַלטער מאַן
אין ווײַסע קליידער אָנגעטאָן.

— א גוטער־מאָרגן, טאָכטערשע!
— א גוטער־יאָר, זיידעשע!
— איך בין נישט געקומען נאָך דײַן גוט־יאָר,
איך בין געקומען צעשיידן דיך גאָר.
איך בין געקומען נאָך דײַנע יונגע יאָר.

— רופט אַרײַן מײַן טאַטע־מאַמע,
עפּשער וועט מיר גרינגער ווערן.
די טאַטע־מאַמע עפענען אויף די טיר:
— געטרײַע, וואָס איז מיט דיר?

— אָ, אַלטער זיידע, לאָמיך לעבן,
נישט צוליב מיר, נאָר צוליב די עלטערנס וועגן;
די עלטערן האָבן מיך זייער ליב,
זיי וואָלטן אוועקגעגעבן א גאָלדענע שטוב.

— א גאָלדענע שטוב, זי בלײַבט ליגן,
ווען מע וועט דאַרפן, וועט מען עס קריגן;
א גאָלדענע שטוב, זי בלײַבט שטיין,
כ׳בין נאָך דיר געקומען, דו מוזט מיט מיר גיין.

— רופט אריַין מיַין שוועסטער און ברודער,
עפּשער וועט מיר ווערן גרינגער.
די שוועסטער און ברודער, זיי עפענען אוף די טיר:
— געטריַיע שוועסטער, וואָס איז מיט דיר?

— אלטער זיידע, לאָמיך לעבן,
נישט צוליב מיר, צוליב מיַין שוועסטער און
ברודערס וועגן.
די שוועסטער און ברודער האָבן מיך זייער ליב,
זיי וואָלטן אוועקגעגעבן א קינד אין וויג.

— א קינד אין וויג בלייַבט ליגן,
ווען מע וועט עס דארפן, וועט מען דאָס קריגן;
א קינד אין וויג, עס בלייַבט שטיין,
איך בין נאָך דיר געקומען, דו מוזט מיט מיר גיין.

— רופט אריַין מיַין כאָסן־לעבן,
עפּשער וועט מיר גרינגער ווערן.
אוי, ווי דער כאָסן עפנט אוף די טיר:
— געטריַיע קאלע, איך בין פאר דיר!

— אלטער זיידע, לאָמיך לעבן,
נישט צוליב מיר, צוליב מיַין כאָסנס וועגן;
דער כאָסן די קאלע האָט זייער געוואָלט,
ער וואָלט אוועקגעגעבן פערל און גאָלד.

— פערל און גאָלד, זיי בלייַבן ליגן,
דיַין כאָסן וועט אן אנדער קאלע קריגן;
פערל און גאָלד, זיי בלייַבן שטיין,
איך בין נאָך דיר געקומען, דו מוזט מיט מיר גיין.

— אדיע, אדיע, מאמעניו,
צינד שוין אָן צוויי ליכטעניו!
אדיע, אדיע, אדיע,
דער מאלכאמאָוועס נעמט מיך שוין!..

נעמט זיך א מוסער, איר גרויסע מיליאָנערן,
פון ראָטשילד דעם גאָלדענעם פּאָנעם,
וויאַזוי מע קען ניט מיט גאָלד שטאָלצירן:
געשטאָרבן איז ער ווי אַלע קאַפּצאָנים.
ראָטשילד איז אין קאַסע אַרײַנגעקומען
און האָט געוואָלט מיט זײַן גאָלד שפּעקולירן, —
אַזוי איז ער טייקעף געפאַנגען געוואָרן:
סע האָט זיך פאַר אים פאַרמאַכט אַלע טירן.
— דו גאָלד, דו גאָלד, דו שײַנסט אין מײַנע אויגן,
אַזוי ווי א פײַער רויט,
איך וואָלט דיך אינגאַנצן אַוועקגעגעבן
פאַר א טרוקן שטיקל ברויט.

— איך האָב דיך געפרעגט, מײַן ליבע מוטער,
ווּהין איז דער טאַטע אַרײַנגעקומען.
האָסטו מיר געענטפערט, מײַן טײַערע מוטער:
„צום קייסער מיט א וויזיט איז ער געגאַנגען".
צום סאָף האָט זיך מיר א כאָלעם געכאָלעמט,
אַז דער טאַטע ליגט אין קאַסע.

זיבן מעסלעס האָט ער הונגער געליטן
און דאָס בלוט פון זײַנע פינגער געזויגן.
אוי, ראָטשילד האָט זיך באַרימט פאַר אַלע קייסאָרים,
אַז ער קען פון קיין הונגער ניט שטאַרבן;
צום סאָף זעט מען דעם גרויסן אומגליק,
ווי ער ליגט צעבראָכן ווי א שאַרבן.

49

מיט א נאָדל און אָן א נאָדל
ניי איך מיר בעקאָוועד גאָדל.
און אַז איך האָב א נאָדל מיט א פּאָדעם,
ניי איך מיר אָפּ די שענסטע בגאָדים.

מיט א נאָדל אַאוו.
און אַז איך האָב א נאָדל מיט א פינגערוט,
לעב איך מיר אָפּ מײַן וועלט באַרוט.

מיט א נאָדל אאוו.
אבי איך נעמ די שער־און־אײַזן,
קען איך שוין מײַן ווײַב־און־קינדער שפּײַזן.

איך פארלייג מיר א פוס אפ א פוס
און זינג מיר א לידעלע צוקער־זיס.
מיט א נאָדל און אָן א נאָדל
ניי איך מיר בעקאָוועד גאָרל.

50

זיצט א שנײַדער
א פוס איבער א פוס,
זינגט א לידעלע
צוקער־זיס.

שטיי איך מיר
בא דער טיר,
פאָרט צו מיר
א סקארבאָווע פור.

פרעג איך איר:
— ווו זשע פאָרסטו?
זאָגט זי:
— טאקע צו דיר,

פון דעם פרעסל,
פון דעם שערל,
טו איך אָן מײַן ווײַב
א האלדז פערל,
טרא־לא־לא־לא.

51

אלע לײַטישע מענטשן זאָלן זיך באקלערן,
האָבן זיי געדארפט שנײַדער ווערן.
א שנײַדער איז א שיינע מעלאָכע
און קומט ארויס פון א שיינער מישפּאָכע.

א שנײַדער, א שנײַדער איז גוט צו זײַן —
ער פֿארדינט א קערבל זייער פֿײַן.
א פֿינגערוט מיט דער נאָדל —
פֿארדינט ער א קערבל בעקאָוועד גאָדל.

מע קלינגט מיר אָן אין דער טיר,
גייט א זאקאשטשיק אנטקעגן מיר,
און די שטיוועלעך אויסגעפּוצט,
און ער פֿרעגט, ווו א שנײַדער זיצט.

כאָטיא מײַן פֿינגערוט און נאָדל איז גראָב,
פֿונדעסטוועגן טויג עס פֿארן ראָוו.
און איך האָב פֿאר קיינעם ניט קיין מוירע,
ווײַל ס'איז בא מיר ניט קיין פֿוילע סחוירע.

52

זיץ איך מיר, א פּיסעלע איבער א פֿוס,
און זינג מיר א לידעלע צוקער־זיס.
א שנײַדער צו זײַן איז גאָר אויס די וועלט,
ווהין ער קומט, פֿארדינט ער געלט.
אז די יאָלדן וואָלטן זיך וועלן באקלערן,
וואָלטן זיי אלע שנײַדערס ווערן.
ווער קען ריידן גאפּנדיקע רייד,
און ווער קען נייען שיין א קלייד,
און ווער איז טאקע א פֿײַנער יונג?
טאקע איך — מישע קלינג!

---

# סאטירע און הומאָר

## 1. קעגן פרומקײַט

1

המוציא מחברו עליו הראיה. (האמוציצי מייכאוויירוי אָלאָוו האָרײַע).
פון דעם רעבנס ניסים וועל איך אײַך דערציילן א מײַסע א נײַע.

ציג־ציגע־צאפל, ציגע־ציגל, ציפ־צאפ,
ציג-ציגע־צאפל, ציג־ציג־צאפ!

די מײַסע האָט זיך געטראָפן מאָצע־הוישײַנע־ראבע,
איז געבאָרן געוואָרן א בכאָר א בעקעלע באם רעבנס גאבע.
ציג־ציגע-צאפל אאוו.

האָט דער רעבע געהייסן אים פוצן און צירן
און אָן שײַלעס-אומײַנעס אין מיקווע אים פירן.
ציג־ציגע־צאפל אאוו.

דאָס בעקל האָט מען אָנגעטאָן גאנץ שיין און גאנץ פײַן,
און מע האָט אים מיט גרויס קאָוועד געפירט אין מיקווע ארײַן.
ציג־ציגע־צאפל אאוו.

די כסידים פארן עק — דער רעבע פארן האָרן,
דאָס בעקל האָט געגעבן א שפרונג און אנטלאָפן געוואָרן.
ציג־ציגע־צאפל אאוו.

זײַנען אַלע געלאָפֿן דאָס בעקעלע זוכן,
ס'איז אפֿילו געלאָפֿן דער קויהען פֿון דוכן.
צינ־ציגע־צאַפּל אַאוו.

נאָך אים איז געלאָפֿן כאַים דער קרומער,
נאָך אים איז געלאָפֿן דער שויכעט דער פֿרומער.
ציג־ציגע־צאַפּל אַאוו.

דער שויכעט האָט געגעבן אַ כאַפּ דאָס בעקעלע פֿאַרן זאָנאָוו,
האָט ער אים, בימכילע, מעיִז געוועזן בעפאַנאָוו.
ציג־ציגע־צאַפּל אַאוו.

האָבן אַלע געזען, אַז דאָס איז אַ דיבעק געוועזן,
האָט ער, דער רעבע, געהייסן קרישמע צו לעזן.
ציג־ציגע־צאַפּל אַאוו.

אַפֿ צומאָרגנס האָט ער געהייסן גוימל צו בענטשן,
וואָס ער האָט מאַצל געווען פֿון דיבעק אַלע מענטשן.
ציג-ציגע־צאַפּל אַאוו.

איר, אַפּיקאָרסים, הולטײַעס, וועט פֿון דעם לאַכן און שפּאָטן,
וועט מען אײַך דערפֿאַר אַפֿ יענער וועלט ברענען און בראָטן.
ציג־ציגע-צאַפּל אַאוו.

2

דער רעבע מיט די כסידים
זײַנען אַפֿ דער יאַבאָשע געווען,
אוי ווײ, דער רעבע!
און האָבן אַפֿ דער יאַבאָשע אַ פֿיש דערזען,
אוי ווײ, דער רעבע!

דער רעבע האָט דעם פֿיש
גאַנץ גוט באַטראַכט,
אוי ווײ, דער רעבע!
און האָט דעם פֿיש אַהיים דער רעבעצן געבראַכט,
אוי ווײ, דער רעבע!

די רעבעצן האָט דעם פיש
גאַנץ גוט באַקוקט,
אוי ווײ, דער רעבע!
און האָט דעם פיש אין טשאָלנט אַרײַנגערוקט,
אוי ווײ, דער רעבע!

און אַז מע האָט דעם פיש
צום טיש גענומען,
אוי ווײ, דער רעבע!
איז יעדן כאָסיד אַ קאָפּ אָנגעקומען,
אוי ווײ, דער רעבע!

עפּשער ווילט איר וויסן,
ווי די מײַסע איז געווען,
אוי ווײ, דער רעבע!
איז די מײַסע גאָר קיין מײַסע ניט געווען,
אוי ווײ, דער רעבע!

3

ווייסט איר, פון וואָס מ'וועט סטראָיען
דעם רעבנס באָד,
וואָס שטייט איבערן מיטן סאָד?
ניט פון קיין שטיינער
און ניט פון קיין ציגל,
נאָר פון טײַערע מײַכאָלים,
פון צימעס און פון קוגל.
מיט האָניק וועלן זײַן
געשמירט אַלע פיר עקן,
און כסידימלעך וועלן שטיין
און וועלן לעקן.
אוי, ווי דערלעבט מען שוין,
ווי דערלעבט מען שוין דאָס!

4

— ווען דו וואָלסט געווען דער בורא־עולם,
וואָס וואָלסטו געטאָן?

ווען דו וואָלסט געווען דער בוירע-אוילעם,
וואָס וואָלסטו געמאכט?
— כ׳וואָלט געמאכט און געמאכט,
כ׳וואָלט געמאכט א טשאָלנט, ער זאָל אין אויוון נישט אריַינגיין,
דאָס וואָלט איך געמאכט;
אפיקאָרסים וואָלט איך א קרענק געגעבן,
נאָר די כסידימלעך.
אלעוויַ, אלעוויַ, אלעוויַ וואָלט דאָס עמעס געווען,
אלעוויַ, אלעוויַ, אלעוויַ וואָלט דאָס עמעס געווען!

— ווען דו וואָלסט געווען אאוו.
— כ׳וואָלט געמאכט און געמאכט,
כ׳וואָלט געמאכט א קוגל, ער זאָל אין טשאָלנט נישט אריַינגיין,
דאָס וואָלט איך געמאכט;
אפיקאָרסים וואָלט איך א קרענק געגעבן,
נאָר די כסידימלעך.
אלעוויַ, אלעוויַ, אלעוויַ וואָלט דאָס עמעס געווען,
אלעוויַ, אלעוויַ, אלעוויַ וואָלט דאָס עמעס געווען!

— ווען דו וואָלסט געווען אאוו.
— כ׳וואָלט געמאכט און געמאכט,
כ׳וואָלט געמאכט א בעסוילעם, ער זאָל אין פארקן נישט
אריַינגיין,
דאָס וואָלט איך געמאכט;
אפיקאָרסים וואָלט איך א קרענק באגראָבן,
נאָר די כסידימלעך.
אלעוויַ, אלעוויַ, אלעוויַ וואָלט דאָס עמעס געווען,
אלעוויַ, אלעוויַ, אלעוויַ וואָלט דאָס עמעס געווען!

5

פאָרט דער כאָסידל צו דעם רעבן,
האָט אים אָנגעכאפּט א שלאקסרעגן.
מאכט דער כאָסידל: בימ־באָמ!
מאכט דער כאָסידל: בימ־באָמ!

ווי דער שלאקסרעגן האָט אים אָנגענומען,
איז ער אין קרעטשמע אריַינגעקומען.

מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!

ווי ער האָט געגומענ א גלעזל בראנפנ טרינקענ,
האָט ער גענומענ צום מיידל ווינקענ.
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!

— מיידעלע, מיידעלע, ביסט מיר זייער געפעלנ,
איכ וועל דיר שענקענ א שנירל מיט קרעלנ!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!

דאָס שנירל קרעלנ האָט זי צוגענומענ,
אונ אימ האָט זי געהייסנ שפעטער קומענ.
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!

— מיידעלע, מיידעלע, ביסט מיר זייער גוט,
איכ וועל דיר שענקענ א שיינעמ הוט!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!

דעמ שיינעמ הוט האָט זי צוגענומענ,
אונ אימ האָט זי געהייסנ שפעטער קומענ.
מאכט דער כאָסידל: בים-באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!

— מיידעלע, מיידעלע, ביסט מיר זייער שיינ,
איכ וועל דיר שענקענ א גאָלדענע קרוינ!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!

די גאָלדענע קרוינ האָט זי צוגענומענ,
אונ אימ האָט זי געהייסנ שפעטער קומענ.
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!

— מיידעלע, מיידעלע, גיב אָפּ מײַנע זאכן!
— פון אזא כאָסידל מעג מען לאכן!
מאכט דער כאָסידל: בים-באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים-באָם!

איז ער אוועק אָן וועג־און־שטעג,
ווי א הונט אין די נײַן טעג.
מאכט דער כאָסידל: בים־באָם!
מאכט דער כאָסידל: בים-באָם!

6

ס'איז געזעסן א כאָסידל בא דער געמאָרע,
האָט אים אָנגעכאפּט דער יעיצערהאָרע.
מאכט דאָס כאָסידל: בים־באָם!
מאכט דאָס כאָסידל: בים־באָם!

איז ער אין קרעטשמע ארײַנגעקומען,
א ביסל בראנפן דאָרט גענומען.
מאכט דאָס כאָסידל אאוו.

א ביסל בראנפן אויסגעטרונקען,
א שיינעם מיידל צוגעווונקען.
מאכט דאָס כאָסידל אאוו.

— דו שיין מיידל, דו ביסט מיר געפעלן,
איך וועל דיר קויפן א בינטל קרעלן.
מאכט דאָס כאָסידל אאוו.

דאָס בינטל קרעלן צוגענומען,
האָט אים געהייסן שפּעטער קומען.
מאכט דאָס כאָסידל אאוו.

איז ער געקומען שפּעט באנאכט,
טיר־און־טויער צוגעמאכט.
מאכט דאָס כאָסידל אאוו.

האָט ער אַ ציי געגעבן באַ דעם שנירל,
האָט זיך אים געעפנט אַ קליין טירל.
מאַכט דאָס כאָסידל אאַוו.

— אוי, דו כאָסיד, דו רויצייעך,
אָט כאַפּסטו באַלד אַ שטיק האָלץ אין מויעך.
מאַכט דאָס כאָסידל אאַוו.

7

קום אַהער, דו פילאָזאָף,
מיט דיַין קעצישן מויעכל,
קום אַהער צום רעבנס טיש
און לערן זיך דאָ סייכל.

אַ דאַמפשיף האָסטו אויסגעטראַכט
און נעמסט דערמיט זיך איבער;
דער רעבע שפּרייט זיַין טיכל אויס
און גייט דעם יאַם אַריבער.

אַן איַיזנבאַן האָסטו אויסגעקלערט
און מיינסט, דו ביסט אַ פּאָריץ;
דער רעבע שפּעט, די רעבעצן לאַכט,
ער דאַרף דאָס אַף קאַפּאָרעס.

צי ווייסטו דען, וואָס דער רעבע טוט,
בייס ער זיצט בעיעכידעס?
אין איין מינוט ער אין הימל פליט
און פּראַוועט דאָרט שאַלעסודעס.

8

דער רעבע פאָרט, דער רעבע פאָרט,
דער רעבע איז שוין געקומען —
טרינקט זשע בראַנפן מיט אַ קוואָרט,
עס איז אַ גוטער סימען!

לויפט זשע, וויַיבעלעך, לויפט,
גוטע קינדערלעך קויפט!

געלט און קאָוועד, ווי מיסט,
גיט ער האלב־אומזיסט.

אז דער רעבע שפּארט זיך איַין,
אבי מיט גרויס קאוואָנע,
מעג אפילו כמורגע ווערן,
מוז שוין זיַין די לעוואָנע.

אז ניט היַינט — איז מאָרגן,
איר זאָלט זיך גאָר ניט זאָרגן;
איר מעגט דעם רעבן גלייבן,
אז ער וועט א לעוואָנע געבן.

ניט צו גלייבן איז זייער מיס,
דאָס האָב איך אליין געזען —
ס'איז געקומען א קרומער אףביידע פיס,
האָט אים דער רעבע געהייסן גיין:

— וואַרף אוועק די קוליעס
און לויף געשווינד, איך וויל עס! —
דער קרומער האָט דעם רעבן געהערט
און האָט זיך איבערגעקערט.

9

דאָס ווייסט דאָך יעדערער אין דער וועלט,
אז סאָכרים צום רעבן פאָרן,
סאָכרים צום רעבן א פּידיען גיבן,
גיט דאָס דעם רעבן א ברי.

ער גיט זיך קעגן זיי א קנייטש
און זאָגט זיי צו:
— גיי, גיי אָן מוירע,
מיטן רעבנס גליק,
אָן מאָרעשכוירע,
מיט דעם רעבנס גליק.

דאָס ווייסט דאָך יעדערער אין דער וועלט,
אז דער גאנעוו צום רעבן פאָרט,

דער גאנעוו צום רעבנ א פידיענ גיט,
גיט דאָס דעמ רעבנ א ברי.

ער גיט זיכ קעגנ אימ א קנייטש
אונ זאָגט אימ צו:
— גיי, גיי אָנ מוירע,
מיט דעמ רעבנס נעס,
אָנ מאָרעשכוירע,
מיט דעמ רעבנס נעס.

10

צומ רעבנ איז דאָכ אנ אקאָרע געקומענ
מיט א באקאָשע, זי וויל א קינד.
אויכ א בסולע, אוי, א צאָרע,
אפביידע אויגנ בלינד.
דעמ רעבנס מויפעס איז דאָס געווענ:
די אקאָרע איז זעענדיק אהיימ געפאָרנ,
די בסולע איז געבליבנ א קימפעטאָרנ.

אוי וויי, איז דאָס א מויפעס
טאקע, טאקע פונעמ רעבנ אליינ,
דעמ רעבנ איז גוט, אונ דעמ רעבנ איז וויל,
דעמ רעבנס מויפעס איז דאָס געווענ.

צומ רעבנ איז דאָכ אויכ א מעשוגענער געקומענ
מיט א באקאָשע, ער וויל קלאָר ווערנ.
דער רעבע האָט אימ געהייסנ בא זיכ אָפזיצנ א יאָר,
קעדיי ער זאָל ווערנ קלאָר.
וויאזוי ער איז אָפגעזעסנ באמ רעבנ א יאָר,
אזוי איז ער ניט געוואָרנ קיינמאָל קלאָר.
אוי וויי, איז דאָס א מויפעס אאוו.

צומ רעבנ איז דאָכ אויכ א קרומער געקומענ
מיט א באקאָשע, ער וויל גלייַכ ווערנ.
דער רעבע האָט אימ געהייסנ א פאָר קוליעס אָנטאָנ,
קעדיי ער זאָל זיכ ניט איבערקערנ.

וויאזוי ער האָט דעם רעבנ צוגעהערט,
אזוי האָט ער זיך אפ די קריזשעס איבערגעקערט.

אוי וויי, איז דאָס א מויפעס
טאקע פונעם רעבנ אליינ.
דעם רעבנ טאקע,
דעם רעבנ א מאקע,
דעם רעבנס מויפעס איז דאָס געווענ.

11

ווער האָט דאָס געזענ,
אונ ווער האָט עס געהערט,
אז פייער מיט וואסער
זאָלנ פירנ ווי א פערד?

אוי, האָט ער א פייפער
מיט אנ אייזערנעם קויעכ,
פונ אונטנ גיסט זיך וואסער,
פונ אויבנ שפארט א רויכ!

הייסע קוילנ
איז בא אימ א מייכל,
קאלט וואסער
איז בא אימ א יייכל.
אוי, האָט ער א פייפער אאוו.

גוואלד, ריבוינעשעלוילעמ,
נעמ אָפ בא אימ די יאָרנ,
ער זאָל ניט קענענ פייפנ
אונ זאָל ניט קענענ פאָרנ!
אוי, האָט ער א פייפער אאוו.

12

ווייסט איר, ווער איכ בינ?
די אלטע זאָגערנ.
ווייסט איר, ווו איכ וווינ?
אפנ שולהויפ איז מיינ היימ.

ווי מע טוט א קלאפּ,
טו איך זיך א כאַפּ,
כאָטש מײַן קאָפּ איז דול,
לויף איך גלײַך אין שול.

גיי איך מיר פון שול
מיט אלע מײַנע טכינעס,
טו איך א טרונק בראנפן
און פארבײַס מיט הייסע בלינעס.

גיי איך אפן בעסוילעם
מיט א פלעשל מאשקע,
צו איטלעכער מאצייווע
מאך איך א פּאָפּאסקע.

פון די שאדכאָנים
מאכט זיך ניט צו די טיר,
און ווו נאָר א רעדל,
רעדט מען ארום מיר.

אפילע מיטן בעדער
האָט מען מיר שוין אויך גערעדט,
ווען ניט מײַנע שטופלען
בין איך א פּאָרטרעט.

13

ווילנער לאסונעס — ליאָקום בעמבע!
ווישניעווער קלאָטניקעס — ליאָקום בעמבע!
זופּראנער ציגן — ליאָקום בעמבע!
זאסקוויצער בעק — ליאָקום בעמבע!
לעבעדוווער קולאהע — ליאָקום בעמבע!
מאָלאָדעטשנער לאדישעס — ליאָקום בעמבע!
מינסקער כאזיירים — ליאָקום בעמבע!
סמארגאָנער בערן־טרײַבער — ליאָקום בעמבע!
קרעווער מעכילע — ליאָקום בעמבע!
זײַנען זיי געגאנגען — ליאָקום בעמבע!
אפּ א מילכאָמע — ליאָקום בעמבע!
האָבן זיי געשאָסן — ליאָקום בעמבע!

מיט שטרויענע קוילן — ליאָקום בעמבע!
מיט פאַפּירענע ביקסן — ליאָקום בעמבע!
האפּטשי האַליַילאָ!
שטויפּצער רעבעצן — ליאָקום בעמבע!
איז געגאַנגען שעפּן וואסער — ליאָקום בעמבע!
אין א הילצערנעם ברונעם — ליאָקום בעמבע!
אין געמויערטער שול — ליאָקום בעמבע!
האָט זי אָנגעשעפּט די וואסער — ליאָקום בעמבע!
געכאַפּט א קדושע — ליאָקום בעמבע!
איז צוגעלאָפן א כאזער — ליאָקום בעמבע!
און טאקע א מינסקער — ליאָקום בעמבע!
גענומען כליאָפּטשען די וואסער — ליאָקום בעמבע!
קאָדיש! האיוצ!.. קאָדיש! האיוצ!..
האפּטשי האַליַילאָ!
אווימעלעכ — ליאָקום בעמבע!
האָט געריסן — ליאָקום בעמבע!
אפּ א זאק מיט האָפּן — ליאָקום בעמבע!
און האָט אונטערגעשמיסן — ליאָקום בעמבע!
מיט א מילכיקער קוטניצע — ליאָקום בעמבע!
האפּטשי האַליַילאָ!
ביילע די קאצעווטע — ליאָקום בעמבע!
האָט געטרייבערט א פליג — ליאָקום בעמבע!
האָט זי געפונען א טאל־אומאָטאָר אפן לעבערל.
האפּטשי האַליַילאָ!

14

א זעמערל, א זעמערל,
אוי, לאָמיר זינגען א זעמערל!
אורעמעלע דער שוסטער — יאָקום בעמבע!
איז א גוטער שניַידער — יאָקום בעמבע!
מאכט ער אן אויוון — יאָקום בעמבע!
ליגט ער אין טאליע — יאָקום בעמבע!
ווי א פאָמעניצע וואסער — יאָקום בעמבע!
גאָט מיַין טאטע, גאָט מיַין פאָטער,
ראזאָמ כאָראָשאָ!
ווען איז דאָס געווען, ווען איז דאָס געוועזן?
כאפּצי באַליַילאָ!

א זעמערל, א זעמערל,
אוי, לאָמיר זינגען א זעמערל!
אוימעלעכ האָט געריטן — יאָקום בעמבע!
זומער אפ א שליטן — יאָקום בעמבע!
ווינטער אפ א ריבאַיזן — יאָקום בעמבע!
צוגעשמיסן — יאָקום בעמבע!
דרײַ פאָר סוסים—יאָקום בעמבע!
מיט א כאנעקע־ליכטל — יאָקום בעמבע!
גאָט מײַן טאטע, גאָט מײַן פאָטער,
ראזאָם כאָראָשאָ!
ווען איז דאָס געווען, ווען איז דאָס געווען?
כאפצי באלײַלאָ!

★

## 2. שפאסן און שמייכלען

1

— דו מיידעלע דו שיינס, דו מיידעלע דו פײַנס,
כ'וועל דיך עפעס פרעגן א רעטעניש אזוינס.
וואָס איז העכער פאר א הויז
און וואָס איז פלינקער פאר א מויז?

— נארישער באָכער, נארישער טראָפ,
דו האָסט ניט קיין סייכל אין דײַן קאָפ!
דער רויך איז העכער פאר א הויז,
א קאץ איז פלינקער פאר א מויז.

— דו מיידעלע דו שיינס, דו מיידעלע דו פײַנס,
כ'וועל דיך עפעס פרעגן א רעטעניש אזוינס.
וואָס איז טיפער פאר א קוואל
און וואָס איז ביטערער ווי גאל?

— נארישער באָכער, נארישער טראָפ,
דו האָסט ניט קיין סייכל אין דײַן קאָפ!
די טוירע איז טיפער פאר א קוואל,
דער טויט איז ביטערער ווי גאל.

— דו מיידעלע דו שיינס, דו מיידעלע דו פײַנס,
כ׳וועל דיך עפּעס פרעגן א רעטעניש אזוינס.
וואָס פאר א שטוב איז אָן א טיש
און וואָס פאר א וואסער איז אָן א פיש?

— נארישער באָכער, נארישער טראָפּ,
דו האָסט ניט קיין סייכל אין דײַן קאָפּ!
די באָד־שטוב איז אָן א טיש,
די מיקווע-וואסער איז אָן א פיש.

— דו מיידעלע דו שיינס, דו מיידעלע דו פײַנס,
כ׳וועל דיך עפּעס פרעגן א רעטעניש אזוינס.
וואָס פאר א וואסער איז אָן א זאמד
און וואָס פאר א מיילעך איז אָן א לאנד?

— נארישער באָכער, נארישער טראָפּ,
דו האָסט ניט קיין סייכל אין דײַן קאָפּ!
די וואסער פון אויג איז אָן א זאמד,
דער מיילעך פון קאָרטן איז אָן א לאנד.

— דו מיידעלע דו שיינס, דו מיידעלע דו פײַנס,
כ׳וועל דיך עפּעס פרעגן א רעטעניש אזוינס.
וואָסער מילנער איז אָן א מיל
און וואָסער לעפל איז אָן א שטיל?

— נארישער באָכער, נארישער טראָפּ,
דו האָסט ניט קיין סייכל אין דײַן קאָפּ!
אן אָפּגעברענטער מילנער איז אָן א מיל,
אן אָפּגעבראָכענע לעפל איז אָן א שטיל.

2

— כ׳וועל ארײַנעמען א בער פון וואלד
און וועל אים אויסלערנען שרײַבן.
האָב זשע מיר זיבן קינדער,
און א מיידל זאָלסטו בלײַבן.

— זיבן קינדער וועל איך האָבן,
און א מיידל וועל איך בלײַבן,

מאכ זשע מיר זיבנ וויגלעכ
אָנ מעסער אונ אָנ געציַיגנ.

— זיבנ וויגלעכ וועל איכ דיר מאכנ
אָנ מעסער אונ אָנ געציַיגנ,
נייַ זשע מיר אופּ זיבנ העמדער
אָנ נאָדלענ אונ אָנ זיַידנ.

— זיבנ העמדער וועל איכ דיר אופנייענ
אָנ נאָדלענ אונ אָנ זיַידנ,
מאכ זשע מיר א לייטער,
וואָס זאָל קענענ אינ הימל שטיַיגנ.

— א לייטער וועל איכ דיר מאכנ,
וואָס וועט קענענ אינ הימל שטיַיגנ,
צייל זשע מיר איבער די שטערנ,
זאָלסט קיינ איינעמ ניט מיַידנ.

— שטערנ אינ הימל וועל איכ דיר איבערציילנ,
איכ וועל קיינ איינעמ ניט מיַידנ,
נעמ זשע מיר ארויס די פיש פונ יאמ,
ס'זאָל קיינ איינער ניט בליַיבנ.

— די פיש פונ יאמ וועל איכ דיר ארויסנעמענ,
ס'וועט קיינ איינער ניט בליַיבנ,
איכ בינ קלוג, אונ דו קיינ נאר,
לאָמיר ביידע שוויַיגנ.

3

ביַיט זשע מיר אויס א פינפ־אונ־צוואנציקער
אפ סאמעראָדנע דריַיער;
אונ שפּילט זשע מיר, קלעזמאָרימלעכ,
א לידעלע א טיַיער.

ראָמטשי־רימטשי, ראָמשע־ריטשו,
ראָמטשי־רימטשי, ראָמטשי־רימטשי,
ראָמטשי־רימטשי, ראָטשי־ריאָ.

בײַט זשע מיר אויס א פינפ-און-צוואנציקער
אפ סאמעראָדנע פירער;
און שפּילט זשע מיר, קלעזמאָרימלעך,
דאָס זעלביקע, וואָס פריִער.
ראָמטשי-רימטשי אאוו.

בײַט זשע מיר אויס א פינפ-און-צוואנציקער
אפ סאמעראָדנע צענער;
און שפּילט זשע מיר, קלעזמאָרימלעך,
דאָס זעלביקע, נאָך שענער.
ראָמטשי-רימטשי אאוו.

4

גאָט האָט באשאפן הימל און ערד,
פון דער ערד א קאָריען ארויס.
דער קאָריען פון דער ערד,
גאָט האָט באשאפן הימל און ערד.

פון דעם קאָריען א בוים ארויס.
דער בוים פון דעם קאָריען,
דער קאָריען פון דער ערד,
גאָט האָט באשאפן הימל און ערד.

פון דעם בוים צווײַגן ארויס.
די צווײַגן פון דעם בוים,
דער בוים פון דעם קאָריען אאוו.

פון די צווײַגן א נעסט ארויס.
די נעסט פון די צווײַגן אאוו.

פון דער נעסט א פויגל ארויס.
דער פויגל פון דער נעסט אאוו.

פון דעם פויגל א פעדער ארויס.
דער פעדער פון דעם פויגל אאוו.

פונ דעמ פעדער א קישנ ארויס.
דאָס קישנ פונ דעמ פעדער אאוו.

פונ דעמ קישנ א מויד ארויס.
די מויד פונ דעמ קישנ אאוו.

פונ דער מויד א באָכער ארויס.
דער באָכער פונ דער מויד אאוו.

פונ דעמ באָכער די טוירע ארויס.
די טוירע פונ דעמ באָכער,
דער באָכער פונ דער מויד,
די מויד פונ דעמ קישנ,
דאָס קישנ פונ דעמ פעדער,
דער פעדער פונ דעמ פויגל,
דער פויגל פונ דער נעסט,
די נעסט פונ די צווייַגנ,
די צווייַגנ פונ דעמ בוימ,
דער בוימ פונ דעמ קאָריענ,
דער קאָריענ פונ דער ערד,
גאָט האָט באשאפנ הימל אונ ערד.

5

עכאָד מי יוידייא? עכאָד אני יוידייא:
איינס איז א יידענע,
ניט זי לעבט, ניט זי שוועבט,
ניט אפנ הימל, ניט אפ דר'ערד.

שנאַימ מי יוידייא? שנאַימ אני יוידייא:
צוויי עקנ אינ א שטעקנ,
איינס איז א יידענע,
ניט זי לעבט אאוו.

שלוישאָ מי יוידייא? שלוישאָ אני יוידייא:
דרייַ עקנ אינ א קרעפל,
צוויי עקנ אינ א שטעקנ,
איינס איז א יידענע אאוו.

ארבא מי יודייא? ארבא אני יודייא:
פיר פיסלעך אינ א בעט,
דרײַ עקנ אינ א קרעפּל,
צוויי עקנ אאוו.

כאמישאָ מי יודייא? כאמישאָ אני יודייא:
פינפ פינגער אינ א כאפּ,
פיר פיסלעך אינ א בעט,
דרײַ עקנ אינ א קרעפּל,
צוויי עקנ אינ א שטעקנ,
איינס איז א יִדענע,
ניט זי לעבט אונ ניט זי שוועבט,
ניט אפנ הימל אונ ניט אפּ דר׳ערד.

6

זײַ געזונט, פעטער שאָלעמ!
די וועלט איז א כאָלעמ,
א כאָלעמ איז די וועלט,
די וועלט שטייט אפּ געלט,
פאר געלט קויפט מענ ביר,
וואָס דרײַ איז ניט פיר,
וואָס פיר איז ניט דרײַ,
וואָס אלט איז ניט נײַ,
וואָס נײַ איז ניט אלט,
וואָס ווארעמ איז ניט קאלט,
וואָס קאלט איז ניט ווארעמ,
וואָס רײַך איז ניט אָרעמ,
וואָס אָרעמ איז ניט רײַך,
וואָס קרומ איז ניט גלײַך,
וואָס גלײַך איז ניט קרומ,
א פויער איז ניט פרומ,
ניט פרומ איז א פויער,
וואָס זיס איז ניט זויער,
וואָס זויער איז ניט זיס,
וואָס הענט איז ניט פיס,
וואָס פיס איז ניט הענט,
צומ זיצנ אָנגעלענט,

אָנגעלענט צום זיצן,
א לײַב איז צום שוויצן,
צום שוויצן איז א לײַב,
א מאַן איז ניט קיין ווײַב,
א ווײַב איז ניט קיין מאן,
א טאָפּ איז ניט קיין פאן,
א פאן איז ניט קיין טאָפּ,
קימל איז ניט קיין קראָפּ,
קראָפּ איז ניט קיין קימל,
די ערד איז ניט קיין הימל,
דער הימל איז ניט קיין ערד,
א ביקס איז ניט קיין שווערד,
א שווערד איז ניט קיין ביקס,
א פוטער איז ניט קיין פיקס,
א פיקס איז ניט קיין פוטער,
שמאלץ איז ניט קיין פוטער,
פוטער איז ניט קיין שמאלץ,
א מאצע איז אָן זאלץ,
אָן זאלץ איז א מאצע,
א פערד איז ניט קיין קליאטשע,
א קליאטשע איז ניט קיין פערד,
א פייער ליגט אין דר'ערד.

7

הארצעניו, קרוינעניו,
לאָז מיך לעבן,
קיעלע מילכעלע
וועט מיר געבן,
קעצעלע איר פעלכעלע
וועט מיר געבן,
פעלכעלע גארבערל
וועל איך געבן.
גארבערל לעדערל
וועט מיר געבן,
שוסטערל לעדערל
וועל איך געבן.

שוסטערל שיכעלעך
וועט מיר געבן.
פון שיכעלעך וועל איך
מאכן א קראָם גלײַך
און וועל ווערן
ווי מײלעך סאָבעצקעס יאָרן רײַך.

8

וואָס טויג דעם אלטן צוועלף ווײַבערלעך?
די ערשטע — קערט די שטוב מיט דעם הויז,
די צווייטע — ווארפט דאָס מיסט אפ דער גאס ארויס,
די דריטע — הייצט די הרובע אײַן,
די פערטע — רוקט דעם טשאָלנט אין אויוון ארײַן,
די פינפטע — מאכט א שטיקל פיש,
די זעקסטע — גרייט דעם אלטן מאן צום טיש,
די זיבעטע — גייט אראָפּ אין קעלער ארײַן,
די אכטע — ברענגט ארופ דעם אלטן ווײַן,
די נײַנטע — גיסט פון פלעשל אין גלעזל ארײַן,
די צענטע — טרינקט מיטן אלטן מאן דעם ווײַן,
די עלפטע — בעט דעם אלטן דאָס בעט,
די צוועלפטע — שפרינגט צום אלטן אין בעט ארײַן.

9

איז געווען אמאָל א פאסטעכל, א פאסטעכל,
איז אים פארלאָרן געגאנגען
זײַן איין־און־איינציק שעפעלע.
גייט ער, זעט ער א פור מיט שטיינדעלעך, מיט שטיינדעלעך,
האָט ער געמיינט, אז דאָס איז פון שעפעלע די ביינדעלעך.
זאָגט ער: — אדויני, אדויני, אדויני,
טשי ניע באטשיוו טי,
טשי ניע ווידזיאל טי
מאָיעי אָווצי?
מאכט ער:
— ניעט!
— בידא, בידו,
נעמא, נישטאָ,

יאק זשע יא
דאָ דאָמו פרידו ?..

גייט ער, זעט ער א פור מיט דערנערלעכ, מיט דערנערלעכ,
האָט ער געמיינט, אז דאָס איז
פונ שעפעלע די הערנערלעכ.
גייט ער, זעט ער א פור מיט ניסעלעכ, מיט ניסעלעכ,
האָט ער געמיינט, אז דאָס איז פונ שעפעלע די פיסעלעכ.
זאָגט ער: — אדוני, אדוני, אדוני,
טשי ניע באטשיוו טי,
טשי ניע ווידזיאל טי
מאָיעי אָווצי ?
מאכט ער:
— ניעט !
— בידא, בידו,
נעמא, נישטאָ,
יאק זשע יא
דאָ דאָמו פרידו ?..

10

אמאָל איז געווענ א גרויסער גוויר,
האָט ער געהאט געלט אָנ א שיר,
האָט ער געהאט צענ טעכטער,
זײַנענ זיי געווענ אפ לײַטישנ געלעכטער.

די ערשטע איידע, די צווייטע ביילע,
די דריטע גאָלדע, די פערטע דווירע,
די פינפטע הענע, די זעקסטע וויכנע,
די זיבעטע זעלדע, די אכטע כאנע,
די נײַנטע טויבע, די צענטע ייִדאשנע.

האָט ער מיכ פאר א שאדכנ געמאכט,
האָב איכ אימ די שידוכימ אינ שטוב ארײַנגעבראכט.
זיי וועלנ מיר דאנקענ קאָלזמאנ זיי וועלנ לעבנ
פאר די שידוכימ, וואָס איכ וועל זיי געבנ.

איידע מיט עליענ זײַנענ א פאָר,
ביילע מיט בערקענ זײַנענ ווידער א פאָר.

גאָלדע מיט גדאליען זײַנען א פּאָר,
דװירע מיט דאָװידקען זײַנען װידער א פּאָר.
זעלדע מיט זאָרעכן זײַנען א פּאָר,
כאנע מיט כאצקען זײַנען װידער א פּאָר.
טױבע מיט טעװוקען זײַנען א פּאָר,
יידאשנע מיט יערוכעמען זײַנען װידער א פּאָר.

זײ האָבן מיך פאר א שאדכן געמאכט,
איך האָב זײ די שידוכים אין שטוב ארײַנגעבראכט.
זײ װעלן מיר דאנקען קאָלזמאן, זײ װעלן לעבן
פאר די כאלאָקים, װאָס איך װעל זײ געבן.

איידען נאדן—ארבעסלעך,
ביילען נאדן—בעבעלעך,
גאָלדען נאדן—גערשטעלעך,
דװירען נאדן—דאָגימלעך,
װיכנען נאדן—װײַמפּערלעך,
זעלדען נאדן—זעמעלעך,
כאנען נאדן—כריינדעלעך,
טױבען נאדן—טײַבעלעך,
יידאשנען נאדן—ייַיכעלעך.

11

לאָמיר זשע זינגען,
לאָמיר זשע זינגען
א זעמערל, א זעמערל.
לחם לאכל, בשר ודגים (לעכעם לעכויל, באָסאָר װעדאָגים)
וכל מטעמים. (װעכאָל מאט'אמים).

— זאָג זשע מיר, טאטעניו, װאָס איז לעכעם?
— בא די גרויסע גװירים איז לעכעם א בולקע,
און בא אונדז, אָרעמע קאפּצאָנים, איז לעכעם א דארע סקאָרינקע,
דאָס איז לעכעם!

— זאָג זשע מיר, טאטינקע, װאָס איז באָסאָר?
— בא די גרויסע גװירים איז באָסאָר אן אינדיק,
און בא אונדז, אָרעמע קאפּצאָנים, איז באָסאָר א דארע קישקע,
דאָס איז באָסאָר!

— זאָג זשע מיר, טאטינקע, וואָס איז דאָגים?
— בא די גרויסע גווירים איז דאָגים א העכט,
און בא אונדז, אָרעמע קאפצאָנים, איז דאָגים א געוויאָנדזלטער הערינג,
דאָס איז דאָגים!

— זאָג זשע מיר, טאטינקע, וואָס איז מאט'אמים?
— בא די גרויסע גווירים איז מאט'אמים קאָמפּאָט,
און בא אונדז, אָרעמע קאפצאָנים, איז געהאקטע צאָרעס,
דאָס איז מאט'אמים.

12

אלעפ — אינדיקעס עסט דער נאָגיד.
בייס —ביינדעלעך גריזשעט דער אָרעמאן.
גימל — גענדזעלעך עסט דער נאָגיד.
דאלעד — דעם דאלעס האָט דער אָרעמאן.
היי — הינדעלעך געפּרעגלטע עסט דער נאָגיד.
וואָו — ווייטעקן האָט דער אָרעמאן.
זאין — זעמל מיט פּוטער עסט דער נאָגיד.
כעס — כאלאסן האָט דער אָרעמאן.
טעס — טייבעלעך געבראָטענע עסט דער נאָגיד.
יוד — יעסורים האָט דער אָרעמאן.
כאָף — קאלאָשן טראָגט דער נאָגיד.
לאמעד — לאפּטשעס האָט דער אָרעמאן.
מעם — מאשקע טרינקט דער נאָגיד.
נונ — ניכטער איז דער אָרעמאן.
סאמעך — סאמעטענע קליידער טראָגט דער נאָגיד.
אינ — אָפּגעריסן גייט דער אָרעמאן.
פיי — פופקעס געבראָטענע עסט דער נאָגיד.
צאדיק — צאָרעס האָט דער אָרעמאן.
קופ — קאָטלעטן געפּרעגלטע עסט דער נאָגיד.
רייש — רעטעך גריזשעט דער אָרעמאן.
שינ — שערעשעווסקעס [1] פּאפּיראָסן רייכערט דער נאָגיד.
טאָוו — טוטינ פּיפּקעט דער אָרעמאן.

1 א געוועזענע יידישע פּאפּיראָסן-פאבריק אינ גראָדנע.

13

פרעגט די וועלט אַן אַלטע קאַשע,
טראַ־לאַ־טראַ־די־די־די־ווײַ־לאַ,
אוי, אוי, טראַ־די־די־די־ראַם?
ענטפֿערט מען: טראַ־די־ראַם, טראַ־די־ראַם!
און אַז מע וויל, קען מען דאָך זאָגן: טראַכ-דים.
בלײַבט דאָך ווײַטער די אַלטע קאַשע,
טראַ־לאַ־טראַ־די־די־די־ראַם?

14

באַ מײַן רעבן איז געוועזן,
איז געוועזן באַ מײַן רעבן,
באַ מײַן רעבן איז געוועזן —
א גנייווע:
זיבן העמדער, ווי די בעכער,
דרײַ מיט לאַטעס, פיר מיט לעכער —
א גנייווע.
באַ מײַן רעבן איז געוועזן,
איז געוועזן באַ מײַן רעבן,
באַ מײַן רעבן איז געוועזן —
א גנייווע:
זיבן לײַכטער, ווי די שטערן,
דרײַ אָן פיסלעך, פיר אָן רערן —
א גנייווע.

15

— אוי־אוי־אוי,
איך האָב זיך שוין דערמאָנט
און איך האָב אײַך דערקאָנט.
איר זײַט מיסטאמע א האָניק-קוועטשער!

— אײַ־אײַ־אײַ, אײַ־אײַ,
נאָט אײַך שוין גאָר א האָניק-קוועטשער!
מײַן טאטע איז ניט געווען קיין האָניק-קוועטשער,
און מײַן זיידע איז ניט געווען קיין האָניק־קוועטשער.

און וואָס מיר א האָניק־קוועטשער אהער,
און וואָס מיר א האָניק־קוועטשער אהין,
איך זע, אז איר ווייסט ניט, ווער איך בין.

— אוי־אוי־אוי,
איך האָב זיך שוין דערמאָנט,
און איך האָב אייך דערקאָנט.
איר זייט מיסטאמע א שטריקלדרייער!

— איי־איי־איי, איי־איי,
נאט אייך שוין גאָר א שטריקלדרייער!
מיין טאטע איז ניט געווען קיין שטריקלדרייער,
און מיין זיידע איז ניט געווען קיין שטריקלדרייער.
און וואָס מיר א שטריקלדרייער אהער,
און וואָס מיר א שטריקלדרייער אהין,
איך זע, אז איר ווייסט ניט, ווער איך בין.

— אוי־אוי־אוי,
איך האָב זיך שוין דערמאָנט,
און איך האָב אייך דערקאָנט.
איר זייט מיסטאמע א ייִד א גאנעוו!

— איי־איי־איי, איי־איי,
נאט אייך שוין גאָר א ייִד א גאנעוו!
מיין טאטע איז ניט געווען קיין גאנעוו,
און מיין זיידע איז ניט געווען קיין גאנעוו.
און וואָס מיר א ייִד א גאנעוו אהער,
און וואָס מיר א ייִד א גאנעוו אהין,
איך זע, אז איר ווייסט ניט, ווער איך בין.

— אוי־אוי־אוי,
איך האָב זיך שוין דערמאָנט,
און איך האָב אייך דערקאָנט.
איר זייט מיסטאמע א ייִד א כאזן!

— א ביסעלע יאָ
און א ביסעלע ניין.
איך זע, אז איר ווייסט שוין, ווער איך בין.

— צי ווייסט איר, ווער איך בין?
צי ווייסט איר, ווער איך בין?
איך בין, איך בין, איך בין,
צי ווייסט איר, ווער איך בין?
און באלד וועל איך אייַך זאָגן,
און באלד וועל איך אייַך זאָגן.
— זאָגט זשע, זאָגט זשע, זאָגט זשע גיכער,
זאָגט זשע, זאָגט זשע באלד, באלד, באלד.
זאָגט זשע, זאָגט זשע באלד, באלד, באלד.
— א קליינ מעלאמעדל,
א קליינ מעלאמעדל.

— צי ווייסט איר מיט וועמענ איך לערנ?
צי ווייסט איר מיט וועמענ איך לערנ?
איך לערנ, איך לערנ, איך לערנ,
צי ווייסט איר מיט וועמענ איך לערנ?
און באלד וועל איך אייַך זאָגנ,
און באלד וועל איך אייַך זאָגנ.
— זאָגט זשע, זאָגט זשע אאוו.
— מיט דרייַ טאלמידימלעך,
מיט דרייַ טאלמידימלעך.

— און ווייסט איר, וואָס זיי קענענ?
און ווייסט איר, וואָס זיי קענענ?
זיי קענענ, זיי קענענ, זיי קענענ,
און באלד וועל איך אייַך זאָגנ,
און באלד וועל איך אייַך זאָגנ.
— זאָגט זשע, זאָגט זשע אאוו.
— איינער קענ דעמ אלעפבייז זאָגנ,
דער אנדערער קענ די מאמע שלאָגנ,
און דער דריטער כאסענע האָבנ.

— און ווייסט איר, וועמענ ער נעמט?
ער נעמט, ער נעמט, ער נעמט,
און ווייסט איר, וועמענ ער נעמט?
און באלד וועל איך אייַך זאָגנ,

און באלד וועל איך אײַך זאָגן.
— זאָגט זשע, זאָגט זשע אאוו.
— דעם בעדערס טעכטערל.

— און ווייסט איר, וויפל נאדן ער נעמט?
ער נעמט, ער נעמט, ער נעמט,
און ווייסט איר, וויפל נאדן ער נעמט?
און באלד וועל איך אײַך זאָגן,
און באלד וועל איך אײַך זאָגן.
— זאָגט זשע, זאָגט זשע אאוו.
— פופציק קערבלעך,
פופציק קערבלעך.
פופציק — זאָגט מען,
פערציק — מיינט מען,
דרײַסיק — ציילט מען,
צוואנציק — גיט מען,
צען קערבלעך איז ניטאָ!
צען קערבלעך איז ניטאָ!

17

די יאָנטעוודיקע טעג טוען זיך באוויַזן,
ווער איך בא מיר אן אדל,
איך לייג אוועק שער־און־אײַזן
און, ווו איך האָב נאָר, א נאָדל.
אופגעהערט ארבעט זוכן,
הארציקער טאטע!
א גלעזעלע ווײַן פון יאָנטעוו צו פארזוכן
איז בעסער ווי צו לייגן א לאטע.

די קינדערלעך זאָגט, ס'איז פּאָשעט א כײַעס,
זיי שפּילן זיך עקעך־מעקעך.
נאָך דעם דאוונען מאך איך קידעש
און פארבײַס מיט האָניק־לעקעך.
צו די פיש האָב איך קיין טײַנעס,
געננג געפעפּערט און געזאלצן.
מע נעמט זיי אין מויל ארײַן, לעבן זאָל כאנע,
ווערן זיי פּאָשעט צעשמאָלצן.

באַ דעם עסן זאָג איך מיר זמירעס,
די קינדערלעך העלפֿן מיר אונטער,
נאָכן דעם עסן כאַפּ איך אַ דרעמל,
מײַן כאַנע דרעמלט אונטער.
נאָך דעם שלאָף טו איך זיך אײַלן,
ווײַל ס'איז אַ שאָד צײַט צו פֿאַרלירן.
נעם איך מיר כאַנען מיט ביידע קינדער
און גיי אין גאַס אַרײַן שפּאַצירן.

די יאָנטעוודיקע טעג גייען שוין אַוועק,
האַרצעדיקער טאַטע,
ווידער נייען, ווידער שנײַדן
און ווידער לייגן אַ לאַטע.
ווידער גיין אַרבעט זוכן,
ווידער שטיוול צערײַסן,
זאָג זשע מיר, כאַנע, סערדצע מײַנע,
עפּשער האָסטו נאָך פֿון יאָנטעוו צו פֿאַרבײַסן.

18

בין איך מיר אַ שנײַדערל אַ גוטער,
כ'ניי פֿאַרן קאָזשעניצער רעבן אַ פוטער;
איך נעם אַרויס די גוטע וואַטע
און לייג אַרײַן אַן אַלטע שמאַטע.
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

בין איך מיר אַ שנײַדערל, ס'איז מיר גוט,
לעב איך מיר צופֿרידן און באַרוט;
מיטן פֿאָדעם און מיט דער נאָדל
לעב איך אָפּ בעקאָוועד גאָדל.
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

בין איך מיר אַ שנײַדערל אַ גוטער,
ניי איך מיר פֿאַרן קאָזשעניצער רעבן אַ פוטער;
איך דריי אים אהער, איך דריי אים אהין
און גאַנווע אַראָפּ אַן אָנדערהאַלבן אַרשין.
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

דער בעגעד שוין גאנץ פארטיק,
טראָג איך אים אָפּ שיין און ארטיק;
ער נעמט אים קערן, ער נעמט אים דרייען
און הייסט מיר א קנעפּל איבערצונייען.
טרא־לא־לא־לא.

ער זאָגט, אז דער בעגעד איז נישט גוט
און צאפּט פון מיר אויס דאָס בלוט;
דער בעגעד איז גוט, ווי די וועלט,
ער וויל מיר נישט באצאָלן קיין גראָשן געלט...
טרא־לא־לא־לא.

19

איך האָב זיך א פּידזשאקעלע פון אלט געוואנט,
טשירי־טשירי, בירי־בירי, בירי־בירי־באָם.
מע קאָן דאָס שוין ניט האלטן אין דער האנט,
טשירי־טשירי אאוו.
האָב איך זיך אמאָל גוט באטראכט,
טשירי־טשירי אאוו.
און האָב זיך פון פּידזשאקעלע א פּאָר הויזן געמאכט,
טשירי־טשירי אאוו.
איך האָב זיך א פּאָר הייזעלעך פון אלט געוואנט,
טשירי־טשירי אאוו.
מע קאָן זיי שוין ניט האלטן אין דער האנט,
טשירי־טשירי אאוו.
האָב איך זיך אמאָל גוט באטראכט,
טשירי־טשירי אאוו.
און האָב זיך פון די הייזעלעך א זשילעטקעלע געמאכט,
טשירי־טשירי אאוו.
מע קאָן דאָס שוין ניט האלטן אין דער האנט,
טשירי־טשירי אאוו.
האָב איך זיך אמאָל גוט באטראכט,
טשירי־טשירי אאוו.
און האָב זיך פון זשילעטקעלע א קאשקעטעלע געמאכט,
טשירי־טשירי אאוו.
מע קאָן דאָס שוין ניט האלטן אין דער האנט,

טשירי-טשירי אאוו.
האָב איך זיך אמאָל גוט באטראכט,
טשירי־טשירי אאוו.
און האָב פון קאשקעטעלע א פּאָר אָנעטשעס געמאכט,
טשירי-טשירי אאוו.
האָב איך א פּאָר אָנעטשעס פון אלט געוואנט,
טשירי-טשירי אאוו.
מע קאָן זיי שוין ניט האלטן אין דער האנט,
טשירי־טשירי אאוו.
האָב איך זיך אמאָל גוט באטראכט,
טשירי-טשירי אאוו.
און האָב זיך פון די אָנעטשעס א פעקעלע געמאכט,
טשירי-טשירי אאוו.
האָב איך זיך א פעקעלע פון אלט געוואנט,
טשירי-טשירי אאוו.
האָב איך זיך אמאָל גוט באטראכט,
טשירי-טשירי אאוו.
און האָב זיך פון דעם פעקעלע אויסגעלאכט,
טשירי-טשירי אאוו.

20

טיף אין וועלדעלע שטייט א ביימעלע,
און די צווײַגעלעך בליִען,
און בא מיר, אָרעם שנײַדערל,
טוט מײַן הערצעלע ציִען.

אפן ביימעלע וואקסט א צווײַגעלע,
און די בלעטעלעך צוויטען,
און מײַן אָרעם שוואך הערצעלע
ציט צו מײַן ליבער איטען.

אפן צווײַגעלע שטייט א פייגעלע,
און דאָס פייגעלע פישטשעט,
און בא מיר, אָרעם שנײַדערל,
מײַן שוואך הערצעלע טרישטשעט.

21

איך בין א באַלעגאָלע,
און איך ארבעט אָן אן עק,
איך שפּיל מיר אָפּ מײַן קלײנע ראָליע,
און איך פאָר אװעק.
אװעקגעפאָרן, אװעקגעפאָרן
א פולע בױד גאַנאָװים.
אײנער שרײַט: „פאָר שױן גיכער,
מע װעט אונדז אָניאָגן",
דער אנדערער שרײַט: „פאָר שױן גיכער,
עס הײבט שױן אָן צו טאָגן!"
װיאָ, װיאָ, װיאָ, װיאָ, װיאָ!

איך בין א באַלעגאָלע,
און איך ארבעט אָן אן עק,
איך שפּיל מיר אָפּ מײַן קלײנע ראָליע,
און איך פאָר אװעק.
אװעקגעפאָרן, אװעקגעפאָרן
א פולע בױד מיט װײַבער,
זײ גראַגערן, זײ גראַגערן,
א קלאָג צו זײערע לײַבער,
זײ גראַגערן, זײ גראַגערן,
א קלאָג צו זײערע לײַבער...
װיאָ, װיאָ, װיאָ, װיאָ, װיאָ!

22

איך האָב זיך באַרעכנט זונטיק,
אז איך װעל אײַנפּאקן מאָנטיק
און ארױספאָרן דינסטיק,
האָב איך זיך מעיאשעװ געװען מיטװאָך,
אז איך װעל ארױספאָרן דאָנערשטיק,
איז פרײַטיק ערעװ שאבעס.

23

— ראַבױסײַ, ראַבױסײַ, ראַבאָנים אָן א ברעג!
כ'װעל אײַך פרעגן, כ'װעל אײַך פרעגן!

— פרעג זשע, פרעג זשע, פרעג!
— ענטפערט אלע
אפ מײַנ שײַלע:
װי טרינקט דער קײסער טײ?
— טײ?
מע נעמט א היטעלע צוקער,
מע מאכט אינ דעמ א לעכעלע,
מע גיסט ארײַנ הײס װאסער,
אונ מע מישט, אונ מע מישט.
אוי, אָט אזוי, אָט אזוי,
אָט אזוי טרינקט דער קײסער טײ.

— ראבויסײַ, ראבויסײַ, ראבאָנימ אָנ א ברעג!
כ׳װעל אײַכ פרעגנ, כ׳װעל אײַכ פרעגנ!
— פרעג זשע, פרעג זשע, פרעג!
— ענטפערט אלע
אפ מײַנ שײַלע:
װי עסט דער קײסער בולבעס?
— בולבעס?
מע שטעלט אװעק א װאנט מיט פוטער,
אונ א סאָלדאטל מיט א הארמאטל
שיסט דורכ די פוטער מיט א הײסער בולבע
אונ טרעפט דעמ קײסער גלײַכ אינ מויל ארײַנ.
אוי, אָט אזוי, אָט אזוי,
אָט אזוי עסט דער קײסער בולבעס.

— ראבויסײַ, ראבויסײַ, ראבאָנימ אָנ א ברעג!
כ׳װעל אײַכ פרעגנ, כ׳װעל אײַכ פרעגנ!
— פרעג זשע, פרעג זשע, פרעג!
— ענטפערט אלע
אפ מײַנ שײַלע:
װי שלאָפט דער קײסער באנאכט?
— װי ער שלאָפט?
מע שיט אָנ א פולנ כײדער מיט פעדערנ
אונ מע שלײַדערט ארײַנ אהינצו דעמ קײסער,
אונ ראָטעס סאָלדאטנ שטײענ אונ שרײַענ:
שא! שא! שא!
אוי, אָט אזוי, אָט אזוי,
אָט אזוי שלאָפט דער קײסער באנאכט.

— ראבויסײַ, ראבויסײַ, ראבאָנימ אָנ א ברעג!
כ'וועל אײַכ פרעגנ, כ'וועל אײַכ פרעגנ!
— פרעג זשע, פרעג זשע, פרעג!
— ענטפערט אלע
אפ מײַנ שײַלע:
ווי עסט דער קייסער האָניק?
— האָניק?
מע פירט דעמ קייסער אינ א בינשטאָק
אונ מע זעצט אימ א בינ אפנ שפיצ נאָז,
אונ די בינ קא-קא-פעט זיסנ האָניק
אונ טרעפט דעמ קייסער גלײַכ אינ מויל אריינ.
אוי, אָט אזוי, אָט אזוי,
אָט אזוי עסט דער קייסער האָניק.

24

פונ מאָנטיק אינדערפרי ביז פרײַטיק פארנאכט
מײַנ ווײַב טשיפע־טרײַנע האָט דעמ קוגל געמאכט.

האָט א ייִד א ווײַבעלע,
האָט א ייִד א ווײַבעלע,
האָט א ווײַב א ייִדעלע,
האָט א ייִד א ווײַבעלע.

ווי עס איז געקומענ שאבעס צומ עסנ,
האָט זי דעמ קוגל אינ אויוונ פארגעסנ.
האָט א ייִד אאוו.

האָט ער גענומענ דעמ גראָבנ שטעקנ
אונ האָט אָנגעהויבנ דאָס ווײַבל צו דעקנ.
האָט א ייִד אאוו.

האָט זי גענומענ די אלטע שקראבעס
אונ איז אנטלאָפנ צומ טאטנ אפ שאבעס.
האָט א ייִד אאוו.

האָט ער גענומענ מיט די שכײנימ ספעקולירנ,
מע זאָל אימ זײַנ ווײַבל ברענגענ צו פירנ.
האָט א ייִד אאוו.

האָט מען שוין דאָס ווײַבל געבראַכט
פון מאָנטיק אינדערפרי ביז פרײַטיק פארנאכט.
האָט א ייִד אַוועק.

אוי, מײַן מאַן, זאָלסט מיר לעבן אפ דער וועלט,
זאָלסט מיר נאָר געבן דעם בײַטל מיט געלט.
האָט א ייִד אַוועק.

25

ווי מע האָט נאָר געוואָלט פייגעלעך כאַפּענע מאַכן,
האָבן אַלע אָנגעהויבן שפּעטן און לאַכן.

מע האָט גענומען שפּעטן און לאַכן,
ווײַל זי האָט ניט געקאָנט קיין טייגאַכץ מאַכן.

זי האָט דעם טייגאַכץ גיך געמאַכט —
פון זונטיק פרי ביז פרײַטיק נאַכט.

ווי מע האָט שוין באַדאַרפט דעם טייגאַכץ עסן,
האָט זי אים בא דער שכײנע אפן אויוון פארגעסן.

26

א גוטער־אָוונט, ברײַנע,
די בעסטע שכײנע מײַנע;
דאָס האַרץ ווערט אין מיר פאַרברענט,
זינט איך האָב דעם מערדער דערקענט.

אוי וויי, ברײַנע,
די בעסטע שכײנע מײַנע!

פעטרישקע האָב איך פאַרגעסן קויפן,
פלייש האָט מיר מײַן מאַמעלע געבראַכט;
די יויך וועט דאָרט אויסלויפן —
האָט זשע מיר א גוטינקע נאַכט.
אוי וויי, ברײַנע, אַוועק.

נעכטן האָט ער מיך געשלאָגן,
ברוינ און בלוי האָט ער מיך געמאכט,
ס'איז אפילע א ביזאָיען אויסצוזאָגן.
האָט זשע מיר א גוטינקע נאכט.
אוי וויי, בריינע, אאוו.

כ'וואָלט זיך מיט אים אוואדע געטן,
דאָס קינד וואָלט איך אים איבערגעלאָזט;
בינ איך אָבער שרעקלעך עלנט,
כאָטש גיי און לייג מיך אינמיטנ גאס.
אוי וויי, בריינע, אאוו.

27

בא מיינ באלעבאָס
איז פּאראנ א דאָס,
שיידים וויסנ, וואָס איז דאָס!..

מיט א גראָבנ בויך,
מיט א קורצנ האלדז,
מיט א דזשיר־דזשירי־דזשים־דזשים פול.

גיט מענ אים א דריי,
גיט פונ אים א גאָס.
שיידים וויסנ, וואָס איז דאָס!..

28

אז א מיידעלע וויל זיינ שיינ,
טוט זי זיבנ זאכנ.
איך האָב דאָס אליינ געזענ,
ווי זי פלעגט עס מאכנ:

א ביסעלע פּודרע, א ביסעלע קראסקע
און א פרעמד צעפּל,
פיר קישעלעך בא די זייטנ,
קיילעכדיק ווי אנ עפּל.

ווער עס פלעגט זי אפ מאָרגן זען,
פלעגט מען זיך צעלאַכן,
ווי דאָס מיידעלע האָט אויסגעזען
אָן די זיבן זאכן.

29

איך האָב דיך ליב
ווי פייסעכדיקן ראָסל,
און אַלע מיידלעך
זײַנען בא מיר פּאָסל.
פון מיר, פון מיר, דײַן כאָסן יאָסל.

איך האָב דיך ליב
ווי יאָנטעוודיקן קוגל,
און אַלע מיידלעך
זײַנען בא מיר מיגל.
פון מיר, פון מיר, דײַן כאָסן יידל.

30

— נאָכעמקע מײַן זון, נאָכעמקע מײַן זון,
וואָס ביסטו אזוי פארטראכט, נאָכעמקע מײַן זון?
— כ'האָב ליב א שיין מיידעלע, טאטעניו.

— און ווער זשע איז דאָס מיידעלע, זונעניו?
— ס'איז א פײַן מיידעלע, טאטעניו.

און וויפל גיט זי נאדאן, זונעניו?
— קיין נאדאן גיט זי ניט, טאטעניו.

— עס געפעלט מיר ניט דער שידעך, זונעניו!
— מע פרעגט בא דיר קיין דייעס ניט, טאטעניו.

— איך וועל ניט קומען אפ דײַן כאסענע, זונעניו!
— וועסט קומען צום בריס, טאטעניו.

— ווען זשע איז די כאסענע, זונעניו?
— איך וועל שיקן נאָך דיר דאָס אייניקל, טאטעניו.

31

אָט אזוי און אָט אזוי נארט מען אָפּ א כאָסן —
מ׳זאָגט אים צו א סאך נאדאן,
און מע גיט אים ניט קיין גראָשן.
אָן קליידער און אָן נאדאן,
אבי מײַן טאָכטער האָט א מאן.

אָט אזוי, אָט אזוי נארט מען אָפּ א קאלע,
מע זאָגט איר צו א שיינעם כאָסן,
און מע גיט איר א פּוזשאלע.

אָט אזוי, אָט אזוי נארט מען אָפּ א שוויגער,
מע רעדט איר אײַן, מע רעדט איר אײַן,
דער איידעם איז א קלוגער.

32

גוואלד, ווו נעמט מען, ווו נעמט מען, ווו נעמט מען
א לאָקשנברעט אפּ קאטשען די וואַרניטשקעס?
אָן הייוון, און אָן שמאלץ,
און אָן פעפער, און אָן זאלץ—
אוי, א לאָקשנברעט צו קאטשען די וואַרניטשקעס!

גוואלד, ווו נעמט מען, ווו נעמט מען, ווו נעמט מען
א מעסער אפּ צו שנײַדן די וואַרניטשקעס?
אָן הייוון, און אָן שמאלץ,
און אָן פעפער, און אָן זאלץ—
אוי, א מעסער אפּ צו שנײַדן די וואַרניטשקעס!

גוואלד, ווו נעמט מען, ווו נעמט מען, ווו נעמט מען
א טעפּל אפּ צו קאָכן די וואַרניטשקעס?
אָן הייוון, און אָן שמאלץ,
און אָן פעפער, און אָן זאלץ—
אוי, א טעפּל צו קאָכן די וואַרניטשקעס!

גוואלד, ווו נעמט מען, ווו נעמט מען, ווו נעמט מען
א באָכער אפּ צו עסן די וואַרניטשקעס?

אָן הײװן, און אָן שמאלץ,
און אָן פּעפּער, און אָן זאַלץ—
אױ, אַ באָכער אפּ צו עסן די װאַרניטשקעס!

33

לאָמיר זיך איבערבעטן,
װאָס שטײסטו בא דער טיר?
לאָמיר זיך איבערבעטן,
קום אַרײַן צו מיר.

לאָמיר זיך איבערבעטן,
װאָס שטײסטו בא דער װאַנט?
לאָמיר זיך איבערבעטן,
גיב זשע מיר דײַן האַנט.

לאָמיר זיך איבערבעטן,
לאָמיר זיך ניט קריגן,
לאָמיר זיך איבערבעטן
און האָבן פאַרגעניגן.

לאָמיר זיך איבערבעטן,
לאָמיר זײַן פרײלעך,
לאָמיר זיך איבערבעטן,
דו די מאַלקע, איך דער מײלעך.

לאָמיר זיך איבערבעטן,
אין האַרצן ברענט אַ פײַער,
לאָמיר זיך איבערבעטן,
דו ביסט בא מיר טײַער.

לאָמיר זיך איבערבעטן,
שטעל דעם סאַמאָװאַר,
לאָמיר זיך איבערבעטן,
זײַ זשע ניט קײן נאַר.

לאָמיר זיך איבערבעטן,
קױף אַ פונט פיסטאַשקעס,

לאָמיר זיך איבערבעטן,
לאָמיר טרינקען מאשקעס.

לאָמיר זיך איבערבעטן,
וואָס שטייסטו בא דעם טיש?
לאָמיר זיך איבערבעטן,
גיב זשע מיר א קוש.

לאָמיר זיך איבערבעטן,
קויף א פּאָר מאראנצן,
לאָמיר זיך איבערבעטן,
לאָמיר גיין טאנצן.

34

ס'איז ניטאָ קיין נעכטן,
ס'נאָכ" ניטאָ דער מאָרגן;
ס'איז נאָר דאָ א פּיצעלע הײַנט —
שטערט אים ניט מיט זאָרגן.
ס'איז נאָר דאָ א פּיצעלע הײַנט —
שטערט אים ניט מיט זאָרגן.

כאפּט ארײַן א שנעפּסל,
קאָלזמאנג איר זײַט באם לעבן;
מירצעשעם אפ יענער וועלט
וועט מען אײַך ניט געבן.

35

כ'האָב דיר געזאָגט און געזאָגט און געזאָגט,
אז א וואָלכל דארף מען שרײַען;
א גאנצע וואָך האָרעוועט מען,
און אפ שאבעס דארף מען לײַען.

כ'האָב דיר געזאָגט און געזאָגט און געזאָגט,
אז א וואָלכל דארף מען באזאָרגן;
א גאנצע וואָך האָרעוועט מען,
און אפ שאבעס דארף מען באָרגן.

כ'האָב דיר געזאָגט און געזאָגט און געזאָגט,
אַז אַ וואָלכל דארף מען שרייַען;
טאָ לאָמיר נעמען צו ביסלעכ מאשקע
און לאָמיר מאכן לעכייִם!

36

איין מאָל, איין מאָל, איין מאָל, איין מאָל, איין מאָל,
איין מאָל טו איכ זיכ באַנייַען;
אַ גאנצע וואָכ האָרעוועט מען דאָכ,
אַפּ שאבעס דארף מען לייַען.

לייַען, לייַען, לייַען, לייַען, לייַען
זאָל מען ניט באַדארפן;
שאבעס אָן כריינ קאָן מען זיכ באַגיין,
אָבער נישט אָן בראנפן.

בראנפן, בראנפן, בראנפן, בראנפן, בראנפן
דאָס איז דאָכ מייַנ נעכאָמע;
אַז איכ מאכ אַ קאָס נאָכ אַ קאָס,
דערקוויק איכ מיר די נעשאָמע.

מייַנ נעשאָמע, מייַנ נעשאָמע, מייַנ נעשאָמע מיט מייַנ נעכאָמע
זייַנען דאָכ אינגאנצן;
אַז איכ נעם אַ קאָס נאָכ אַ קאָס,
גייען די פיסעלעכ טאנצן.

טאנצן, טאנצן, טאנצן, טאנצן, טאנצן
איז דאָכ אַ הויכע מידע,
און אַז איכ נעם דאָכ אַמאָל אַ קאַפּ,
טאנצ איכ מיט אַ כסידע.

מיט אַ כסידע, מיט אַ כסידע, מיט אַ כסידע
איז דאָכ אַ גרויסע אוויירע,
אָבער אַז איכ נעם אַ קאָס נאָכ אַ קאָס,
האָב איכ ניט קיינ ברייִרע.

צו טאנצן, צו זינגען, צו שפּרינגען —
דערצו טו איכ טויגן;

אז איך מאַך א שנאַפּס נאָך א שנאַפּס,
באַקום איך קלאָרע אויגן.

אויגן, אויגן, אויגן,
אויגן האָב איך קלאָרע;
אז איך מאַך א שנאַפּס נאָך א שנאַפּס,
איז: שהכל נהיה בדברו (שעהאקל ניהיע בידוואָרוי).

37

ברודערקע, דו ביסט דאָך פון אונדזער אָרט,
מוזט דאָך וויסן, וואָס סע טוט זיך דאָרט?
קאַראַהאָדל, קאַראַהאָדל, בים־באָם־באָם.

דאָס קעצל איז געפּייגערט, די קליאַצינקע איז געשטאָרבן,
דאָס מילעכיקע קלינגל פאַרלאָרן געוואָרן.
קאַראַהאָדל, קאַראַהאָדל, בים־באָם־באָם.

א געשריי, א געפּילדער, א יאָמער, א קלאָג,
דריי קאַפּאָרעס אין איין טאָג.
קאַראַהאָדל, קאַראַהאָדל, בים־באָם־באָם.

פון אַזעלכע צאָרעס איז גאָר ניט אויסצוהאַלטן,
מוז מען פאַר צאָרעס נעמען א קאַפּינקעלע בראַנפן.
קאַראַהאָדל, קאַראַהאָדל, בים־באָם־באָם.

38

איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל וויין,
איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל וויין,
איין קאָל, איין קאָל, איין קאָל וויין,
כ'קאָן אָן דיר ניט זיין.
איין קאָל וויין,
כ'קאָן אָן דיר ניט זיין,
איין קאָל וויין,
כ'קאָן אָן דיר ניט זיין.

איינ קאָל, איינ קאָל, איינ קאָל ביר,
איינ קאָל, איינ קאָל, איינ קאָל ביר,
איינ קאָל, איינ קאָל, איינ קאָל ביר,
כ׳קאָנ ניט זײַנ אָנ דיר.
איינ קאָל ביר,
כ׳קאָנ ניט זײַנ אָנ דיר,
איינ קאָל ביר,
כ׳קאָנ ניט זײַנ אָנ דיר.

איינ קאָל, איינ קאָל, איינ קאָל יאש אאוו.
כ׳וויל א פולע פלאש.
איינ קאָל יאש,
כ׳וויל א פולע פלאש,
איינ קאָל יאש,
כ׳וויל אַ פולע פלאש.

איינ קאָל, איינ קאָל, איינ קאָל קוואס אאוו.
כ׳וויל א פולע פאס.
איינ קאָל קוואס,
כ׳וויל א פולע פאס,
איינ קאָל קוואס,
כ׳וויל א פולע פאס.

39

באלעבאָסטע זיסינקע, זיסינקע, זיסע באלעבאָסטע,
באלעבאָסטע זיסינקע, זיסע באלעבאָסטע,
באלעבאָסטע זיסינקע, באלעבאָסטע זיסינקע,
באלעבאָסטע זיסינקע, זיסינקע באלעבאָסטע,
באלעבאָסטע זיסינקע, זיסע באלעבאָסטע,
באלעבאָסטינקע, זיסינקע אוגערקעלעכ.

באלעבאָסטע פרישינקע אאוו.
באלעבאָסטינקע, פרישינקע בולקעלעכ.

באלעבאָסטע צאפלדיקע אאוו.
באלעבאָסטינקע, צאפלדיקע פישעלעכ.

באלעבאָסטע פּעטינקע אאוו.
באלעבאָסטינקע, פּעטינקע ייַיכעלעך.

באלעבאָסטע הייסינקע אאוו.
באלעבאָסטינקע, הייסינקע קארטאָפּלעלעך.

40

פאָר איך מיר ארויס אין אַ ענגער בויד
מיט פערדעלעך פיר אין דער ברייט;
אַ כוישעך, אַ וויוגע, מע זעט נישט די וועלט,
די וועגן פארשאָטן, פארווייט.

— וויאָ, וויאָ, פערדעלעך,
וויאָ, וויאָ, אָדלערלעך,
הייבט נאָר די קעפּעלעך הויך!
פירט די פארשוינדעלעך,
טרייסלט די ביינדעלעך,
וויאָ, אַז גיין זאָל אַ רויך!

איין פארשוינ בעט מיך:—רעב ייִדל, פאָרט גיכער,
איך דארף דאָך צום גוטן־ייִדן;
אַ צווייטער בעט מיך: — פאמעלעכער, —
אוי, מײַנע מערידן...

— וויאָ, וויאָ, פערדעלעך,
וויאָ, פארשוינדעלעך,
הערט נישט, וואָס ס'ריידן די לײַט!
וואָס מיר מערידעלעך,
וואָס מיר גוטע־ייִדעלעך,
וויאָ, אַ קרעטשמע איז נישט ווײַט!

געקומען אין קרעטשמע שפּעט אין דער נאכט
און טרעפ דאָרט אַ דײַטשל באַם וואָג;
אַ ייִד אַ באלכעזשבן, אַ אײַזערנער קאָפּ,
און ער מאכט אַ לעכײַים ביז טאָג.

— אוי, אוי, קרעטשמערל,
אוי, אוי, דײַטשעלע,
לעבן זאָלט איר לאַנגע יאָר!
גיט מיר א קויסע,
אָבער א גרויסע,
וויאָ! גיט נאָך א פּאָר.

גענומען א קויסע, א צווייטע, און וויאָ,
ער שמייכלט און פרייט זיך, מײַן דײַטש.
פּארטרונקען די פערדלעך, פּארטרונקען די בויד,
געקומען אהיים מיט דער בײַטש.

— יאָ, יאָ, ווײַבעלע,
יאָ, יאָ, ווײַבעלע,
א גראָשן אפ שאבעס ניטאָ!
זאָר שא־שא, זאָרג נאָר נישט,
שא־שא, קלאָג נאָר נישט,
וויאָ! א גאָט איז נאָך דאָ!

41

מאשקע איז דאָך מין האשאָמאַיִם,
וואָס טויג דאָס לעבן אָן א לעכײַיִם?
כ'לייג זיך שלאָפן און שלאָף געשמאק,
ווײַל דאָס בעסטע איז בא מיר דער קנאק.

איך קען כומעש און ביבליע אויך,
און האָמאָן האצאדיק האָט געהאט א גרויסן מויעך,
און שלוימע האמעלעכס טאטע, דער אלטער טערעך,
איז געווען א שיקער — דאָס שווער איך.
כ'לייג זיך שלאָפן און שלאָף געשמאק,
ווײַל דאָס בעסטע איז בא מיר דער קנאק.

קוירעך איז אויך געווען א גרויסער שיקער,
ווײַל דאָס בראנפן איז געווען בא אים דער איקער,
און לאָטן האָט דערפאר געגומען די ערד,
ווײַל בראנפן האָט בא אים ניט געהאט קיין ווערט.

און אז אינ מעאָראס האמאכפיילע, וואָס אינ מיצראַיִם,
האָט מענ געפונענ בראנפנ פונ לאָטס שיראַיִם.
כ׳לייג זיכ שלאָפנ אונ שלאָפ געשמאק,
וויַיל דאָס בעסטע איז בא מיר דער קנאק.

אז די ברידער האָבנ פארקויפט נויעכנ קיינ מיצראַיִם,
האָבנ זיי בייס־מיַיסע געמאכט א לעכיַיִם.
זיי האָבנ פונ אימ אראָפגעציט דאָס העמדל
און האָבנ פארקויפט די פלישטים פאר א רענדל.
און אז די ברידער זיַינענ געפאָרנ קויפנ באָרשטש קיינ מיצראַיִם,
האָט נעוווּכאדנעצער געמאכט מיט זיי א לעכיַיִם.
כ׳לייג זיכ שלאָפנ אונ שלאָפ געשמאק,
וויַיל דאָס בעסטע איז בא מיר דער קנאק.

אכאשווייראש דער קיניג האָט ליב געהאט די מאשקע,
ער פלעגט זי זופנ גליַיכ פונ דער פלאשקע.
ער האָט געמאכט א סודע פאר וויַיבער אליינ,
און בילאָמס אייזל איז דאָרט אויכ געווענ.
און אווראָם־אָווינו איז געשטאַנענ אונטערנ טיר,
און עסטערנ האָט מענ אופגעהאנגענ, ווי איז מיר.
כ׳לייג זיכ שלאָפנ אונ שלאָפ געשמאק,
וויַיל דאָס בעסטע איז בא מיר דער קנאק.

אז יאנקעוו־אָווינו האָט געבויט די טייווע,
האָט בא אימ כאווע געמאכט א גנייווע,
און כאווע האָט די גנייווע בילאָמענ אָפגעשטעקט,
בילאָמ האָט די גנייווע אפנ אייזל פארדעקט.
דערפאר האָט סאָרע געגעסנ פונ אייצ-האדאס,
און ראָכאָוו האזוינע האָט מיר דערציילט די גאנצע נײַס.
כ׳לייג זיכ שלאָפנ אונ שלאָפ געשמאק,
וויַיל דאָס בעסטע איז בא מיר דער קנאק.

42

מיַינ פעטערל איז געווענ א גאנצ ווילער ייִד,
און פונ טרונק בראנפנ איז ער ניט געוואָרנ מיד,
מיַינ טיַיער פעטערל!

אז ער האָט געזען א טרונק בראנפן שטיין,
פליגן אים זײַנע קויכעס אויסגיין,
מײַן טײַער פעטערל!

און ווער זשע פליגט טאנצן אפ כאסענעס און אפ בריסן? —
מײַן טײַער פעטערל!

און ווער פליגט עפענען א שלאָס אָן א שליסל?
מײַן טײַער פעטערל!

אז ער האָט געזען א שיין מיידעלע שטיין,
מײַן טײַער פעטערל!

די קויכעס, זיי טוען אים אויסגיין,
מײַן טײַער פעטערל!

43

מאָנאָפאָל, מאָנאָפאָל,
דיך וועל איך האָבן צו געדענקען,
צײַט דער מאָנאָפאָל האָט זיך געעפנט,
הער איך ניט אוף צו טרינקען.

איך נעם נאָר דעם בוטל אין האנט
און קלאפ די פראָבקע ארויס,
דער בוטל בלײַבט בא מיר אין האנט,
און דעם בראנפן טרינק איך אויס.

די לעוואָנע מיט די שטערן,
זיי שײַנען אלע באגלײַך.
איך וועל מײַן ווײַבעלע שלאָגן
מיטן טאָג באגלײַך.

איך לייג מיר דעם בוטל צוקאָפנס,
זי גאנוועט עס בא מיר ארויס,
זי לאָזט מיר אפילע קיין טראָפן,
אינגאנצן גיסט זי דאָס אויס.

די גאָטעניו, די טײַערע, די זיסער,
די ביסט דאָך א ווילער און א גוטער,
שיק מיר צו א רעגנדל פון בראנפן,
איך זאָל זײַן קעסיידער שיקער.

מײַן קייווער זאָל זײַן מיט ספירט באגאָסן,
דאָס איז בא מיר דער איקער,
און אפן קייווער זאָל זײַן אָנגעשריבן,
אז דאָ ליגט יאָשקעלע דער שיקער.



# היסטאָרישע, רעקרוטנ, פּריזיוו און מילכאָמע

## 1. היסטאָרישע

1

שלעכטע יאָרנ, ביטערע צײַטנ
האָבנ מיר זיכ, ייִדעלעכ, דאָ אינ רומעניע פארדינט;
עס פאלט אונדז צו פונ אלע זײַטנ
אלע טאָג א נײַע ווונד!

נײַגעבוירענע קאפּצאָנים,
זיי וואקסנ ווי גראָז אינ פעלד;
זיי פאלנ, נעבעכ, אפ דעמ פּאָנעמ
פונ דאָרשט און פונ קעלט.

פונ צאָרעס ווערט דאָס הארצ צעריסנ,
די לעצטע קויכעס גייענ אויס;
זעענדיק דעמ לעצטנ ביסנ,
רײַסט מענ אימ פונ דעמ מויל ארויס.

אינ דאָרפ זײַנענ מיר געזעסנ,
און פּלוצלינג האָט מענ אונדז פאריאָגט;
הײַנט זיצנ די קינדער אומגעגעסנ,
די אומגליקלעכע מוטער וויינט און קלאָגט.

דאָרט שטייט א שטיבעלע גאָר באזונדער
אין שטאָט, ניט ווײַט פון דעם טײַך;
דאָרט זיצט אן אלמאָנע מיט אכט קינדער,
אויסגעמוטשעט בלויז און שוואך.

פון די דערפער האָט מען אונדז פארטריבן,
פון די שענקען מיט א ווילדן קאס;
היינט לויף, כאָטש הענג זיך,
כאָטש פאל אפ דעם פּאָנעם אינמיטן גאס!

עס איז שוין צו לעבן גאָר אומעגלעך,
זעענדיק די שווערע ביטערע נויט;
פּארנאָסע ווערט געמינערט טעגלעך,
מ׳גייט אויס פאר א שטיקל ברויט!

2

ניט קיין שטיין, ניט קיין ביין,
ווער עס ווייסט ניט, וואָס דאָס איז,
דער איז דאָס אליין...
זאָלן מיר אזוי פּאָטער ווערן
פון יידישן גאָלעס,
ווי גיך מע וועט צעטרײַבן
פון די שקאָלעס...

3

און אקציזנע יונגעלײַט
זײַנען פארשײַט.
גאָלן די בערדעלעך
און פאָרן אפ פערדעלעך.
גייען אין קאלאשן
און עסן אָן געוואשן.

4

די אקציזנע לײַט
זײַנען זייער פארשײַט.

גייען אין די גאסן
און פרעסן אומגעוואשן.
זיי גייען אין די טראקטירן,
טרינקען טיי,
און דעם ווײַב איז ווינד און ווײ.

5

א זון מיט א טאטן,
טוט אויס די כאלאטן,
די טײַערע בגאָדים
מיט די קאָשערע פּאָדים,
מיט די פּאסמעס און מיט די קנאָפּן,
לאָמיר ווײנען, לאָמיר שרײַען
צו דעם קייסער ניקאָלײַען.

6

א נײַע גזײרע מיט די ראזריאדן,
ליו־ליו־ליו.
א צאָרע, א גזײרע מיט די ראזריאדן,
ליו־ליו־ליו.
לויף צו ראָמאנאָווסקין,
זאָג, דו ביסט א וואסערטרעגער,
זאָג, דו ביסט א האָלצנזעגער,
זאָג, זאָג, ווער דו ביסט,
ווער דו ביסט, ווער דו ביסט,
נאָר ניט בלײַב א פּראזדנאָשאטאיושטשיסיא.

7

דאָס הארץ, דאָס הארץ שרעקט אין מיר,
מע קלאפּט מיר אָן האסטיק אין טיר:
עס גייען ארײַן כאיל
מיט הויכע דעגן
און מיט די שפּיזן
מיר אנטקעגן.

און איך ווייס ניט
וואָס און ווען;
וואָס באטייַט דאָס,
פארשטיין ניט קען.

איך ריכט זיך און ריכט זיך
אפ דאָס געוויסע, —
מע וועט מיך נעמען
געוויס אין טפיסע.
דאָס הארצ זאָגט מיר אליין:
גיב א קוק דרויסן, וואָס טוט שטיין.
קאָנאָוואָיען מיט די שווערדן,
און זשאנדארמען אפ די פערדן.
מע פירט מיך ארויס פון טיר,
דער גאלעכ שטייט קעגן מיר.
פרעג איך אים, מיט מיר וואָס מע טוט, —
זאָגט ער: מיט דיר איז גרייַלעכ ניט גוט!
מע ברענגט מיך אין מארק צו פירן,
און מע שטעלט מיך צווישן אָפיצערן.
מע לייענט מיר מייַן דעקרעט—אוי, א סאָפ פון מייַן לעבן,
ווילנע, ווילנע, קלאָג צו מייַן קלאָג,
איך זע דאָך דיך דעמ לעצטן טאָג!

זעסט, זעסט, א העלד, א גיבער —
מע גיט א קלאפ: טאר־טאר־טאר!
דאָס הארצ צעגייט, דאָס בלוט צעמישט,
נאָכאמאָל — מע שיסט, מע שיסט, מע שיסט!
מע ברענגט מיך צו פירן צום ווייַסן סלופ.
ערשט אין קייווער פאר מייַן טרופ
א סמערטעלנע העמד פאָרגעשטעלט, —
דאָס איז דייַן העמד פון יענער וועלט!
דאָס איז דייַן קלייד, דאָס איז דייַן שטוב,
דאָס איז דייַן פינצטערע גרוב!

8

אכ, ווי שלעכט, ווי מייַן הארצ שרעקט מיך!
מע קלאפט מיר אָן האסטיק אין טיר.

איך ווייס ניט וואָס און ווען,
וואָס מיט מיר באַטײַטן קען.
עס גייען אַרײַן כאַיל מיט הוילע דעגנ
און מיט די שפּיזן צו מיר אַנטקעגנ.
מײַנע קויכעס גייען מיר אויס.
א שרעק! א שרעק! איך האַלט ניט אויס!

איך טו מיר קלערן גאָר אפ געוויסע,
אַז איך וועל לויז ווערן פון דער טפיסע;
אָבער דאָס האַרץ זאָגט: ניין, ניין,
טו א בליק, ווער טויט אפ דרויסן שטיין.
א קאָנאָוואָי מיט בלויזער שווערד,
און זשאַנדאַרן אפ די פערד.
דער נאַראָד איז גרויס, די גאַס דורכויס.
א שרעק! א שרעק! איך האַלט ניט אויס!

ווי מע האָט מיר געעפנט פון אָסטראָג די טיר,
איך זע, דער גאַלעכ שטייט לעבן מיר —
איך פרעג בא אים, וואָס מיט מיר זיך טוט,
ער זאָגט דאָך מיר, אַז מיט מיר איז גאָר ניט גוט!
צוועלף ביקסן טוען געגרייט זײַנ
פאַר געשאַנק אינ דײַנ האַרצנ אַרײַנ.
איך וואַרט אפ דער קויל, די מינוט איז גרויס.
א שרעק! א שרעק! איך האַלט ניט אויס!

— מינסק, מינסק, באַוויינ מײַנ קלאָג!
איך זע זיך מיט אײַך הײַנט דעם לעצטנ טאָג,
זײַט געזונט, ביימער, בליט!
איך זע אײַך הײַנט און מער שוין ניט.
די זון פון הימל, און וואָס איך זע,
פרײַע וועלט, אַדיע, אַדיע!
מיט אײַך צו זעגענען זיך גייען מיר די קויכעס אויס.
א שרעק! א שרעק! איך האַלט ניט אויס!

ווײַב-און-קינד, מײַנ קרוינ, מײַנ רײַכ,
אפ וועמעס הענט לאָז איך אײַך?
איר בלײַבט יעסוימים, ווי די וועלט איז גרויס.
א שרעק! א שרעק! איך האַלט ניט אויס!

ווי מע פירט מיך צו זאכארעווער גאס,
איך הער דעם ליארעם, דעם גרויסנ ראש,
מע שפילט זשאלאָב, איך הער מיר יאָ,
אונ כאלאָשעס פאלט מיר צו —
דער פּאָנעמ בלאס, די ליפּנ בלוי,
די צײַט פונ מײַנ לעבנ איז א האלבע שאָ.
דעמ לעבנ פּארשפּילט, די יאָרנ אויס.
א שרעק! א שרעק! איך האלט ניט אויס!

פונ אלע אבעוולענעס פונ יעדער גאס
האָב איך אויסגעלאכט, געמאכט צום שפּאס;
איך האָב ניט קיינ געפיל,
וואָס נאטשאלסטווע קענ באטײַטנ פּיל;
איצט זע איך זייער וואָר
דעמ טויט פאר די אויגנ קלאָר.
מײַנע קויכעס גייענ מיר אויס.
א שרעק! א שרעק! איך האלט ניט אויס!

ווי מע האָט מיך געטאָנ אפּנ פּלאצ ארויספירנ
אונ מע האָט מיך אנידערגעשטעלט צווישנ די אָפיצערנ,
מע לייענט מיר דעמ דעקרעט, —
פאר וואָס אונ פאר ווענ איז מײַנ כעט.
זיי שרײַענ צו מיר: „טו זיך אויס!”
א שרעק! א שרעק! איך האלט עס ניט אויס!

איך האָב דערזענ דעמ ווײַסנ סלופּ,
דערבײַ א קייווער, ווי א טרופּ,
די סמערטעלנע העמד פּאָרגעשטעלט,
דאָס איז מײַנע אייביקע קליידער אפ יענער וועלט.
מײַנ הארצ רודערט, די לײַב איז הייס.
א שרעק! א שרעק! איך האלט ניט אויס!

מע האָט מיך צום סלופּ צוגעפירט,
די הענט אפ הינטער פארבאנדעזשירט.
זעט, וואָס עס ווערט פונ א העלד א גוואר,
וואָס מע טוט א קלאפּ: טר! טר! טר!
דאָס הארצ צעשפּרינגט, דאָס בלוט צעמישט,
נאָכאמאָל מע שיסט! מע שיסט!

דאָס לעבן פאַרשפּילט, די יאָרן אויס.
א שרעק! א שרעק! איך האַלט ניט אויס!

9

איך, יעגער, אָרעמער יעגער,
ווי בלײַב איך לעבן פון דעם שפּעגער.
דאָ קומט אָן דער גאַזלען, דער פײַנט,
בלײַב איך טויט מיט מײַנע פרײַנט.

בלוט און אייטער טוט פון מיר גיין,
טויט, אין אָנמאַכט בלײַב איך שטיין,
ווען דער פײַנט קומט אָן,
ער וועט זיך שטאַרקן אַף מײַן פּאָן.

געשרייען, געפּילדער טוט זיך הערן,
א געוויין מיט ביטערע טרערן.
איך, יעגער, טו קלאָגן,
ווײַל דער פײַנט טוט מיך יאָגן.

דעם ביקס האָב איך אָנגעשלאָגן,
די שווערד טו איך טראָגן,
אַפן פערד טו איך רײַטן,
אָבער דער פײַנט שיסט מיך פונווײַטן.

אַך, סקאָריי, נאַדאָ בעגאַט,
וואָט טאָוואַר נאַדאָ בראַט,
העי, רוזשיאָ נא רוקאַך ליעזשיט,
יעסלי נאַדאָ — נאַסמערט סטרעליאַט.

ווי דאָס האָט דערזען דער סאָלדאַט,
ווי ער האָט דערהערט דעם קלאַפּ פון האַרמאַט,
האָט ער גלײַך געכאַפּט דעם שייד פון שווערד
און איז געפאַלן צו דער ערד.

10

עפּשער ווילט איר, מענטשן, וויסן,
ווי דער פּאָגראָם איז געווען —

שאבעס פארנאכט אפ דער פאליקאָווקע
איז געפאלן א כאַוועך ווי א שטיין.

דאָס האָבן ניט כוליגאנעס געהארגעט,
נאָר קאזאקן אליין,
און מיר, ברידער, ווילן אים ראטעווען, —
קאזאקן לאָזן אונדז ניט גיין.

ווי מיר זײַנען אינ גאס ארויסגעגאנגען,
דאָס איז געווען שאבעס פארנאכט,
צווישן די אָטריאדן האָבן מיר זיך געשטעלט,
און וועגן מאָרגן האָבן מיר געטראכט.

מיר זײַנען געזעסן אין די קוואַרטירן,
מיר האָבן פון גאָרניט געוווסט,
פלוצעם הערן מיר א ראש מיט א טומל:
קאזאקן האָבן אויסגעשאָסן פוסט.

ווי מיר זײַנען אינ גאס ארויסגעגאנגען,
שרײַען כוליגאנעס: „בעי זשידאָוו“!
ווי מיר זײַנען צום פלאָשטשאדאָק צוגעקומען,
געפאלן איז דער סטודענט בלינאָוו.

ווי מיר האָבן דאָס דערזען,
איז געפאלן אפ אונדז א שרעק!..
אוי וויי, ברידער, לאָמיר זיך צונויפנעמען
און מאכן פון דעם פאָגראָם אַן עק.

ווי הערשל ווײַנשטיין איז אינ גאס ארויסגעגאנגען,
— ברודער, גיי גיך אהיים!
די ערשטע קויל האָט אים געטראָפן,
געפאלן איז א כאַוועך ווי א שטיין.

די מוטער שרײַט, זי וויינט און קלאָגט:
— ראטעוועט מײַן קינד!
ער איז געגאנגען פאר אײַערע ברידער,
ער איז געגאנגען צו גרונט.

דער נאטשאלניק דיוויזיע איז אָנגעקומען,
איז ער געבליבן שטיין,
פּאָ טעלעפאָנו האָט ער איבערגעגעבן,
קאזאקן זאָלן קומען צו גיין...

ווי די קאזאקן זײַנען אָנגעקומען
מיט די אָרוזשיעס אין די הענט,
דעם ערשטן ווײַסטערעל האָבן זיי געגעבן,
און זשיטאָמיר אפּ פּראך פאַרברענט.

11

אין שוסטערשער קלײַזעלע
דאָרט איז אונדזער הײַזעלע,
דאָרט איז אונדזער גאנצע שטוב.
מיר זײַנען פון שטוב פארלאָרן,
פארוואלגערט געוואָרן,
אזוי ווי אין א פינצטערער גרוב.

עס קומט יעדער טאָג דער שאמעס,
ער טרײַבט אונדז צו די מאמעס,
ער סטראשעט און בעט בא אונדז דעם פּאס.
פאר מיר איז א פארגעניגן,
ווען ער טוט זיך מיט אונדז קריגן,
פאר אונדז איז דאָס א בלוטיקער שפּאס.

אין קאָמיטעט נאָך די ברויט,
עס קומט אָן מיט דעם טויט,
ווען מע פארשפּעטיקט אפּ 15 מינוט;
מע גיט אײַך צו ערקלערן,
אז מע פארשפּעטיקט, וואָס קען ווערן,
אז ס׳גיסט זיך אין פּאָנעם דאָס בלוט.

דו מוזט היטן די צײַטן,
אויב דו ווילסט זײַן גלײַך מיט לײַטן,
ווען דו ווילסט זיצן מיט אלעמען באם טיש.
דו דארפסט אפּ קיינעם ניט קוקן,
פאר קיינעם זיך ניט בוקן,
אפילע ווען מע טרעט דיר אפּ די פּיס.

אין קיך נאָך די זופּ,
עס הערט זיך, עס פעלט בולבע, עס פעלט קרופּ,
אזא מאזל אפ זיי, וואָס פאר א זופּ.
דאָרט האָט זיך איינגעטשעפּעט איינער, ווי א פּיאווקע:
„גיט מיר א ביסל א נאבאווקע”,
דאָרט איז געוואָרן איינעם ניט גוט.

דאָרט שטייט אונדזער שינפּאָנפּאָנטשיק,
דער ארויסגעבער פון די מיטאָגן, אבראמטשיק,
ער שטייט און קלערט, וואָס איז דאָס
פאר א וועלט,
מע קען קיינמאָל די ייִדן
ניט שטעלן צופרידן,
אפילע ווען עס קאָסט ניט קיין געלט.

בא רעספּיצענען אין קעלער,
מע קען דאָרט באקומען א פעלער,
עס רינט און קאַפּעט פון די ווענט.
עס הערט זיך געשרייען:
— גיט טיי, רעב כאיִמ!
מע רייַסט און מע כאַפּט פון די הענט.

12

דאָרט אין נייַשטאָט אין די באראקן,
דאָרט ליגט דער צוואנגס־ארבעטער און וויינט,
צו זייַן גרויסן אומגליק איז ניטאָ קיין גלייַכן,
ווייַל זייַן הארץ איז אין אים פארשטיינט.

ווי מע האָט אים פון זייַן היים ארויסגעטריבן
און קיין נייַשטאָט אין פּלען געבראכט,
צעבראָכן זייַן הארץ און זייַנע געפילן
און פון זייַן קערפּער א סקעלעט געמאכט.

ער לייגט זייַן קערפּער אפ דער הארטער נארע,
וועלכע ס'דריקט זייַנע ביינער אויס;
צי זאָל ער ארומגיין, קען ער אפ די פיס ניט שטיין.
—אך, רוס! — שרייַען די מערדער. — צו דער ארבעט,

איר, וואָס פרעסט אונדזער זאלצ און ברויט!
אכ, ווי קאָנען מיר צו דער ארבעט גיין,
ווען מיר שפירן שוין דעם טאם פון טויט.

היימאט, היימאט, מייַן פאמיליע,
ווי קענט איר מיר פון זינען ארויס?
בא מייַן טרינקען און עסן קאָן איכ אייַכ ניט פארגעסן,
וויַל מייַן הארצ איז אין מיר פארשטיינט.

אכ, ווען וועט שוין די זון פאר אונדז אופשייַנען,
און ווען וועלן מיר קענען פון פלען ארויס
און ווען וועלן מיר שוין קאָנען די היימאט זען?

איר, טיראנען, וועלכע האָבן אונדזער פרייַהייַט גערויבט,
פארניכט זאָלן ווערן זייערע לענדער,
און צעשמעטערט זאָל ווערן
זייער קייסערס קרוין.

13

ווער עס האָט נאָר די בלאט געלעזן
פון דער בארימטער שטאָט פראָסקוראָוו,
וואָס פאר אן אומגליק האָט דאָרטן געטראָפן
אין איינע צוויי-דרייַ מעסלעס.

פלוצלינג האָט מען אויסגעשריגן:
— מע שלאָגט דעם יידן, ווי ווייַט מע קען!
שטיינער אין די פענצטער האָבן אָנגעהויבן פליען,
דער אומגליק האָט זיכ אויסגעריסן אין איין מאָמענט.

מערדער זייַנען ארומגעלאָפן
מיט די העק און מיט מעסערס אין די הענט געגרייט,
וווּ מע האָט נאָר א יידן געטראָפן,
באלד האָט מען אים אפן אָרט געטויט.

בלוט גיסט זיכ אין אלע גאסן,
און מיט בלוט איז געמאָלט די ווענט,

פיל מענטשן פליִען פון די פינפטע עטאזשן,
אבי ניט אריַינפאלן אין די מערדערס הענט.

אפ דעם כורבן קלאָגן שטיינער,
וואָס דאָרטן האָט זיך געפּאסירט,
ארום מיר שטייט א מערדער איינער
און האלט דעם כאלעפּ אָנגעגרייט.

דאָ ליגט א פרוי גאָר א שיינע,
זי ליגט פארוואָרפן אפן מיסט,
ארום איר ליגט א קינד א קליינינקס
און זויגט בא איר די קאלטע טויטע ברוסט.

14

איר באלעבאטים, איר מערדער,
וואָס צאפּט איר פון די ארבעטער דאָס בלוט?
איר מיינט, אז די מילכאָמע וועט אײַך גליקן?
איר מיינט, ס'וועט אײַך טאָמעד זײַן גוט?

ס'זאָל אפילע דונערן און בליצן,
ס'מעג אפילע אונטערגיין די וועלט,
אכט שאָ אין טאָג וועלן מיר זיצן,
דאָס איבעריקע וועט אײַך קאָסטן געלט.

מיר האָבן אלע יאָרן געהאָרעוועט,
ביז מיר האָבן די סוואָבאָדע דערלעבט,
און איצטער זײַנען דאָך אָנגעקומען די פּעטליוראָווצעס
און ווילן די מילכאָמע צוריק.

נאָר ס'זאָל אפילע דונערן און בליצן,
ס'זאָל אפילע אונטערגיין די וועלט,
די סוואָבאָדע צוריק וועלן מיר ניט געבן,
מיר וועלן אפילע פארשפּילן די וועלט.

★

## 2. רעקרוטן, פריזיוו און מילכאָמע

1

דער ערשטער אוקאז איז אראָפּגעקומען אפּ ייִדישע זעלנער,
זײַנען זיך אַלע צעלאָפּן אין די פּוסטע וועלדער,
אוי וויי, אוי וויי!

אין אַלע פּוסטע וועלדער זײַנען מיר זיך צעלאָפּן,
אין פּוסטע גריבער זײַנען מיר פאַרלאָפּן,
אוי וויי, אוי וויי!

בין איך געלעגן אין גרוב א טאָג מיט דרײַ מעסלעס,
בין איך געוואָרן טויט, ווי א מעס.
אוי וויי, אוי וויי!

טו איך א קוק: שטייט א שטיבעלע פּונדערווײַטן,
איז נישט דאָ קיין שום לײַטן.
אוי וויי, אוי וויי!

גיי איך צו צו דער טיר,
זאָג איך:—באַלעבאָסטע, עפנט מיר!
אוי וויי, אוי וויי!

די באַלעבאָסטע האָט א קוק געטאָן אפּ מיר:
בין איך זייער טויט, —
גיט זי מיר פאַר ראַכמאָנעס א שטיקעלע ברויט.
אוי וויי, אוי וויי!

צום שטיקל ברויט דאַרפּ מען זיך וואַשן,
און די כאַפּערס גייען אַרום אין אַלע גאַסן.
אוי וויי, אוי וויי!

קומט אַרײַן דער כאַפּער מייער,
טראָג איך אים אַרײַן דעם ווײַסן צוויייער.
אוי וויי, אוי וויי!

דעם ווײַסן צווייער צוגענומען, צוגענומען
און מיך פאר קיין רעקרוט ניט גענומען.
אוי וויי, אוי וויי!

קומט אַרײַן דער כאַפּער מענדל,
טראָג איך אים אַרײַן דאָס רויטע רענדל.
אוי וויי, אוי וויי!

דאָס רויטע רענדל צוגענומען, צוגענומען
און מיך פאר איין רעקרוט מיטגענומען.
אוי וויי, אוי וויי!

לייגט מען מיך אַרוף אויף דעם וואָגן,
זאָג איך:— אוי, מאַמעניו, בעסער זאָלסטו מיך באַגראָבן!
אוי וויי, אוי וויי!

פירט מען מיך צום פּריזאָם, צום פּריזאָם,
זאָג איך:—אוי, מאַמעניו, בעסער מאַך מיר א צאַם!
אוי וויי, אוי וויי!

פירט מען מיך אַרײַן אין דער ערשטער טיר,
שטייען סאָלדאַטן און קוקן אויף מיר.
אוי וויי, אוי וויי!

פירט מען מיך אַרײַן אין דער צווייטער טיר,
שטייען זשאַנדאַרן און קוקן אויף מיר.
אוי וויי, אוי וויי!

פירט מען מיך אַרײַן אין דער דריטער טיר,
שטייען דאָקטוירים און קוקן אויף מיר.
אוי וויי, אוי וויי!

ער טוט מיר א קוק אין די אויגן, אין די אויגן:
— פאר א סאָלדאַט וועט ער טויגן!
אוי וויי, אוי וויי!

ער טוט א קוק אויף די פיס, אויף די פיס,
פאר א סאָלדאַט בין איך צוקער־זיס!
אוי וויי, אוי וויי!

זײַט זשע מיר געזונט, מײַנע פֿאָטער־און־מוטער,
איך גײ שוין אוועק פֿאַר אײן מאָסקוויטער!
גאָט זאָל אײַך געבן געזונט און לעבן
און מיר אײן גליקלעכן וועג!
וואָס זשע וועט אײַך העלפֿן אײַער געוויין?
איך גײ זיך ניט אַליין!

2

אײנער איז אַרײַן אין אַ שטוב זיך באַהאַלטן,
האָט ער געפֿונען אַ מאַן אַן אַלטן.
— הערט צו, איך וועל אײַך זאָגן אַ וואָרט,
אַז פֿאַר אײַך אין שטוב איז ניט קײן זיכער אָרט.

עס טוט דאָ אין שטוב פֿאַר אײַך צו באַהאַלטן ניט טויגן,
ס'וועט אײַך נאָך קענען דערזען זײַטיקע אויגן.
ס'וועט ניט העלפֿן קײן יאָמערן און קײן קלאָגן,
זאָל מען נעמען עטלעכע רובל און די קאָהאָלס־לײַט ניט זאָגן.

קומט אַרויס מיט מיר פֿון שטוב,
כ'וועל אײַך ווײַזן אַן אָרט אין אַ גרוב! —
איז ער אַרויס פֿון שטוב מיטן אַלטן,
האָט ער געזען אַ גוטע גרוב זיך צו באַהאַלטן.

ווי ער איז אין גרוב אַראָפּגעקראָכן,
איז אים אַ שקרוק איבערן לײַב אַריבערגעלאָפֿן.
איז ער דאָרטן אָפּגעלעגן דרײַ מעסלעס,
האָט ער שוין אויסגעוויזן ווי אַ מעס.

האָט מען אָן אים דאָרט גאָר פֿאַרגעסן
און מ'האָט אים ניט געגעבן ניט טרינקען און ניט עסן.
וואָס וועט ער זיך אַליין פֿאַרדאַרבן? —
קײנער וועט ניט וויסן, אַז ער וועט שטאַרבן!

איז ער פֿון גרוב אַרויסגעקראָכן,
האָט ער דערזען די באַלעבאָסטינקע ראָכען.
— באַלעבאָסטינקע, באַלעבאָסטינקע, וואָס ט'איר אָן מיר פֿאַר־
געסן?
דרײַ מעסלעס ט'איר מיר ניט געגעבן טרינקען און עסן.

זי האָט געגעבן א קוק, אז ער איז טויט,
האָט זי אפּגן טיש ארופגעלייגט א לעבעלע ברויט.
נעמט ער דאָס קענדל און וויל זיך גיין וואשן,
דוכט זיך אים, אז די כאפּערס גייען ארום אין די גאסן.

גייט ער צו צום האנטעך זיך ווישן,
דוכט זיך אים, די קייטן צו שליסן.
גייט ער צו די ברויט און וויל „אמויצע״ מאכן,
דוכט זיך אים, אז מ׳טוט די שטוב פארוואכן.

ווי ער האָט גענומען דעם ערשטן וואָרט בענטשן,
זיינען ארייַנגעקומען א פולע שטוב מענטשן.
— יידן, כ׳ווייס, איר זייַט געקומען ניט נאָך ווייץ און ניט נאָך קאָרן!
איר זייַט דאָך געקומען נאָך מייַנע יונגע יאָרן!

כ׳האָב ניט קיין געלט פון אייַך זיך אויסצוקויפן,
די וועג ט׳איר מיר פארשטעלט, כ׳האָב ניט וווּ צו אנטלויפן!
מ׳האָט אים אוועקגעלייגט אפּ דר׳ערד אין קייטן צו שליסן,
די לעצטע קאפּאָטקע האָט מען אים אפּ ברעקלעך צעריסן.

מ׳האָט אים אין וואָגן ארייַנגעהויבן,
דעסיאטניקעס האָבן זיך ארומגעזעצט ווי בערן און ווי לייבן.
מ׳האָט אים שוין אין שטאָט געבראכט צו פירן,
א גליד, פון יעסורים, האָט ער ניט געקאָנט רירן.

די מוטער איז צו די קאָהאָלס-לייַט גלייַך געלאָפן,
האָט זי פאר צאָרעס די טיר ניט געטראָפן.
— וואָס האָט איר א גאנצע אָטשערעד צונויפגעקליבן
און מייַן איינציקס קינד צו פיר ברידער צוגעשריבן?

וואָס אי׳דאָס פאר א וועלט,
אז מ׳נעמט אָנ אנ איינציקס קינד און מ׳פארקויפט פאר געלט!
— ווייַבל, ווייַבל, זאָלסט ניט מאכן קיין ליארעם אפּ דער וועלט,
שווייַג שטיל, וועסט קריגנ א סאך געלט!

בין איך מיר געשטאנענ בא מײַנ פֿאָטער אפֿנ הויף,
גיט מענ א געשריי: „יונגערמאנ, אנטלויף!"

בינ איך מיר געלאָפֿנ גיך אונ באלד,
ביז איך בינ געקימענ אינ א טיפֿנ וואלד.

דרײַ טעג אונ דרײַ נעכט ניט געגעסנ, ניט געטרונקענ,
נאָר מיט די אויגנ צומ אייבערשטנ געוווּנקענ.

גיב איך זיך מיר א קער אָנ א זײַט,
ערשט איך דערזע מיר א שטיבעלע ניט ווײַט.

— באלעבאָסטעצקע, באלעבאָסטעצקע, עפֿנט מיר אָפּ די טיר,
האָט ראכמאָנעס אונ גיט א קוק אפֿ מיר!

באלעבאָסטעצקע, באלעבאָסטעצקע, גיט מיר א שטיקעלע ברויט,
גיט א קוק אפֿ מײַנ צורע אונ זעט, ווי זי איז טויט.

איך האָב זיך נאָך ניט צײַט געהאט די הענט צו וואשנ,
ערשט איך האָב דערהערט, אז מע כאפּט שוינ אינ די גאסנ.

איך האָב נאָך ניט צײַט געהאט אָפּצובענטשנ,
ערשט עס זײַנענ שוינ געקומענ די כאפּער־מענטשנ.

— יידעלעך, יידעלעך, וואָס זײַט איר געקומענ צו פֿאָרנ?
— מיר זײַנענ געקומענ נאָך ווייצ אונ נאָך קאָרנ.

— איר זײַט ניט געקומענ ניט נאָך ווייצ אונ ניט נאָך קאָרנ,
איר זײַט דאָך געקומענ נאָך מײַנע יונגע יאָרנ!

האָט מענ מיך אוועקגעלייגט אפֿנ וואָגנ,
האָט מענ מיך אוועקגעפֿירט אונ אָנגעהויבנ פּלאָגנ.

פֿירט מענ מיך ארײַנ אינ דער ערשטער טיר,
ערשט עס זיצנ יעוואָנימ אונ ווארטנ שוינ אפֿ מיר.

פֿירט מענ מיך ארײַנ אינ דער צווייטער טיר.
ערשט עס זיצט פּריסוטסטווע אונווארט שוינ אפֿ מיר,

שטעלט מען מיך אוועק אונטערן מאָס,
גיט מען א געשריי: „מאָלאָדיעצ, כאָראָש!"

בעסער צו לייענען כומעש מיט ראשע
איידער צו עסן די סאָלדאטסקע קאשע.

בעסער צו לעבן אין אלע זאוווּלקעס
איידער צו עסן דעם קייסערס בוּלקעס.

בעסער צו לעבן אין צאָרעס און אין נויט
איידער צו עסן דאָס סאָלדאטסקע ברויט.

4

זײַנען מיר געלאָפן
א טאָג מיט א נאכט,
זײַנען מיר געוואָרן
די ליפעלעך פארשמאכט.

זײַנען מיר געלאָפן
א טאָג מיט א מעסלעס,
זײַנען מיר געוואָרן
טויט ווי א מעס.

טוען מיר א קוק
פונדערווײַטן,
זעען מיר: שטייט א שטיבעלע
גאָר אָן לײַטן.

זײַנען מיר ארופ
אפ דער שוועל,
עפנט מען א טירעלע
אפ דער שטעל.

זײַנען מיר ארופ
אפ דער טיר,
שטייט די באלעבאָסטע
און קוקט אפ מיר.

— באַלעבאָסטעטשקע, טוט אַ קוק אַף מיר,
וויִאַזוי איך בין טויט,
און האָט אַף מיר ראַכמאָנעס
און גיט מיר אַ שטיקעלע ברויט.

צום שטיקעלע ברויט
דאַרף מען זיך וואַשן...
דאָ גייען אַרום כאַפּער-מענטשן
אין אַלע גאַסן.

צום שטיקעלע ברויט
דאַרף מען דאָך בענטשן...
דאָ גייען אַרײַן
די כאַפּער-מענטשן.

— יונגערמאַן, יונגערמאַן,
וואָס זענט איר אַזוי בלייך געוואָרן?
מיר זײַנען געקומען
נאָך ווייץ און נאָך קאָרן.

— ניין, איר זענט ניט געקומען
נאָך קיין ווייץ און נאָך קיין קאָרן,
איר זענט געקומען
נאָך אונדזערע יונגע יאָרן.

— יונגערמאַן, יונגערמאַן,
קום אַפן וואָגן!
— ניכער איז מיר,
איר זאָלט מיך דאָ באַגראָבן.

בא אַלע ייִדישע קינדער
מאַכט מען פרײַטיק כאַלע,
און מיר זײַנען צעשיידט געוואָרן
פון כאָסן און פון קאַלע.

בא אַלע ייִדישע קינדער
מאַכט מען פרײַטיקצונאַכטס קידעש,
און אַף אונדז לויפט מען קוקן,
ווי אַף אַ גרויסן כידעש.

בא אלע ייִדישע קינדער
מאכט מען שאבעסצונאכטס האוודאָלע,
און אף אונדז איז געקומען
א גרויסע מאפּאָלע.

5

טרערן גיסן זיך אין די גאסן,
אין דעם קינדערשן בלוט קאָן מען זיך וואשן.
גוואלד, וואָס איז דאָס פאר א קלאָג, —
צי דען וועט קיינמאָל ניט ווערן טאָג?

קליינע אייפעלעך רײַסט מען פון כיידער,
מע טוט זיי אָן יעוואָנישע קליידער.
אונדזערע פּארנייסים, אונדזערע ראבאָנים
העלפן נאָך אָפּצוגעבן זיי פאר יעוואָנים.

בא זושע ראקאָווער זײַנען דאָ זיבן באָנים,
איז פון זיי ניט איינער אין יעוואָנים.
נאָר לייע דער אלמאָנעס ס׳איינציקע קינד
איז א קאפּאָרע פאר קאָהאָלשע זינד.

עס איז א מיצווע אָפּצוגעבן פּראָסטאקעס, —
שוסטער, שנײַדער זײַנען דאָך לײַדאקעס;
קרעציקע כײַציקלעך פון א מישפּאָכע א שיינער
טאָר בא אונדז ניט אוועקגיין ניט איינער.

6

— ס׳איז א גזאר מין האשאָמאַיִם, אז ס׳גייען זיך גרויס און קליין.
זײַט זשע מיר געזונט, שוועסטער און ברידער,
איך גיי זיך שוין אוועק!
גאָט זאָל אײַך געבן גוטע זיוווגים
און מיר א גליקלעכן וועג!
וואָס זשע וועט אײַך העלפן אײַער געוויין?
איך גיי זיך ניט אליין,
ס׳איז א גזאר מין האשאָמאַיִם אאוו.

זײַט זשע מיר געזונט, פּעטערס, מומעס,
איך גיי זיך שוין אוועק!

גאָט זאָל מיר געבן א גליקלעכן וועג!
זייט זשע געזונט, מײַנע זיידעס און באָבעס,
איך גיי זיך שוין אוועק!
גאָט זאָל אײַך געבן א גוטע עלטער
און מיר א גליקלעכן וועג!
איך גיי זיך ניט אליין,
ס'איז א גזאר מין האשאָמאיִם אאוו.

זייט זשע ניט געזונט, מײַנע דעפוטאטן,
איך גיי זיך שוין אוועק!
גאָט זאָל אײַך געבן קרענק צום לעבן
און מיר א גליקלעכן וועג!
ס'איז א גזאר מין האשאָמאיִם אאוו.

7

אסורנו — אסור דרבנים, (איסורונו — איסור דעראבאָנים),
לאָמיר זינגען א ליד פון די ייִדישע יעוואָנים:

באָרד-און-פייעס טוט מען אונדז אָפּשערן,
שאבאָסים, יאָנטויוּוים טוט מען אונדז פארשטערן.

גאָר די וועלט טוט גרויס קלאָגן,
אז מיר דארפן שאטנעז טראָגן.

דאָקטוירים טוען אפ אונדזערע לײַבער קוקן,
און צו...... מוזן מיר זיך בוקן.

הײַנטיקע וועלט זײַנען מיר געבוירן געוואָרן,
די וועלט און יענע וועלט האָבן מיר אָנגעווירן.

וואָס זאָגן מיר וויינען און שרײַען,
אז דאָס איז א גזאר מין האשאָמאיִם!

זיבן טעג האָבן מיר אין סוקע געטאָן זיצן,
און הײַנט דארפן מיר סאָלדאטסקע ברויט ניצן.

כאזאָנים און ראבאָנים טוען אונדז טרײַבן צו דער שווע,
און צו אונדזער גזאר איז ניטאָ קיין רעפוע.

טײַכן טרערן האָט פון אונדזערע מוטערס געטאָן רינען,
אײדער זײ האָבן אונדז געטאָן געװינען.

8

נעגידישע קינדער, הערט אױף צו שטיפן,
איר שפּילט שױן ניט קײן גרױסע ראָליע,
אָט באַלד װעט מען אײַך צום זשערעב רופן,
סאָלדאַטן װעט איר שױן זײַן אַלע.

פּערװע־גילדע־קופּצעס — אױס מעיוכאָסים,
דװאָריאַנעס האָבן שױן אױך קײן װערט;
גלײַך מיט דעם געמײנעם בידנעם יאָסעם
װעט איר גײן אױך, אױב אײַך איז באַשערט.

נאַכאָטניקעס װעלן שױן פאַר אײַך ניט גײן,
איר װעט שױן קײן קאַפּאָרעס ניט שלאָגן,
די קאַפּאָרעס װעט איר שױן זײַן אַלײן,
איר מעגט אװאַדע װײנען און קלאָגן.

מיר װעלן שױן זײַן אױך מעכוטאָנים,
טאַקע גאָר גיך און באַלד.
פון אײַך, נעגידים, פון אונדז, קאַפּצאָנים,
װעט מען שױן הערן אײן געװאַלד.

ביז אַהער האָט איר ניט געװוּסט פון קײן צאָרע,
פון קײן אַגמעסנעפעש, פון קײן לײד.
אַז דער קאַפּצן איז נעבעך געװען די קאַפּאָרע,
איז בא אײַך אין שטוב געװען אַ פרײד.

װען ער איז נעבעך געזעסן פאַרשפּאַרט
אין סבאָרניע, אין פינצטערן גרוב,
האָט דאָס אײַך אַפילע ניט געאַרט,
איר זענט געזעסן רויִק אין שטוב.

און אַז מ׳האָט אים געפירט צום פּריִאָם,
װי אַן אָקס צו דער שכיטע,

ער האָט פארגאָסן טרערן א יאם,
עס איז געווען א צאָרע א גוטע.

אָבער איר האָט דאָס ניט געפילט,
עס האָט אײַך ניט באַרירט,
וואָס איר האָט ליב, וואָס איר ווילט,
האָט איר בא זיך אויסגעפירט.

צינד האָט מען אײַך באטראכט,
וויאזוי איר זאָלט צו אונדזער הארץ קומען,
די וויסטע פינצטערע נאכט
איז שוין אפ אײַך אויך געקומען.

וויסט און פינצטער איז אײַער טאטן,
אז ער הערט דערפון שמיסן;
איר וועט שוין אויך זײַן סאָלדאטן,
איר וועט אויך דעם טאם וויסן.

א נעגידיש קינד, א פערווע־גילדע־קופּעץ,
וואָס איז אזוי איידל געצויגן,
ער ווייסט ניט, זינט ער לעבט, פון קיין זעץ,
ער איז אין קאָפּ די אויגן.

צינד וועט ער פליִען, ווי א פיקס,
צו דער אוטשעניע אלע טאָג
און וועט מוזן גיין מיט דער ביקס —
אוואדע איז צו זײַן מאזל א גרויסער קלאָג.

ער האָט ניט געוווסט פון קיין צאָרעס,
ער איז קיינמאָל ניט איבערגעשראָקן,
ער איז נאָר געווינט, אז דער מעשאָרעס
זאָל אים אראָפּציִען די זאָקן.

הײַנט וועט דאָס איידעלע קינד
מוזן גיין מיט אלע קאפּצאָנים,
דאָס האָבן טאקע אײַערע זינד
אײַך אָנגעמאכט, אפּאָנעם.

איר האָט טאָמער געלעבט בעהאָרכזאַם,
איר האָט ניט געוווּסט פֿון קיין צאָרעס,
דעם אָרעמאַן ניט געגעבן קיין נעדאָווע,
איר האָט ניט געהאַט קיין שום ראַכמאָנעס.

ציַנד וועט איר שוין קלאָגן און וויינען,
וואָס איר האָט געזשאַלעוועט אייַער ביסל מינץ,
מ'וועט אייַך שוין ניט מער שוינען,
איר וועט גיין באַגלייַך מיט אונדז.

פֿון דעם קעסל וועט איר עסן
גלייַך מיט אַלע לייַט,
לעמאַנאַשעם, איר זאָלט ניט פֿאַרגעסן,
אַז עס גייט אַף אייַך אַ גוטע צייַט.

איך וועל פֿון אייַך ניט שפּעטן,
איך שרייַב ניט קיין גאַס־שמיסן,
לייענט, זייַט מויכל, די גאַזעטן,
וועט איר שוין דעם עמעס וויסן.

איך זאָג אייַך דעם עמעס אַרויס,
אַז איך האָב אין אייַך אַ נעקאָמע:
ערשטנס, וועט איר ניט זייַן באַ זיך אַזוי גרויס,
צווייטנס, איז צאָרעס ראַבים כאָצע נעכאָמע.

9

זייַ זיך מיר געזונט, מייַן ליבסטער פֿאָטער,
אוי וויי, גוואַלד!
אָט ערשט וועסטו זייַן אַף דרייַ יאָר פֿאָטער,
אוי וויי, גוואַלד!

זייַ זיך געזונט, מייַן ליבסטע מוטער,
אוי וויי, גוואַלד!
באַ דיר בין איך געווען דער בעסטער און דער גוטער,
אוי וויי, גוואַלד!

זייַ זיך געזונט, מייַן ליבסטער ברודער,
אוי וויי, גוואַלד!

נאָכ מיר זאָל זײַנ קײנ געררודער,
אוי וויי, גוואלד!

זײַ זיכ געזונט, מײַנ ליבסטע שוועסטער,
אוי וויי, גוואלד!
בא דיר בינ איכ געווענ דער גוטסטער אונ דער בעסטער,
אוי וויי, גוואלד!

זײַ זיכ געזונט, מײַנ ליבסטע קאלע,
אוי וויי, גוואלד!
נאָכ דיר וועל איכ בענקענ מער ווי נאָכ אלע,
אוי וויי, גוואלד!

זײַט זיכ געזונט, מײַנע ליבסטע שכיינים,
אוי וויי, גוואלד!
א טײל וועלנ לאכנ, א טײל וועלנ ווײנענ,
אוי וויי, גוואלד!

10

פירט מענ מיכ ארײַנ
אינ דעמ ערשטנ כײדער,
הײסט מענ מיר דאָרט אויסטאָנ
מײַנע אײגענע קלײדער.

אונ אוי וויי, אונ אוי וויי
איז צו מיר גאָר,
וואָס איכ בינ אלט געוואָרנ
אײנ אונ צוואנציק יאָר!
אונ אוי וויי, אונ אוי וויי
איז צו מײַנ וועלט,
וואָס איכ דארפ דעמ קײסער דינענ
גאָר אָנ א גראָשנ געלט!

פירט מענ מיכ ארײַנ
אינ צווײטנ כײדער,
הײסט מענ מיר אָנטאָנ
יעוואָנישע קלײדער.
אונ אוי וויי, אונ אוי וויי אאוו.

פירט מען מיך ארופ
אפ די הויכע טרעפ,
זיצן דאָרט קאָמיסיעס
מיט די הוילע קעפּ.
און אוי וויי, און אוי וויי אאוו.

שטעלט מען מיך ארונטער
אונטערן מאָס,
דערלאנגטן א געשריי:
„סאָלדאט כאָראָש!"
און אוי וויי, און אוי וויי אאוו.

11

נעבן וואסער וואקסןביימער,
און אפ די ביימער וואקסן צווייַגן;
אז מ׳האָט אונדז דאָ אינ קאראולקע אריַינגעפירט,
מוזן מיר דאָך גאָר שטיל שווייַגן.

נעבן וואסער וואקסן ביימער,
און אפ די ביימער וואקסן צווייַגן,
און אפ די צווייַגן בלעטער;
אז מ׳האָט אונדז דאָ אינ קאראולקע אריַינגעפירט,
מוזן מיר שלאָפן אפ די הוילע ברעטער.

נעבן וואסער וואקסן ביימער,
און אפ די ביימער וואקסן צווייַגן,
און אפ די צווייַגן וואקסן בלעטער,
און אפ די בלעטער וואקסן ניס;
און אז מ׳האָט אונדז גענומען פאר רעקרוטן,
טוט מען אונדז שליסן די הענט מיט די פיס.

נעבן וואסער וואקסן ביימער,
און אפ די ביימער וואקסן צווייַגן,
און אפ די צווייַגן וואקסן בלעטער,
און אפ די בלעטער וואקסן עפל;
אז מ׳האָט אונדז שוינ אינ פּריזאָם אריַינגעפירט,
גאָלט מען דאָך אונדז אָפ א האלבן קעפל.

נעבן וואסער וואקסן ביימער,
און אפ די ביימער וואקסן צווײַגן,
און אפ די צווײַגן וואקסן בלעטער,
און אפ די בלעטער וואקסן גדוילן;
אז מע גיט אונדז אָפּ פּאר סאָלדאטן,
לערנט מען אונדז דאָך שיסן מיט גרויסע קוילן.

12

ניט קיין שטוב, ניט קיין באלקן,
ניט קיין מאמען, ניט קיין טאטן;
נעמט מיך אָן א געוויין, —
אין סאָלדאטן מוז מען גיין!

ניט קיין דאך, ניט קיין פענצטער,
ניט קיין ברידער, ניט קיין שוועסטער;
נעמט מיך אָן א געוויין, —
אין סאָלדאטן מוז מען גיין!

ניט קיין טיר, ניט קיין ברעטער,
ניט קיין מומען, ניט קיין פעטער;
נעמט מיך אָן א געוויין, —
אין סאָלדאטן מוז מען גיין!

13

זײַט זשע מיר געזונט,
מײַן ווײַב־און־קינד,
איך פאָר שוין פון אײַך אוועק.
גאָט זאָל אײַך געבן
איין גליקלעך לעבן
און מיר איין גליקלעכן וועג.

דער וועג, וואָס איך פאָר,
געדאָווערט מער פון דרײַ יאָר,
גאָט ווייסט, צי מיר וועלן זיך נאָך זען.
כ׳האָב זיך קיינמאָל ניט געוואָלט גלייבן,
אוי וויי, מײַן לעבן,
אז איך וועל זײַן א סאָלדאט.

איך שטיי אפ דער טיר
און פוץ מײַנ מונדיר,
מײַנ מונדיר איז פון סערע געוואנט.
טאטע־מאמע זאָלנ זענ,
אוי, ווײ איז מײַנ לעבנ,
וויאזוי איך בינ שוינ א סאָלדאט.

די סומקע אפ מיר,
דאָס געווער איז צו שווער,
דאָס לײַב איז מיר פײַער־הייס.
טאטע-מאמע זאָלנ זענ,
וויאזוי מיר טוענ גיינ,
און ס׳גיסט אונדז אָפּ דער שווייס.

14

זײַ זשע מיר געזונט, מײַנ ליבער פאָטער,
איך פאָר זיך שוינ פונ דיר אוועק.
איינ און צוואנציק יאָר האָסטו מיך געהאָדעװעט,
און איצטער וואַרפ איך דיך אוועק!

זײַ זשע מיר געזונט, מײַנ ליבע מוטער,
איך פאָר זיך שוינ פונ דיר אוועק.
אונטער דײַנעם הארצנ בינ איך געלעגנ,
און איצטער וואַרפ איך דיך אוועק.

זײַ זשע מיר געזונט, מײַנ ליבער ברודער,
איך פאָר זיך שוינ פונ דיר אוועק.
אונטער איינ הארצנ זײַנענ מיר געלעגנ,
און איצטער וואַרפ איך דיך אוועק.

זײַ זשע מיר געזונט, מײַנ ליבע שוועסטער,
איך פאָר זיך שוינ פונ דיר אוועק.
אפ דײַנע הענט האָסטו מיך געטראָגנ,
און הײַנט וואַרפ איך דיך אוועק.

זײַ זשע מיר געזונט, מײַנ ליבע קאַלע,
איך פאָר שוינ פונ דיר אוועק.

נאָכ דיר וועל איכ בענקענ
בעסער ווי נאָכ אלע,
בעסער ווי נאָכ אלע.

15

זײַט געזונטערהייט,
מײַנע ליבע עלטערנ,
איכ פאָר פונ אײַכ אוועק
אינ א ווײַטנ וועג,
ווו קיינ ווינט ווייעט ניט,
אונ ווו קיינ פויגל פליט ניט,
אונ ווו קיינ האָנ קרייעט ניט.

זײַט געזונטערהייט,
מײַנע ליבע עלטערנ,
איכ פאָר פונ אײַכ אוועק
אינ א ווײַטנ וועג!
גאָט זאָל געבנ
געזונט אונ לעבנ
אונ מיר א גליקלעכנ וועג!

16

פליט דאָס פייגעלע איבער אלע יאמענ,
לאָז געריסנ מײַנ געטרײַע מאמענ.
פליט דאָס פייגעלע איבער אלע פאלאטנ,
לאָז געריסנ מײַנ געטרײַענ טאטנ.

פליט דאָס פייגעלע איבער אלע בוימענ,
לאָז געריסנ מײַנ געטרײַע מומענ.
פליט דאָס פייגעלע איבער אלע בלעטער,
לאָז געריסנ מײַנ געטרײַענ פעטער.

17

צום וואָינסקי נאטשאלניק אָנ דײַנ טאטנ —
ווייי דײַנ מאמענ, וויי,

זאָלסט גיין אפּ דער פּאָזיציע, ס'זאָל דיר גאָרניט שאטן —
ווי דײַנ מאמענ, ווײ.

דרײַ וואָכנ אינ די אָקאָפּעס —
ווי דײַנ מאמענ, ווײ,
אונ די סנאריאדנ טוענ קלאפּנ —
ווי דײַנ מאמענ, ווײ.

כּף׳לויפנ אפּנ פעלד צו דײַנ טאטנ —
ווי דײַנ מאמענ, ווײ,
אז זאָלסט גיין אפּ פּאָזיציעס, ס'זאָל דיר גאָרניט שאטנ —
ווי דײַנ מאמענ, ווײ.

דו ביסט דאָך מיר געוועג די שײַנ פונ די אויגנ —
ווי דײַנ מאמענ, ווײ,
אונ ווי א פייגעלע ביסטו פונ מיר פארפלויגנ —
ווי דײַנ מאמענ, ווײ.

18

מיר הייבנ אָנ צו זינגענ, ברידער, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
מיר הייבנ אָנ צו שפּרינגענ, ברידער, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
אפּנ גאס גיסט א רעגנ, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
מע האָט מיך אינ פּריסוטסטווע אָפּגעגעבנ, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.

מיידעלע, וואָס שלאָפסטו נאָך?
מיידעלעך, וואָס דרימלט איר?
אפּנ גאס קרייט דער האָנ,
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
מאָרגנ איז מײַנ לעצטער פּריִאָם, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.

פּרײַטיקצונאכטס דערלאנגט מענ די כאלעס, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.

נעמט מען צו כאסאנים פון קאַלעס, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
פרײַטיקצונאכטס דערלאַנגט מען די פיש, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
נעמט מען צו מײַן זון פון טיש, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.

פרײַטיקצונאכטס דערלאַנגט מען די לאָקשן, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
אונדז טרײַבט מען אוועק, אַזוי ווי די אָקסן, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
פרײַטיקצונאכטס דערלאַנגט מען די פלייש, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
אונדז טרײַבט מען אוועק אין בלוטיקן שווייס, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.

פרײַטיקצונאכטס דערלאַנגט מען דעם צימעס, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.
אונדז טרײַבט מען אוועק אין ווײַטע מעדינעס, —
איינס, צוויי, דרײַ, פיר.

19

ווי לאַנג נאָך וועט די מילכאָמע געדויערן,
ווי לאַנג נאָך וועט זיך דאָס בלוט אַזוי גיסן,
די מוטערס, זיי טוען באַדויערן,
זיי הערן נישט פון זייערע קינדער קיין גריסן.
יעסוימים, אַלמאָנעס זײַנען איבערגעבליבן,
אַגונעס אַף זייער גאַנץ לעבן,
זייערע מענער האָט מען זיי צום טויט געטריבן,
זיי האָבן זיי קיין געטן נישט געגעבן.

יידישע יונגע קאַרבאָנעס,
ס'איז אַף אײַך אַ ראַכמאָנעס,
מע האָפּט, מע האָפּט,
מע זעט נישט קיין סאָף —
יידישע יונגע קאַרבאָנעס.

אין דרויסן אפ דער גאס גייט א יאָסעם און וויינט
מיט א מאָראלישע שטימע,
ער שרײַט: „אוי, פאָטער, גוואלד!
ווו ביסטו אהינגעקומען?
וועך איך זאָל וויסן, ווו דו ליגסט באגראָבן,
וואָלט איך געקושט די ערד.
דער מערדער דער קיניג האָט געוואָלט נאָך א לאנד האָבן,
האָט ער דאָס לעבן פון מײַן פאָטער געשטערט״.
ייִדישע יונגע קאָרבאָנעס, אאוו.

אין דרויסן אפ דער גאס זיצט איינער אָן פּ״ס
און באדויערט דעם טאָג פון זײַן געבוירן,
דערצו האָט ער א פעלער, א הוסט,
דאָס האָט ער באקומען אין מוקדען בא די טויערן.
ער האָט שוין נישט מער וואָס צו האָפן,
זײַן לעבן איז אים שוין פארמי׳סט.
גלײַכער וואָלט אים די קויל צום טויט געטראָפן,
איידער צו בלײַבן אָן הענט און אָן פיס.
ייִדישע יונגע קאָרבאָנעס, אאוו.

ווען א מוטער דערציט איר קינד,
וויפל קאָסט אָפּ בלוט און געזונט,
די מוטער, זי קען נישט אײַנרוען,
ווען עפּעס טוט וויי איר קינד.
זי האָט שוין דערלעבט א שטיקל נאכעס,
זי האָט שוין אזא קינד דערצויגן,
פּלוצלינג נעמט מען אים צו צו דער מילכאָמע
און מ׳זעט אים נישט מער פאר די אויגן.
ייִדישע יונגע קאָרבאָנעס, אאוו.

ווי לאנג נאָך וועט דאָס ווילדיקײַט עקזיסטירן
מיט איר שארפן טריט,
די מענטשן, מ׳טוט זיי רעגולירן,
מ׳צאפּט אויס פון זיי דאָס בלוט.
ווען וועט שוין די פרײַהײַט אָנקומען,
ווען וועט שוין דאָס ווילדיקײַט ווערן אײַנגעשלונגען,
דעמלט וועט זיך קאָנטשען די מילכאָמע,
און די פייגעלעך וועלן אָנהייבן פרײַ זינגען.
ייִדישע יונגע קאָרבאָנעס, אאוו.

א ליד, ליבע מענטשן, וועל איך אייך זינגען,
א ליד פון פרײַטיק אפדערנאכט;
די ליד, מענטשן, מעגט איר מיך אויסהערן,
ווען גאָט האָט מיר צו מײַן זיס-לעבן געבראכט.

אז אורעמעלע איז אפן וואָקזאל געקומען,
ארויסגעלאָזט האָט ער א גרויס געוויין:
— פארבלײַב געזונט, מײַן טײַערע מאמע,
גאָט ווייסט, צי מיר וועלן זיך נאָך אמאָל זען.

ווי דער פאָיעזד האָט זיך אָנגעהויבן רירן,
אפן ערשטן טרעפל איז ער געבליבן שטיין:
— אדיע, אדיע, מײַן פיל־געליבטע קאלע,
גאָט ווייסט, צי מיר וועלן זיך נאָך אמאָל זען.

ווי אורעמעלע איז אפ דער פאָזיציע אָנגעקומען,
געבליבן שטיין איז ער אליין,
איז צוגעגאנגען בערעלע, זײַן גוטער־ברודער:
— קום, אורעמעלע, לאָמיר ביידע גיין.

קום, אורעמעלע, איך וועל דיר עפעס זאָגן,
צוויי ווערטער וועל איך דיר זאָגן אפ א פלאן, —
ווען ס'וועט פון אונדז די ערשטע קויל טרעפן,
יענעמס מאמע זאָל מען איבערגעבן א ויסטע פסורע אין האנט.

ווי זיי זײַנען אין די אָקאָפעס ארײַנגעגאנגען,
געבליבן ליגן זײַנען זיי בלאס ווי די וואנט,
אזוי איז ארײַן א גערמאנסקע באָמבע,
אורעמעלען דערלאנגט און בערעלען געטראָפן אין האנט.

ווי בערעלע האָט אָ־דאָס דערזען,
ארויסגעלאָזט האָט ער א גרויס געוויין,
אזוי איז ער צוגעלאָפן צום גלאוונע פעלדשער:
— איך בעט דיך, דושעניו, לאָז מיך אָפ אהיים.

ווי בערעלע איז אין שטוב אָנגעקומען,
אזוי האָט זיך אורעמעלעס מאמע באלד דערוווסט:

— זאָג מיר, בערעלע, אוי, דעם ריכטיקן עמעס,
צי האָסטו מײַן זון אוורעמעלען ניט געזען?

— דעם ריכטיקן עמעס װעל איך אײַך זאָגן,
אײַער זון אוורעמעלען האָב איך דאָרט געזען,
אײַער זון אוורעמעלען האָט מען דאָרט דערהארגעט,
און אײַער זון אוורעמעלען װעט איר מיינ ניט זען.

װי אוורעמעלעס מאמע האָט אָ־דאָס דערהערט,
ארויסגעלאָזט האָט זי א גרויס געװיין,
גאנצ באַלגארסקע איז זיך צונויפגעלאָפן.
— מײַן זון אוורעמעלע װעט איר מיינ ניט זען.

21

אז איך בינ א קליינ ייִנגעלע געװעזן,
געװעזן בינ איך, מאמע, נאװענאד,
און צײַט, מאמע, מע האָט מיך אָפּגעגעבן,
קיינ גוטן טאָג האָב איך ניט געהאט.

װי מיר זײַנען צו גערמאניען אָנגעקומען,
די גערמאנצעס, זיי שטייען פאר אונדז גרייט,
די ערשטע פּוליע האָט דאָס מיך געטראָפן,
אז פון מײַנע פיס האָט דאָס מיך געלייגט.

װי מע האָט מיך אינ לאזארעט ארײַנגענומען,
די דאָקטוירים, זיי דרייען זיך ארום מיר;
אינ א טײַך בלוט ליג איך אײַנגעזאָטן,
די פּוליעס, מע שלעפּט זיי פון מיר.

א בריװעלע שרײַב איך צו מײַן מאמען,
שרײַבן שרײַב איך איר נאָר פון מײַן געזונט,
אז די רעכטע האנט האָט מען מיר אראָפּגענומען
און אפ מײַנע אויגן בינ איך שוין בלינד.

א בריװעלע, א בריװעלע שרײַב איך צו מײַן קאלע,
שרײַבן שרײַב איך איר נאָר פון מיר אליין,

אז די טנאָים זאָל זי שוין צערײַסן
און מיט א צווייט ייִנגעלע צו דער כופּע גיין.

כ׳האָב זיך גוזיאיעט מיט טאָווארישטשעס, —
צי האָט עס געהאַט א טאַם, —
ווו זשע נעמט מען שוין דעם לעצטן ברודער,
ער זאָל מיר שטעלן א צאַם.

22

דאָס פערצנטע יאָר איז אָנגעקומען — וויי, אוי־וויי!
פאַר א סאָלדאַט האָט מען מיך צוגענומען — וויי, אוי־וויי!
דרײַ טעג בין איך אין סירעסט געלעגן — וויי, אוי־וויי!
איך האָב געמיינט, איך וועל מײַן לעבן קערן — וויי, אוי־וויי!
איך בין אפּן שווארצן פעלד ארופגעקומען — וויי, אוי־וויי!
כ׳האָב געטראָפן מײַן טאָווארישטש אין בלוט שווימען — וויי, אוי־וויי!
און זײַן הארץ איז אים צעריסן — וויי, אוי־וויי!
פון מויל טוט דאָס בלוט זיך גיסן — וויי, אוי־וויי!
דאָרט שטייט א זעלנער אָן א צורע — וויי, אוי־וויי!
אָן א קײַוער און אָן א קוורע — וויי, אוי־וויי!
דאָרט און דאָרט טוט א פייגעלע פליִען — וויי, אוי־וויי!
סע טוט זיך זעצן בא זײַן קייווער אָפּרוען — וויי, אוי־וויי!
— פלי זשע, פייגעלע, פלי געשווינד — וויי, אוי־וויי!
זאָלסט זאָגן מײַן מאַמען, אז איך בין געזונט, — וויי, אוי־וויי!
פון מײַן טוים זאָלסטו איר ניט זאָגן — וויי, אוי־וויי!
ווײַל זי וועט וויינען און וועט קלאָגן — וויי, אוי־וויי!
ווי דער פויגל איז אין שטוב ארײַנגעפלויגן, — וויי, אוי־וויי!
ער האָט זי געטראָפן מיט פארווײנטע אויגן — וויי, אוי־וויי!
— וואָס זשע ווײנסטו, געטרײַע מוטער, — וויי, אוי־וויי!
דיר איז שלעכט, און אים איז ביטער — וויי, אוי־וויי!
ווען די זאמד וועט אנטרונען ווערן, — וויי, אוי־וויי!
דענסטמאָל וועט זיך דײַן קינד אומקערן — וויי, אוי־וויי!
— און די זאמד ווערט קיינמאָל ניט אנטרונען — וויי, אוי־וויי!
און מײַן קינד וועט קיינמאָל ניט קומען — וויי, אוי־וויי!
איך בין געבליבן אן אלמאָנע, צודערצו נאָך בלינד — וויי, אוי־וויי!
איך האָב פארשפּילט מײַן איין־און־איינציק קינד — וויי, אוי־וויי!
פון זינט ער איז קיין באַלטע אוועקגעפאָרן, — וויי, אוי־וויי!
אזוי האָט ער פארשפּילט זײַנע יונגע יאָרן — וויי, אוי־וויי!

אָן א קאסטן, אָן א מיטע — וויי, אוי-וויי!
אָן א פאָטער און אָן א מוטער — וויי, אוי־וויי!
נאָר דאָס פערדל דאָס געטרײַע — וויי, אוי־וויי!
טוט זיך נאָכגיין נאָך זײַן לעווײַע — וויי, אוי־וויי!

23

אפ די גרינע פעלדער, וועלדער,
וויי, וויי!
אפ די גרינע פעלדער, וועלדער
ליגט מיט קוילן באדעקט א זעלנער,
וויי, וויי!
ליגט מיט קוילן באדעקט א זעלנער,
און זײַן קערפער איז אים צעריסן,
וויי, וויי!
און זײַן קערפער איז אים צעריסן,
פון זײַנע ווונדן טוט בלוט פליסן,
וויי, וויי!
פון זײַנע ווונדן טוט בלוט פליסן,
נישט קיין אָרן און נישט קיין מיטע,
נישט קיין פאָטער און נישט קיין מוטער,
וויי, וויי!
ניט קיין פאָטער און ניט קיין מוטער,
נאָר דאָס פערד דאָס געטרײַע,
וויי, וויי!
נאָר דאָס פערד דאָס געטרײַע,
וואָס באגלייט אים צו דער לעווײַע,
וויי, וויי!
וואָס באגלייט אים צו דער לעווײַע.
נישטאָ, ווער עס זאָל נאָך אים א קאדעש זאָגן,
וויי, וויי!
נישטאָ, ווער עס זאָל נאָך אים א קאדעש זאָגן,
און נישטאָ, ווער עס זאָל נאָך אים א ליכט אָפּטראָגן,
וויי, וויי!
נישטאָ, ווער עס זאָל נאָך אים א ליכט אָפּטראָגן.
קומט א פויגל אָן צו פליִען,
וויי, וויי!
קומט א פויגל אָן צו פליִען,

אפ זײַנ קײװער זיכ אָפּרוען,
װײ, װײ!
— אוי, דו װאָראָנ, שװארצער פױגל,
װײ, װײ!
אוי, דו װאָראָנ, שװארצער פױגל,
נא דיר די הענט, לאָז אָפּ די אױגנ.
װײ, װײ!
נא דיר די הענט, לאָז אָפּ די אױגנ.
אוי, דו פױגל, פלי געשװינד,
װײ, װײ!
אוי, דו פױגל, פלי געשװינד
אונ זאָג אָנ די מאמענ, אז איכ בינ געזונט,
װײ, װײ!
אונ זאָג אָנ די מאמענ, אז איכ בינ געזונט,
פונ דעמ טױט זאָלסטו איר נישט זאָגנ,
װײ, װײ!
פונ דעמ טױט זאָלסטו איר ניט זאָגנ,
װײַל זי װעט, נעבעכ, װײנענ אונ קלאָגנ,
װײ, װײ!
װײַל זי װעט, נעבעכ, װײנענ אונ קלאָגנ.
קומט דער פױגל צו פליִענ אהײמ,
װײ, װײ!
קומט דער פױגל צו פליִענ אהײמ
אונ טרעפט מײַנ מאמענ טרױעריק שטײנ,
װײ, װײ!
אונ טרעפט מײַנ מאמענ טרױעריק שטײנ,
װײַל זי דענקט אָנ איר זונ באשטענדיק,
װײ, װײ!
װײַל זי דענקט אָנ איר זונ באשטענדיק,
עפשער איז ער נאָכ לעבענדיק,
װײ, װײ!
עפשער איז ער נאָכ לעבענדיק.
װענ די זאמד װעט װערנ צערונענ,
װײ, װײ!
װענ די זאמד װעט װערנ צערונענ,
װעט איר זונ פונ קריג אהײמ קומענ,
װײ, װײ!
װעט איר זונ פונ קריג אהײמ קומענ.

אוי, קיין זאמד עס ווערט נישט צערונען,
ווייַ, ווייַ!
אוי, קיין זאמד עס ווערט נישט צערונען,
זי האָט נישט קיין זונ, ער וועט נישט קומען,
ווייַ, ווייַ!
זי האָט נישט קיין זונ, ער וועט נישט קומען,
ווייַ, ווייַ!

---

# גויט, אַרבעט און קאמפּ

## 1. גויט

1

כ׳האָב פאַרקויפט מײַן שטוב און פעלד
און זיך געלאָזן אין דער וועלט.
נאָר ניט אהין און ניט אהער,
כ׳ווייס ניט ווו און ווייס ניט ווער.

האָב איך מיר ניט לאַנג געקלערט
און אײַנגעהאנדלט זיך א פערד.
אוועקגעפאָרן נאָר פון שטאָט,
מײַן פערד גייט ווײַטער ניט א טראָט.
נאָר ניט אהין אאוו.

כ׳האָב מײַן פערד פאַר האלב פאַרקויפט
און האָב א בעהיימע זיך געקויפט.
א גרויסע קו און שיין ווי גאָלד,
נאָר האָט זיך מעלקן ניט געוואָלט.
נאָר ניט אהין אאוו.

פאַרקויפט, פאַרקויפט די קו,
געקויפט א ציג, נאָר ניט געהאַט צו איר קיין גליק.

ווּ נאָר א גאָרטנ, א קעפּל קרויט,
אהא, מ׳שינדט איר שוינ די הויט.
נאָר ניט אהינ אאוו.

איצט וואנדער איכ מיר אפ דער וועלט,
מײַנ טאש איז פּוסט, ניטאָ קיינ געלט.
נאָר ניט אהינ אאוו.

2

אפ ברי —
אפ מאָרגנ נאָכ יאָנטויוויּם
גלײַכ אינדערפרי
אפּנ מארק מוז מענ לויפנ,
בולבעס מוז מענ קויפנ, —
אונ קיינ געלט איז אלצ ניטאָ!

אומאס —
אינ שטוב איז קאלט,
ווי אפּנ גאס,
די שויבנ איז אויסגעבראָכנ,
אונ ס׳איז ניטאָ וואָס צו קאָכנ,—
אונ קיינ געלט איז אלצ ניטאָ!

דעמ מעלאמעד קומט נאָכ פונ יענעמ זמאנ,
אונ דאָס מיידל האָט ניט א קאָפּעקע נאדאנ,
אונ דער באָכער
גייט מיט א צעריסענעמ...
אונ קיינ געלט איז אלצ ניטאָ!

3

אפ ברי,
ס׳איז ניטאָ וואָס צו געבנ עסנ דער קו,
דער זומער גייט אוועק,
אונ דער ווינטער קומט צוריק,
אונ קיינ געלט איז אלצ ניטאָ.

די שטיוול זײַנען צעריסן,
די קוטשמע איז צעשמיסן,
און קיין געלט איז אַלץ ניטאָ.

און דער דאך איז צעקראָכן,
די ווענט זײַנען צעבראָכן,
און קיין געלט איז אַלץ ניטאָ.

די שטוב פאַלט איַין,
דעם מעלאמעד קומט נאָך פאַר יענעם זמאַן,
און קיין געלט איז אַלץ ניטאָ.

אין דרויסן ווערט שטאַרק קאַלט,
די קאַמער פון האָלץ איז ריין ווי גאָלד,
און קיין געלט איז אַלץ ניטאָ.

אין דרויסן ווערן גרויסע בלאָטעס,
די שטיוול זײַנען גאָלע לאַטעס,
און קיין געלט איז אַלץ ניטאָ.

4

זונטיק בולבע, מאָנטיק בולבע,
דינסטיק און מיטוואָך בולבע,
דאָנערשטיק און פרײַטיק בולבע,
שאַבעס אין א נאָוועגע א בולבע־קוגעלע,
זונטיק ווײַטער בולבע.

אָבער בולבע, ווײַטער בולבע,
נאָכאַמאָל און ווידער בולבע,
שאַבעס נאָכן טשאָלנט א בולבע-קוגעלע,
זונטיק ווײַטער בולבע.

ברויט מיט בולבע, פיש מיט בולבע,
וואַרמעס און וועטשערע בולבע,
אָבער און ווידער בולבע,
שאַבעס נאָכן טשאָלנט א בולבע־קוגעלע,
זונטיק ווײַטער בולבע.

5

דירעגעלט און אוי־אוי־אוי!
דירעגעלט און באָזשע מאָי,
דירעגעלט און גאָראָדאָוואָי,
דירעגעלט מוז מען צאָלן.

קומט אַרײַן דער סטרוזש,
נעמט אראָפּ דאָס היטל,
און אז מע צאָלט קיין דירעגעלט,
העננט ער ארויס א קווימל.
דירעגעלט אאוו.

קומט אַרײַן דער באלעבאָס
מיט דעם גראָבן שטעקן,
און אז מע גיט אים קיין דירעגעלט,
שטעלט ער ארויס די בעטן.
דירעגעלט אאוו.

פארוואָס זאָל איך אײַך געבן דירעגעלט,
אז די קיך איז צעבראָכן?
פארוואָס זאָל איך אײַך געבן דירעגעלט,
אז איך האָב ניט אפּ וואָס צו קאָכן?
דירעגעלט אאוו.

6

האמאוודל ביינ קוידעש לעכויל —
וואָס טוט מען, עס גייט גאָר ניט וויל?
זאריינו — פאראנ, ווערנאספיינו — א ני,
דאָס שטיקל ברויט קומט אָן מיט מי!

יוים פּאָנאָ — דער שאבעס אוועק,
אזוי ווי א שאָטן פון בוים;
פון אלע שפּײַזן ניט געבליבן קיין זוים.
און באלד, אוי, וויי און אָך,
מאָרגן קומט די גליקלעכע וואָך.

מאָרגן דארף מען גיין אין קלייט —
ביטער, ביטער ווי דער טויט,
זיצן אפן גאנעק, ווי א צוגעבונדענער הונט,
און שרײַען: טאַמ מאלי פונט!

7

האמאוודל ביין קוידעש, ביין קוידעש לעכויל,
כאטויסיינו הו יימכויל,
זאריינו וועכאספיינו יארבע קאכויל,
וועכאקויכאָווים באלײַלאָ.

צינדט אָן די האוודאָלע
די לאנגע, די שמאָלע,
פאקט אָן די קעשענעס אפ א פולער וואָכ.
אז מע לייגט ניט ארײַן טאקע,
נעמט מען ארויס א מאקע,
דאָס האָב איך א סימען פון פאָריקער וואָכ.
האמאוודל אאוו.

מע דארף צאָלן דעם גוויר
כויוועס אָן א שיר,
עס בוז וועדן אלעס ארײַנגעבראכט.
און דאָ, טאטע געטרײַער,
איז אפילע ניטאָ קיין דרײַער,
כאָטש קוילעט מיך אוועק אינמיטן דער נאכט.
האמאוודל אאוו.

8

אין בעט ליגט מײַן שיינדל,
מיט איר — דאָס קליינע קינד,
אין שטוב איז ניטאָ קיין שפענדל,
אין פענצטער בלאָזט זיך דער ווינט.

דער ווינטער, דער ווינטער איז שוין דאָ,
שרײַט זשע, קינדער אלע, קיין קויעך איז ניטאָ,
ס'איז שוין געקומען דער ווינטער,
דער ווינטער איז שוין דאָ.

9

— שטיי אופ, מײַן מאנ, טו אָנ דײַנע טאכטוינים
אונ גיי דיר שוינ זוכנ אפ שאבעס.
אונדזערע שכיינים זײַנענ אויכ געמיינע —
זיי האָבנ דעמ שאבעס פארפרי;
מיר קומט ער מיט נויט,
איכ עס מיר ניט אָנ זאט מיט קיינ ברויט.
איכ האָב ניט קיינ לעפל, קיינ גאָפל, קיינ טעפל,
דאָס קלייטל דערגייט מיר די יאָר,
אונ איכ האָב נאָכ אפ פורימ קיינ האָר...
שטיי אופ, מײַנ מאנ, שטיי אופ פונ דײַנ שלאָפ.

10

— אוי, מײַנ מאנ, וואָס וועט זײַנ מיקויעכ בורעקעס?
— הער, מײַנ ווײַב, ביז פײַסעכ איז נאָכ דרײַ וואָכנ,
בורעקעס וועלנ מיר לײַענ באמ שאָכנ, —
אונ קיינ געלט איז אלצ ניטאָ.

— אוי, מײַנ מאנ, וואָס וועט זײַנ מיקויעכ מאצע-מעל?
— הער, מײַנ ווײַב, גיי אינ קעלער,
נעמ די צינערנע טעלער
אונ פארמאשקנ באמ מעלער, —
אונ קיינ געלט איז אלצ ניטאָ.

— אוי, מײַנ מאנ, וואָס וועט זײַנ מיקויעכ שיכ?
— הער, מײַנ ווײַב, ניט האָב קיינ פאריבל,
איכ האָב אליינ קיינ פיצל שטיוול, —
אונ קיינ געלט איז אלצ ניטאָ.

11

אוי, מאזל, אוי, מאזל,
ווו ביסטו פונ מיר אנטרונענ,
איכ טו דיכ זוכנ אינ אלע ווינקעלעכ
אונ קאָנ דיכ ניט געפינענ.

איכ האָב דיכ געפונענ,
האָב איכ דיכ געטראָפנ שלאָפנ;

שטיי שוין אוף, מאזל מײַנס,
און גאָט זאָל דיך ניט שטראָפן.

דאָרטן, דאָרטן שווימט א שיפעלע,
איז עס פול, ניט ליידיק,
און אויב דער מענטש האָט קיין מאזל ניט,
פארפאלן איז ער אפ אייביק.

12

— גאָט, דו גאָט דערבארעמדיקער,
וואָס בין איך ניט קיין מאזלדיקער?
ווי מײַן מאמע האָט מיר געבאָרן,
איז שוין מײַן מאזל באלד פארלאָרן;
און ווי די באָבע האָט מיר צוגענומען,
האָט זי שוין מײַן מאזל ניט געפונען.
לײַטישע מאזאָלעס טוען אפ די וואסערן שווימען,
און איך טו זוכן, און טו ניט געפינען.
און די גאנצע וועלט בין איך ארומגעלאָפן,
און איך האָב מײַן מאזל ניט געטראָפן.

13

אוי, דאלעסל, —
נו-נו-נו,
אין אלע ווינקעלעך
דאָ ביסטו.
וואָלט איך דיר געהאָלפן,
האָב איך ניט פונוואנען,
בעט איך דיך, דאלעסל,
פארנעם זיך פונדאנען.

14

אפ דעם בוידעם שלאָפט דער דאך,
צוגעדעקט מיט שינדעלעך;
און אין וויגל ליגט א קינד
נאקעט, גאָר אָן ווינדעלעך.

האָפּ, האָפּ, אָט אזוי,
עסט די ציג פון דאך דעם שטרוי,
האָפּ, האָפּ, אָט אזוי...

אפּן בוידעם שטייט א וויג,
וויגט זיך דאָרט א שפּין אין איר;
ציט ער פון מיר דאָס כּיַעס אויס,
און דעם דאלעס לאָזט ער מיר.
האָפּ, האָפּ אאוו.

אפּן בוידעם שטייט א האָן,
און זיַן קאם איז פיַער־רויט;
זאָל מיַן וויַב ערגעץ באָרגן
פאר די קינדער א שטיקל ברויט.
האָפּ, האָפּ אאוו.

15

האָב איך מיר א בויד,
האָב איך מיר א בויד,
מיט קאָוואנע רעדער,
און דערצו צוגעדעקט
מיט א שווארצן לעדער.

אז די רעדער דרייען ניט,
און די אקסן ברענען,
שילט איך דעמאָלט דעם פערד:
„דער טיַוול זאָל אים נעמען!‟

אז קיין היי האָב איך ניט,
און קיין האָבער קויף איך ניט,
אז דער פערד וויל ניט גיין,
זעץ איך זיך און וויין און וויין.

וויל איך זיַן א כאזן,
האָב איך ניט קיין קאָל;

ווייל איך זייַן א שוסטער,
האָב איך ניט קיין נאָל.
אז די רעדער דרייען ניט אאוו.

ווייל איך זייַן א שמיד,
האָב איך ניט קיין קאָוואדלע;
ווייל איך זייַן א שענקער,
איז מייַן ווייַב א פאדלע.
אז די רעדער דרייען ניט אאוו.

16

בין איך מיר א קרעמערל,
בין איך מיר א קרעמערל,
לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־אייַן,
לוסטיק, פריילעך, פייַן.

— זאָג מיר, קרעמערל,
האָסטו מיט וואָס צו האנדלען?
האָסטו אין קרעמעלע
ראָזינקעס מיט מאנדלען?

— איך האָב אין קרעמעלע
פאר צוויי גראָשן סכוירע,
איך שלעפ דעם דאלעס,
און איך בענטש דעם בוירע...

בין איך מיר א שנייַדערל,
בין איך מיר א שנייַדערל,
לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־אייַן,
לוסטיק, פריילעך, פייַן.

— זאָג מיר, שנייַדערל,
ליבינקער און גוטער,
גיט דיר די נאָדל
גענוג אף ברויט מיט פוטער?

— איך מאך א וואָך
צוויי גילדן מיט א דרייַער,

איך עס נאָר ברויט,
ווייל פּוטער איז צו טייער.

בין איך מיר א שוסטערל,
בין איך מיר א שוסטערל,
לעב איך מיר טאָג-אויס, טאָג־איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.

— זאָג מיר, שוסטערל,
האָסטו וואָס צו קייען?
פעלט דיר אויסעט,
קריגסטו ווו צו לייען?

— קיינער לייט נישט,
קיינער גיט קיין אָרוועס;
איך בין א שוסטער,
גיי איך טאקע באָרוועס...

בין איך מיר א בלעכערל,
בין איך מיר א בלעכערל,
קלאפּ איך מיר טאָג־אויס, טאָג־איין,
לוסטיק, פריילעך, פיין.

— זאָג מיר, בלעכערל,
ווי גרויס איז בא דיר די נויט?
האָסטו בולקעס,
האָסטו כאָטש ברויט?

— איך זיצ און קלאפּ
בא יענעמ פרעמדע דעכער;
בא מיר אינ שטוב
דינט פונ אלע לעכער.

17

איך בינ קוימענקערער,
פינצטער איז מיין וועלט,

אז איך קער דעם קוימענ,
איז מײַנ לעבנ אײַנגעשטעלט.
ווענ ניט מײַנ בעזעמ,
ווענ ניט מײַנע הענט,
וואָלט דאָס גאנצע שטעטל
געוואָרנ אָפּגעברענט.

18

סלושײַ! ווער אי דאָ?
איכ, נעבעכ, אָרעמער שוימער!
פארוואָגלט איז פונ מיר די נאכט,
דער שלאָפ ברעכט מיר מײַנע ביינער,
צי דענ בינ איכ פונ אײַזנ געמאכט?
אלע באלעבאטימ אינ די בעטנ ליגנ
אונ פארברענגענ זיכ אינ פארגעניגנ,
נאָר איכ בינ איינער אליינ,
מײַנ קישנ איז א שטיינ.

★

## 2. ארבעט

1

ביז איכ זעצ זיכ מיר אוועק
צו זינגענ דאָס ליד,
האָב איכ שוינ קיינ הארצ פונ ווייטעק, —
ווי איכ בינ א ייִד!

אכ, מײַנע שמערצנ
קענ איכ פאר קיינעמ ניט דערציילנ,
מײַנ ווייטעק פונ מײַנ הארצנ
קענ מיר קיינ דאָקטער ניט היילנ!

ווו נעמט מענ די צײַט,
וואָס איכ בינ אלט געווענ דרײַ יאָר,

בא מײַן פֿאָטער־און־מוטער א לײַט,
קיינער ניט געאנטיקירט אפּ א האָר!

און הײַנט טוט זיך יעדער איינציקער
גיסן מיט מײַן בלוט.
איך שרײַ שוין מיט געוואַלדן:
— אוי-ווײ, עס איז ניט גוט!

ווי גוט קאָן מיר זײַן,
אז איך דאַרף עסן פֿון א פֿרעמדער האַנט.
צי דער פֿרישטיק קומט אַרויס פֿרי אָדער שפּעט,
שווײַגן מוז איך ווי די וואַנט.

און ווי ביטער איז דעם אָרעמען אַרבעטער,
צו זײַן גלײַכן ניט געפֿינען, —
אים איז צען מאָל ערגער
ווי פֿאַר א יאָוון צו דינען!

אז מע דינט זיך אויס דעם קייסער,
קומט מען פֿריש און געזונט,
בא דער באַלעבאָסטע ווערט מען אויסגעמוטשעט,
מ'האָט א ווערט ווי דער הונט!

אז מ'דאַרף בעטן באַם באַלעבאָס געלט,
דאַרף מען זיך שטעלן ווי פֿאַרן גרעסטן גענעראַל.
ער ענטפֿערט: — האָסט זיך נאָר איצטער געשטעלט,
צי דען איז בא מיר פֿון געלט א קוואַל?

פֿאַרדינ פֿריִער דײַן עסן,
געלט וועסטו קריגן מיטאַמאָל!
ער האָט שוין פֿאַרגעסן,
אז איך בין שוין באַלד אָפּגעוועזן א יאָר.

אז מ'זעצט זיך עסן,
הייבט אָן די באַלעבאָסטע מיט איר טפֿילע:
דער זייגער איז נאָך פֿאַר צען —
וואָס אײַלסטו זיך צו דער אכילע?

אָ־דאָ בלײַבט מען, ווי אָפּגעשמיסן,
און מע בלײַבט שוין שטיין,

מ׳מוז די וואָנצעס אָפּווישן
און צו דער ארבעט גיין.

אז ס׳מאכט זיך א פּאטשינקע,
א קאָפּקע צו פארדינען,
דאָ מוז מען דאָס באהאלטן,
דער באלעבאָס זאָל דאָס ניט געפינען.

דער באלעבאָס טוט ניט קוקן,
וואָס איך בין אזוי אָרעם, —
איך מוז דאָס באהאלטן
בעכאדריי כאדאָרים.

אז דער באלעבאָס געפינט,
פרעגט ער: — וואָס איז דאָס?
טאָ וואָס ענטפערט מען אים?
ער איז דאָך פּאָרט א באלעבאָס!

דאָ וויל איך זיך מיך אויסקאשערן,
איך זאָל בלייבן א ריינער,
ענטפערט ער: — איך וועל נאָכאמאָל געפינען,
וועל איך דיר אויסהאקן די ציינער!

אז דער באלעבאָס שטייט אויף אינדערפרי,
הייבט ער אָן צו שרייען: — דער זייגער איז
שוין ניין!

איר שטייט אויף צי ניט?
א כאָליערע זאָל אין אייך אריין!

דאָ הייבט ער אָן צו שרייען:
— איר׳ט שוין גיין באלד איבערבייסן?
דער ארבעטער וואָלט קענען,
וואָלט ער זיך פאר צאָרעס צערייסן!

פארן באלעבאָס, ווי מע טוט,
איז אים אלץ ניט געפעלן;
מארקיר אלץ, וואָס גוט, —
צופרידן קען מען אים ניט שטעלן!

מארקיר אלץ, וואָס בעסער,
פאר אים איז אלץ שלעכט;

ער מאכט קוילעס וואָס גרעסער,
און ער בלײַבט אַלץ גערעכט!

אַז מ׳זעצט זיך בײַ דער אַרבעט,
דעם רוקן אײַנגעבויגן,
מ׳שפּירט שוין ניט פון קיין פּיס,
מ׳האָט שוין ניט קיין אויגן.

און דאָ שלעפּט צו די באַלעבאָסטע
די שטיקעלע ברויט,
זאָגט זי נאָך אַ קלאָלע:
— מ׳זאָל דיך געפינען דערוואָרגענערהייט!

אַז מ׳זעצט זיך בײַ דער אַרבעט,
הייבט אָן די האַרץ צו צופּן און צו רײַסן,
אַז מ׳זעט, די באַלעבאָסטע שלעפּט אַן עק הערינג —
דאָס וועט זײַן דער גאַנצער איבערבײַסן.

און דאָ דאַרף זי נאָך גיין קויפן אַפּן וואָג
דעם פונטעלע ברויט, —
דאָ דאַרף מען זיצן ביז האַלבן טאָג
ניט געגעסענערהייט.

— איך וועל דיך כאַפּן, ווו דו גייסט,
וועל איך דיך פון שטוב אַרויסיאָגן;
איך וועל דיר ווײַזן, וואָס דאָס הייסט,
פאַר אַ באַלעבאָס קיין זאַך ניט צו זאָגן!

דאָ נעמט שוין ניט קיין פרײַמוט
אַרויסצוגיין דורכן טיר;
איך מוז אָננעמען פאַר גוט,
ווי עס מאַכט זיך מיט מיר.

אין דער היים בין איך געוועזן איידל,
אוי, וויי איז צו מיר;
און איצט, אַז איך רייד אויס אַ וואָרט מיט אַ
מיידל,
לאָזט ער שוין ניט לעבן ניט איר, ניט מיר.

ער האָט גאָר ניט קיין ראכמאָנעס
אפ מײַנע יונגע יאָרן;
איך וואָלט וועלן פּאָטער ווערן פון מײַנע צאָרעס
און אין דער היים אוועקפאָרן!

2

ווער סטראדאיעט נאָך אזויפיל אפ דער וועלט
ווי איך, נעבעך, אָרעמער ארבעטסמאן.
איך בין פארקויפט צו דעם מענטש פון דעם געלט,
און איך שטיי, ווי דאָס פערד אין געשפאן,
דעם קאָפּ איינגעבויגן צו דער מאשין,
אלעס צוליב דעם שטיקעלע ברויט,
כ'מעג אפילע גיין אהער און אהין,
איבעראל פארפאָלגט מיך די נויט.

דער מײַסטער אין דער שטיל,
ער טוט מיט מיר, וואָס ער וויל,
ער צעשטערט מיר מײַנע אלע געפילן;
ווײַל דאָ אין פאבריק,
דאָ איז מײַן גליק, —
דעם הונגער מוז איך שטילן.

דער פאבריקאנט, אײַ, דער טיראן,
ער מאכט פון מײַן בלוט, אוי, ווײַן,
דאָס בלוט, וואָס ער צאפּט פון מיר אויס,
דאָס גייט אין זײַן קערפּער ארײַן.

ס'איז פאראנען קינדער אויך אין מײַנע יאָרן,
דאָך קליגער זײַנען זיי נישט פון מיר,
אין רײַכטום, אין לוקסוס זײַנען זיי געבוירן,
מיט וויסנשאפט גאָר אָן א שיר.

אָנשטאָט אין פאבריק גייען זיי אין שולע,
זיי לערנען זיך בילדן און שרײַבן;
מיט זיי איז אויך שוין די גאנצע וועלט איבערפולט,
זייערע עלטערן טוען פון זיי נאכעס קלײַבן.

אָבער איך, אָרעם קינד,
פארבליבן בין איך בלינד,
אָן וויסנשאפט, אָן אַלע געפילן,
ווײַל דאָ אין פאבריק,
אוי, דאָ איז מײַן גליק, —
דעם הונגער מוז איך שטילן.

איך בין דאָך אויך פון מענטשן געבוירן,
פון עלטערן, פון א גאנץ שיינעם הויז,
צײַט איך האָב מײַנע עלטערן פארלוירן,
אין פינצטערן קעלער איז געוואָרן מײַן הויז.
איך בין געבליבן עלנט, נעבעך, איינער אליין,
עלנט, פון מענטשן פארטריבן,
קיין טאלענט זיך צו לערנען האָב איך נישט געהאט,
דארום האָב איך מיך אין פאבריק אײַנגעשריבן.

דער מײַסטער אין דער שטיל,
ער טוט מיט מיר, וואָס ער וויל,
ער צעשטערט מיר מײַנע אלע געפילן;
ווײַל דאָ אין פאבריק,
דאָ איז מײַן גליק, —
דעם הונגער מוז איך שטילן.

3

פעלדער, סעדער און ווײַנגערטנער
ארבעט אויס דער ארבעטסמאן, —
גיט א קוק, אוי־ווײ, ווער עסט די פרוכטן פון זיי,
נאָר דער קאפיטאליסט, ניט דער ארבעטסמאן.

דאָמען, מויערן און פאלאצן
ארבעט אויס דער ארבעטסמאן, —
גיט א קוק, אוי־ווײ, ווער עס וווינט אין זיי,
נאָר דער קאפיטאליסט, ניט דער ארבעטסמאן.

פליוש, סאמעט, אטלעס און זײַדנס
ארבעט אויס דער ארבעטסמאן, —

גיט א קוק, אוי־ווי, ווער עס גייט אין זיי,
נאָר דער קאפיטאליסט, ניט דער ארבעטסמאן!

דער ארבעטסמאן וווינט אין א קעלער,
סירעסט רינט בא אים פון די ווענט,
דערפון באקומט ער רעוומאטיזם־פעלער
אין די פיס און אין די הענט.

4

אין דרויסן גייט א רעגן, אין דרויסן גייט א רעגן,
און סע שיט א שניי, א שניי;
ביינע יונגע יאָרן האָב איך אָנגעווירן,
זיצנדיק שטענדיק באם געניי.

טאָג אזוי ווי נאכט, נאכט אזוי ווי טאָג,
שטענדיק מיט דער נאָדל געשטאנען,
איך האָב שוין נישט קיין גאנץ ביינדעלע,
זיי זיינען שוין מיר אלע צעבראָכן.

זומער אין די גרויסע היצן
טוט מיין קעפעלע מיר וויי:
נישט אזוי פון די גרויסע היצן,
נאָר פון פרי אופשטיין.

אז כ׳קום זיבן אזייגער,
זאָגט די מייסטערקע: „ס׳איז גוט“.
און אז כ׳קום א פערטל אפ אכט,
פארצאפט זי מיר מיין בלוט.

ליג איך מיך, אוי, שלאָפן,
דערמאָן איך מיך, אז כ׳דארף אופשטיין,
מיט מיינע קראנקע ביינער
צו דער ארבעט צו גיין.

אז מיין מאמעליו ברענגט מיר עסן מיטיק,
טוט די מייסטערקע רימען,

און אַז כ'נעם דעם ערשטן לעפל,
טוט זי מיר נישט פאַרגינען.

זיץ איך מיר בײַ מײַן אַרבעט
און טרינק מיר אַ גלעזעלע טיי,
קומט אַרײַן די מײַסטעראָווע
און זאָגט: „ווינד און וויי".

5

— אַ שנײַ, מאַמע, אַ שנײַ, ליובע,
און אַ שנײַ מיט אַ רעגן.
די מאַמע מײַנע האָט מיך אויסגעקלאָוועט
פאַרן שנײַדערס וועגן.

פון די שנײַדערס, מאַמע, אויסצוהאַלטן
איז זייער ביטער.
דעם דריטן טאָג אַ שטיקל ברויט צו עסן,
אַבי אין דער היים בײַ דיר, מוטער.

איך שטיי אויף, מאַמע, גאַנצפרי
און גיי מיר צו מײַן אַרבעט,
איך גיי זיך צו צו די אַלטע יאַטקעס,
און איך וויל זיך עפּעס קויפן,
איך גיב אַ קוק, עס איז שוין האַלב זעקס אַזייגער,
מע דאַרף שוין גיכער לויפן.

טאָמער קום איך, מאַמע, פריִער מיט צען מינוט,
זאָגט דער שנײַדער, אַזוי איז גוט.
טאָמער קום איך שפּעטער מיט צען מינוט,
צאַפּט מיר דער שנײַדער דאָס בלוט.

איך זעץ זיך, מאַמע, עסן דעם ווײַסטן ביסן,
ער טוט מיר ניט באַקומען.
דער שנײַדער שעלט איבערן גרוב,
פאַר מוירע מוז מען, נעבעך, שטומען.

זומער, מאמע, אין די גרויסע היצן,
דער קאָפּ טוט מיר וויי,
אויסצוהאַלטן פון וויסטן שניידער,
פון דעם פינצטערן געניי.

6

— א שניי, מאמע, א שניי, מוטער,
א שניי מיט א רעגן,
אף וואָס זשע האָסטו מיך אויסגעהאָדעוועט
פונעם שניידערס וועגן?..

פון א שניידער אויסצוהאַלטן
איז דאָך זייער שלעכט,
און אז סע יאווועט זיך א ספּיעשקעלע,
שלאָפן מיר ניט די נעכט.

גאַנצע נעכט טוען מיר ניט שלאָפן,
און גאַנצע נעכט אָן עסן.
פון וואָס זשע נעמט זיך דען א קאַפּווייטעק,
אז ניט פונעם וויסטיקן פּרעסל?

פון א שניידער אויסצוהאַלטן
איז דאָך זייער ביטער,
בעסער דעם דריטן טאָג א שטיקל ברויט,
אבי נאָר בא דער מוטער.

אז איך קום אכט אזייגער,
זאָגט ער, אז ס׳איז שפּעט,
און אז איך זעץ זיך צו דער ארבעט,
צאַפּט ער מיין בלוט.

7

אין דרויסן איז פינצטער, אין דרויסן איז כמארנע,
סע וועט דאָך באַלד גיין א שניי, א שניי,
אזוי זיינען אוועקגעגאַנגען, אוי, מיינע יונגע יאָרן,
זיצנדיק שטענדיק באַם געניי.

האָדי שוין צו וויינען, האָדי שוין צו קלאָגן,
דו וועסט מאכן אפ דיין ארבעט א פלעק, א פלעק.
אָט באלד וועט אריינגיין דער מייסטער דער מערדער
און טרייבט אונדז פונדאנען אוועק.

די מאשינען נייען, און די רעדער דרייען,
און אין צימער איז הייס,
אזוי זיינען אוועקגעגאנגען אונדזערע יונגע יאָרן
מיטן בלוטיקן שווייס...

זיינע קינדער גוליאיען, זיי לייענען דאָרט גאזעטן,
זיי זאָגן — שאָקאָלאד איז זיס.
זאָלן זיי פארזוכן דעם טאם פון דער ארבעט,
צו אויסשטיין א טאָג אפ די פיס.

וויאזוי זאָלן מיר ניט מעקאנע זיין דעם באלעבאָס אליין,
וויאזוי ער לעבט זיך אויס בארוט זיינע יאָר, —
ער זיצט אין טראקטיר און טרינקט א פלעשל ביר,
און מיר אלע ארבעטן אפ אים נאָר.

קאק זשע ניע זאווידאָוואט נאשעמו כאָזיאינו,
קאק אָן ראָסקאָשנאָ זשיוויאָט,
טשיי פאָפיוואיעט, גאזעטו פאָטשיטאיעט,
א נאס נא ראבאָטו שליאָט.

8

גיי איך מיר אין פאבריקע,
דער זייגער איז שוין אכט,
דער זייגער איז שוין אכט,
קום איך מיר אין פאבריקע
און בלייב מיר שטיין פארטראכט.

אך, גרויסער גאָט,
זאָג זשע דו אליין,
צי האָב איך אן אנדער האָפענונג —
אין פאבריקע צו זיין.

גיי איך מיר אין פאבריקע,
דער זייגער איז שוין נײַן,
דער זייגער איז שוין נײַן,
קום איך צו גיין אין פאבריקע,
לאָזט מען מיך ניט אַרײַן.
אך, גרויסער גאָט, אאוו.

גיי איך מיר אין פאבריקע,
דער זייגער איז שוין צען,
דער זייגער איז שוין צען,
קום איך צו גיין אין פאבריקע,
האָב איך קיינעם ניט געזען.
אך, גרויסער גאָט, אאוו.

גיי איך מיר אין פאבריקע
איבער די קני אין שניי,
איבער די קני אין שניי,
קום איך צו גיין אין פאבריקע,
אין הארצן טוט מיר וויי.
אך, גרויסער גאָט, אאוו.

גיי איך מיר אין פאבריקע
איבער די קני אין בלאָטע,
איבער די קני אין בלאָטע,
קום איך צו גיין אין פאבריקע,
אין הארצן איז מיר סוכאָטע.

אך, גרויסער גאָט,
זאָג זשע דו אַלײן,
צי האָב איך אן אנדער האָפענונג —
אין פאבריקע צו זײַן.

9

שפעט גיי איך מיך לייגן,
פרי מוז איך אופשטיין,

מיט מײַנע קראנקע ביינער
צו דער ארבעט צו גיין.

קום איך צו דער ארבעט,
זאָגט מען מיר, ס׳איז שפעט;
זאָג איך א טערעץ,
אז כ׳האָב א ווײַטנ וועג.

— דאָס איז בא מיר קיינ טערעץ,
וואָס דו האָסט א ווײַטנ וועג,
נאָכאמאָל זאָלסטו נישט קומענ
צו דער ארבעט אזוי שפעט.

ניי איך אופ די בלוזקע,
זאָגט מען, אז איך ניי נישט גוט;
טראָג איך זי אָפּ צום קונדשאפט,
ווארפט מען זי מיר צוריק.

נאָדלענ קאָנ איך צעברעכנ
צענ אפּ דער מינוט,
מײַנע הענט ווערנ צעשטאָכנ,
אז ס׳רינט פונ זיי דאָס בלוט.

הייב איך אָנ צו וויינענ,
איך קענ נישט אופהערנ,
אכ, ווי דערלעב איך שוינ
דאָס שנײַדערײַ פאָטער צו ווערנ.

10

צו וואָס בינ איך געבוירנ א שנײַדער צו זײַנ,
זשאקעטנ צושטעלנ צענ דורכ דער מינוט —
אוי, אויס מײַנע הענט
שפּראָצט ארויס דאָס בלוט.

איידער כ׳גיי מיכ לייגנ,
דארפ איך פרי אופשטיינ.
מיט מײַנע קראנקע ביינדעלעכ
צו דער ארבעט מוז איך גיינ.

קום איך צו דער ארבעט,
זאָגט דער מײַסטער: — ס׳איז צו שפּעט.
האָב איך א טערעץ:
— כ׳האָב געהאט א ווײַטן וועג.

— נאָכאמאָל צו דער ארבעט
קום נישט אזוי שפּעט,
ס׳איז נישט קיין טערעץ,
אז דו האָסט א ווײַטן וועג.

גיי איך אהיים צו מײַן מוטער
און זעץ מיך אנידער בא דעם טיש,
קומט אריַין דער מײַסטער יאנקעלע:
— צו דער ארבעט אזוי שפּעט נאָכאמאָל נישט.

11

אונדזערע יאָרעלעך גייען אונדז אוועק
מיט היץ און מיט רויך, אוי, אוי!
גיט נאָר א קוק, ווי א ייִד פון זעכציק יאָר,
ער האָט שוין מיין פון אונדז קויעך.

אזוי ווי א מיל, וואָס זי ארבעט קעסיידער,
האָט זי בא גאָט אן אָפּשטאנד, אוי!
שאבעס פארנאכט, מע זעט נאָך ניט קיין שטערן,
מיר האַלטן שוין דאָס פײַער אין דער האנט.

אוי, זומער אין די היצן און ווינטער אין די קעלטן,
אוי, מיר שטייען באם פײַער סײַ באטאָג און סײַ באנאכט, אוי, אוי!
פארשאָלטן זאָל ווערן דער דאָזיקער מענטש,
וואָס ער האָט דאָס בעקערײַ אויסגעטראכט.

12

אין דרויסן גייט זיך א דראָבניטשקע רעגנדל,
און די וואָלקנס זײַנען זיך צעשפּרייט;
צײַט איך האָב מיך אין די בעקערײַ אנטשלאָסן,
אזוי האָב איך מיר דעם קאָפּ פארדרייט.

אוי, אלע באלמעלאָכעס, אוי, אלע באלמעלאָכעס,
זיי ארבעטן אויכעט מיט א ציל,
אוי, גיט א קוק צו אונדז אין די בעקערײַ,
זי רוישט דאָך ווי א מיל.

אוי, א מיל, זי מאָלט, זי מאָלט קעסיידער,
זי האָט איר אָפּשטאנד איין מינוט;
אוי, גיט א קוק אפ אונדזערע בעקער־ארבעטער,
צי זיי האָבן איין טראָפּן בלוט.

אוי, אונדזערע טעג מיט אונדזערע יאָרן
גייען אוועק מיט היץ און מיט רויך;
פון טייגן קנעטן, אוי וויי מיר, נעבאך,
האָב איך דאָך שוין נישט קיין קויעך.

13

אין דרויסן גייט א דראָבנינקער רעגן,
אוי, די וואָלקענעס, זיי האָבן זיך פארשפּרייט;
צײַט איך האָב נאָר די בעקערײַ דערקענט,
אזוי האָט עס מיר דעם קאָפּ פארדרייט.

א מיל, אז זי מאָלט, מאָלט זי קעסיידער,
אוי, זי מאָלט אלץ מיט א ציל;
קוקט נאָר אראָפּ צום בעקער אין די בעקערײַ,
עס דרייט זיך אזוי ווי אין א מיל.

א מיל מאָלט, מאָלט זי קעסיידער,
איר אָפּשטעל איז אויך פאראנען איין מינוט,
קוקט נאָר אָן דאָס קלענסטע בעקער־יינגל,
צי ער האָט אין זיך א טראָפּן בלוט.

דער בעקער מיט די בעקערן, זיי קומען אין די בעקערײַ
לויט זייער ריכטונג און לויט זייער שטייגער;
זי גייט אָנגעטאָן א פּאָר בריליאנטענע אויערינג,
און דער בעקער־מײַסטער אין א גאָלדענעם זייגער.

זיי נעמען אין די הענט אריַין צו באקוקן די בייגל,
צי זיי זײַנען נישט גרויס, צי זיי זײַנען נישט קליין.

— הער נאָר צו, דו בייגל־מאכער,
דו מעגסט שוין פון דער ארבעט גיין.

דער בייגל-מאכער, ער טוט זיך פארענטפערן,
אז די פלעכטלעך זיינען געוועזן גראָב;
דער בעקער דער מערדער, ער כאפט א שטיק האָלץ
און צעהאקט דעם פלעכטל־מאכער דעם קאָפּ.

דער אויוון-מעשאָרעס, ער שטייט בא דעם אויוון,
די בייגל זיינען א ביסל פארברענט.
— הער נאָר צו, דו אויוון־מעשאָרעס,
דו ביסט שוין פון דער ארבעט פרעמד.

דער אויוון־מעשאָרעס, ער טוט זיך פארענטפערן:
— כ'בין געוועז די נאכט מיד.
דער בעקער־מייסטער דער מערדער, ער גיט אים אן ענטפער:
— פאר מיינסטאלבן קענסטו שטארבן אין גרוב.

וועלכער ארבעטער קאָן שוין גוט זיין,
און וועלכער קאָן שוין פאר דעם בעקער טויגן,
דעמלט, ווען ער קריגט שוין א פּאָר קרומע פיס
און דערצו א פּאָר בלינדע אויגן.

14

שנעל דרייען זיך די רעדער, עס קלאפּן די מאשינען,
די פאבריק פון דער באָניפראטן גאס;
דער קאָפּ ווערט פארטומלט, די אויגן ווערן פינצטער,
פינצטער פון ארבעט און פון שוויס.

— הער שוין אוף, דו ארבעטער, טרערן צו פארגיסן,
דו מאכסט דאָך אפּ דער ארבעט א פלעק.
באלד ווען אריינקומען דער מייסטער דער מערדער,
טרייבט ער דיך פון דער ארבעט אוועק.

— פארוואָס זאָל איך נישט וויינען, פארוואָס זאָל איך נישט קלאָגן,
קוקט אים נאָר אָן, ווי דיק און ווי רויט,
ער זויפט זיך דאָס ביר, ער רייכערט די ציגארן,
ער ווייסט נישט פון קיין הונגער און קיין נויט.

דאָ קומט אַרײַן דער מײַסטער, אַזוי ווי אַ ווילדע כײַע,
און יאָגט צו דער שכיטע די שאָף.
— ווי לאַנג וועט איר דערוואַרטערן, איר אַרבעטער, אײַערע ברידער,
שטייט אויף און מאַכט פון דעם מײַסטער אַ סאָף.

15

עס קאַטשען זיך די רעדער און עס קלאַפּן די מאַשינען,
אין פאַבריקע איז שמוציק און הייס,
דער קאָפּ ווערט צעטומלט, די אויגן ווערן טונקל,
טונקל פון טרערן און פון שווייס.

— הער נאַר, דו אַרבעטער, הער שוין אויף צו וויינען,
דו מאַכסט דאָך אַפּ דער אַרבעט אַ פלעק;
באַלד וועט אַרײַנקומען דער מײַסטער דער מערדער,
אַזוי טרײַבט ער דיך פון דער אַרבעט אַוועק.

— פאַרוואָס זאָל איך נישט מעקאַנע זײַן דעם מײַסטער דעם מערדער,
ער איז דאָך אַזוי דיק און רויט;
ער זיצט זיך אין סטאָלאָווע
און קאַטשעט זיך די גלאָז קאַווע,
און פון אַרבעטער נאָגט ער אויס זײַן בלוט.

פאַרוואָס זאָל איך נישט מעקאַנע זײַן דעם מײַסטער דעם מערדער,
ער איז דאָך אַזוי דיק און רויט;
ער זיצט זיך אין קוואַרטיר
און קאַטשעט די גלאָז ביר,
פון אַרבעטער נאָגט ער אויס זײַן בלוט.

16

מיר זענען דאָך אָרעמע אַרבעטער,
מיר אַרבעטן דאָך שווער ווי דער טויט,
מיר אַרבעטן זיך אויס אונדזערע יונגע ביינדעלעך,
מיר האָבן נישט קיין שטיקעלע ברויט.

שלעכטע יאָרן, ביטערע צײַטן,
וואָס עס לעבן מענטשן, אוי, אַצינד;

ס׳קומט זיי צו פון אַלע זײַטן,
א ליאדע טאָג א נײַער ווינט.

מיר זעמיר דאָך געבוירענע קאפּצאָנים:
מיר וואקסן אזוי ווי גראָז אפן פעלד;
מיר פאלן נעבעך אפן פּאָנעם,
ווער פון הונגער, ווער פון קעלט.

מ׳טרײַבט אונדז, ארבעטער, פון די פאבריקן,
מ׳טרײַבט אונדז מיט א ווילדן האס;
ס׳קומט אונדז אויס צו גיין זיך טרינקען,
ענטפער שטארבן א׳נמיטן גאס.

17

איך שטיי דאָך אוף גאנצפרי
פון דער הוילער באנק,
דער גוף איז פארטריקנט,
און איך בין טויט קראנק.

אז וויי צו מיר
און אז וויי צו מײַנע יאָרן,
וואָס איך בין פון דער היים אוועקגעפאָרן.

איך שטיי דאָך אוף גאנצפרי,
איך זעצ מיך צום געניי,
דער גוף איז פארטריקנט,
איך וויל א גלעזל טיי.
אז וויי צו מיר אאוו.

איך זאָג דער באלעבאָסטע:
— גיט מיר עפּעס עסן.
זי הייבט זיך אָן צו דרייען,
זי מיינט, איך וועל פארגעסן.
אז וויי צו מיר אאוו.

18

— באלעבאָסטע, — זאָג איכ, —
גיט מיר עפעס עסנ! —
זי דרייט זיכ, זי פרייט זיכ,
זי מיינט, איכ וועל פארגעסנ.

אונ אוי, וויי,
וויי צו מײַנע יאָרנ,
וואָס האָב איכ באדארפט
פונ דער היימ אוועקפאָרנ.

— באלעבאָסטע, — זאָג איכ, —
גיט מיר נעכטיקע טייגלעכ. —
זי דרייט זיכ, זי פרייט זיכ,
זי מיינט, איכ בינ טויבלעכ.
אונ אוי, וויי, אאוו.

די באלעבאָסטע זאָגט מיר:
— עס, מײַנ קינד, צו זאט! —
אינ הארצנ טראכט זי זיכ:
„דו עסט ווי א סאָלדאט!"
אונ אוי, וויי, אאוו.

— באלעבאָסטע, — זאָג איכ, —
גענוג שוינ געליטנ,
גענוג שוינ, גענוג שוינ,
די צײַט האָט זיכ געביטנ.
אונ אוי, וויי, אאוו.

19

די באלעבאָסטע גייט ארײַנ, האָפ, דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, שטיל זאָל זײַנ, האָפ, דונײַ, דונײַ!

די באלעבאָסטע שטייט אונ קוקט, האָפ, דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, ארבעט גוט, האָפ, דונײַ, דונײַ!

די באַלעבאָסטע שטייט אין קיך, האָפּ, דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, וואַרפט מיט שטעכ, האָפּ, דונײַ, דונײַ!

די באַלעבאָסטע שטייט אין זאַל, האָפּ, דונײַ, דונײַ,
ס׳ווערט אין איר צעזעצט די גאַל, האָפּ, דונײַ, דונײַ!

די באַלעבאָסטע קויפט סכוירע, האָפּ, דונײַ, דונײַ,
ס׳זאָל איר זײַן מאַקעס־בכוירעס, האָפּ, דונײַ, דונײַ!

די באַלעבאָסטע שטייט אַפּ דער טיר, האָפּ, דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, אַ מאַקע איר, האָפּ, דונײַ, דונײַ!

די באַלעבאָסטע שטייט אַפּ דער שוועל, האָפּ, דונײַ, דונײַ,
ס׳זאָל פון איר ווערן אַ טעל, האָפּ, דונײַ, דונײַ!

די באַלעבאָסטע גייט אַרויס, האָפּ, דונײַ, דונײַ,
כעוורע, כעוורע, לאַכט זי אויס, האָפּ, דונײַ, דונײַ!

20

זונטיק אינדערפרי,
דער האָן גיט אַ קריי,
מיר דאַנזשען נישט אויסצוטרינקען
ס׳גלעזעלע טיי.

אוי, מײַנע גוטע-ברידער,
וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט,
מיר אַרבעטן, מיר אַרבעטן,
מיר האָבן נישט קיין געלט.

מאָנטיק אינדערפרי,
דער זייגער שלאָגט שוין נײַן,
מיר גייען צו דער אַרבעט,
דער מײַסטער לאָזט שוין אַרײַן.
אוי, מײַנע גוטע-ברידער, אאוו.

דינסטיק אינדערפרי,
דער זייגער שלאָגט שוין צען,

מיר גייען צו דער ארבעט,
דער מײַסטער זאָל נישט זען.
אוי, מײַנע גוטע-ברידער, אאוו.

מיטוואָך אינדערפרי,
מיר בלײַבן שטיין אונטער דער טיר,
א ליאדע הויר
מאסערט אפ מיר.
אוי, מײַנע גוטע-ברידער, אאוו.

דאָנערשטיק אינדערפרי,
מיר ארבעטן געשווינד,
מיר רעדן דעם מײַסטער — די וויפלאטע,
דער מײַסטער — האָט נישט אצינד.
אוי, מײַנע גוטע ברידער, אאוו.

פרײַטיק אינדערפרי,
דער מײַסטער הייסט זיך זעצן:
— הערט נאָר אויס, גוטע-ברידער,
אָן געלט מעגט עץ פארגעסן.

אוי, מײַנע גוטע-ברידער,
וואָס איז דאָס פאר א וועלט,
מיר ארבעטן, מיר ארבעטן,
מיר האָבן נישט קיין געלט.

21

— קום נאָר אהער, דו, מײַן געליבטער,
דאן וועל איך דיר דײַטלעך דערקלערן:
שפעטער אָדער פריִער,
ענטדעקן מוז איך דיר,
אז פון אונדזביידע קען דאָך גאָרנישט ווערן.

באטאָג און באנאכט
ליג איך נאָר און טראכט,
איך טו נאָר פון דיר קלערן,
ווײַל דו ביסט א רײַכנס א זון,

און איך בין אן אָרעמע ארבעטס־מיידל;
ווי קומסטו דו זאָלסט ליבן מיך,
צי בין איך דען אזוי שיין און איידל?

דו מאכ דאָך נישט קיין שפאס
פון דעם ארבעטער־קלאס,
דער ארבעטער האָט בא אייך קיין ווערט;
נו, מאכ זשע נישט קיין שפאס
פון דעם ארבעטער־קלאס.
מיסטאמע ביטסו מיר נישט באשערט.

אזוי א צייט א ליבע אָפגעפירט,
אופגעעפנט מענטשן די אויגן,
מענטשן האָבן מיך מעקאנע געווען,
אז איך פארבלייב א יונגע גרעפין.

יעצט ליגט אפ מיינעם הארץ
אן אינערלעכער שמערץ,
ווער קאָן דען היילן מיינע ליידן;
ווער קאָן דען היילן
מיין אינערלעכן שמערץ,
אז מיר ביידע מוזן מיר זיך צעשיידן.

אוי, דער אָנפאנג פון דער ליבע איז זייער זיס,
אָבער די ענדע איז דאָך זייער ביטער;
פארוואָס האָב איך נישט געפאָלגט,
וואָס ס'האָט צו מיר געזאָגט מיין מוטער:

— הער נאָר, טאָכטער מיין,
זיי נאָר גוט און פיין,
ווי קומט א רייכער מאן צו אן אָרעם ארבעטס-מיידל?
אוי, הער נאָר, טאָכטער מיין,
צי איז ער אזוי פיין,
שפעטער וועט ער זיין א שארלאטאן.

כ'האָב נישט געטאָן מיין מוטערס רייד צוהערן,
כ'בין מיט אים ווייטער געגאנגען,
ער האָט בא מיר מיין ערע גערויבט,
און א רייכערע האָט ער זיך גענומען.

יעצט ליגט אפ מײַנעם הארצ
אנ אינערלעכער שמערצ,
ווער קאָנ דענ היילנ מײַנע ליידנ;
ווער קאָנ דענ היילנ
מײַנ אינערלעכנ שמערצ,
אז מירביידע מוזנ מיר זיכ צעשיידנ.

22

דער אָנפאנג פונ דער ליבע איז זייער גוט,
די ענדע — איז טרויעריק אונ ביטער.
צי געדענקסטו, וואָס מײַנ מאמעליו האָט מיר געזאָגט?
כ'האָב נישט געוואָלט פאָלגנ מײַנ מוטער.

— זײַ ערלעכ אונ פײַנ,
וועט דיר, מײַנ קינד, גוט זײַנ.
ווי קומט א רײַכער מאנ צו אנ אָרעמ קינד?
ווער ס'האָט נאָר געלט
איז א קלוגער אפ דער וועלט,
אונ ווער קענ זיכ גלײַכנ צומ רײַכנ.

— קומ אהער, מײַנ געטרײַער כאָסנ,
קומ אהער, וועל איכ דיר עפּעס זאָגנ;
יעצט גיב איכ דיר צו דערקלערנ,
אונ שפּעטער וועל איכ דיר עפּעס זאָגנ.

שפּעטער אָדער פריִער —
ענטדעקנ מוז איכ דיר:
פונ אונדזער ליבע קאָנ דאָכ גאָרנישט ווערנ.
באטאָג אונ באנאכט
ליג איכ נאָר אונ טראכט —
אמ־יינסטנטייל טו איכ נאָר וועגנ דיר קלערנ.

דו ביסט אזא רײַכער זונ,
אונ איכ בינ אנ אָרעמ ארבעטס־מיידל,
צי קענסטו מיכ ליבנ,
צי בינ איכ דענ אזוי שיינ אונ איידל?

דו מאכסט דאָך נאָר דעם שפּאַס
פון דעם אָרעם ארבעטס־קלאַס,
קיינ ארבעטס־מיידל האָט בא דיר קיינ ווערט.
אך, ווער ס'האָט נאָר געלט
איז א קלוגער אפ דער וועלט,
אונ ווער קאָנ זיך גלייַכנ צו דיר.

אָפּגעגאַנגענ אזא קאַרגע צייַט
אונ אופגעעפנט מענטשנ די אויגנ.
מענטשנ האָבנ מיך מעקאַנע געווענ,
אז איך פאַרבלייַב בא דיר א יונגע גרעפינ.

הייַנט ליגט א סאָד בא מיר
פאַרשלאָסנ אינ מייַנ האַרצ,
ווער ווייסט, צי אונדז ביידע וועלנ מיר זיך נישט צעשיידנ?

אך, זאָג שוינ מיר דאָס ווערטעלע „ניינ"
אונ מאַך מיט מיר קיינע געשעפטנ;
זאָג, אז דו ווילסט מיט מיר נישט גיינ,
דאַנ לוינט זיך נישט אינ דער היים צו קעמפנ.

דו מאכסט דאָך נאָר דעם שפּאַס
פון דעם ארבעטער-קלאַס,
קיינ ארבעטס־מיידל האָט בא דיר קיינ ווערט.
ווער ס'האָט נאָר געלט
איז א קלוגער אפ דער וועלט,
אונ ווער קאָנ זיך גלייַכנ צו דיר.

23

— פראָלעטאַריער־שוועסטער מייַנע,
ווער האָט געטריבט די ערע דייַנע? —
ווייַל דיך האָט די נויט געטריבנ, נאָר די נויט,
דו האָסט זיי אַלעס אוועקגעגעבנ.
אומשולדיק איז דייַנ גאַנצעס לעבנ —
די נעשאָמע פאַר א שטיקל ברויט.
ווענ דו ביסט געגאַנגענ ארבעט בעטנ,
האָבנ זיי דיך געטרעטנ,

א קאָרבן האָבן זיי פון דיר געמאַכט, אוי, געמאַכט,
ווײַל די רײַכע מעגן אַלעס,
און זיי פרעגן קיינע שײַלעס,
ווײַל צו זיי געהערט דער טאָג און די נאַכט.

★

# 3. קאַמף

1

— א גוט-מאָרגן דיר, א גוט־יאָר דיר, מוישע,
וואָס הערט זיך, אוי, בא דיר אין פאַבריק?
— בא מיר אין פאַבריק איז איין בונט און איין סטאַטשקע,
די אַרבעטער זוכן פון מיר גליק.

ווינציקער די אַרבעט און מער די פּלאַטע, —
דאָס וועט איר בא מיר ניט אויספירן.
אָ, באַלד רוף איך אַרײַן זשאַנדאַרן מיט פּאָליציע,
וועט מען שוין אײַך טייקעף אַרעסטירן.

— זשאַנדאַרן און פּאָליציע טוען אַרומלויפן,
זיי קאָנען אָבער גאָרנישט מאַכן.
ווינציקער די אַרבעט און מערער די פּלאַטע,
וועלן מיר אײַך קיין סטאַטשקע ניט מאַכן!

— מיר, באַלעבאַטים, און איר, אַרבעטערערס,
מיר האַלטן אײַך פון גרויס ביז קליין.
דער, וואָס ער וועט וועלן די פרײַהײַט האָבן,
דער וועט מאָרגן זיצן אין דער היים.

— מיר, אַרבעטאָרערס, מיר גייען פון דער אַרבעט,
מיר פאַלן אַזוי ווי די פליגן,
און איר גייט אין די טעאַטערן און דינגט לאָזשע־מיעסטע
און האָט זיך שוין אַלע פאַרגעניגן.

2

שאבעס באטאָג, די היץ איז זייער גרויס,
איסער-כאַיִם מיטן ארבעטער האָבן זיך צעשלאָגן פאר א שטיקל פלייש.
דער ארבעטער איז ארויסגעגאנגען און האָט געמאכט א גרויס געוויין,
אלע כאווירים זיינען געקומען צו גיין.

— איסער־כאַיִם, איסער-כאַיִם, דו מיינסט, אז עס איז דיר גוט,
פון פרעמדע ארבעטער געצאפט דאָס בלוט.
איסער-כאַיִם, איסער-כאַיִם, דו מיינסט, אז עס איז דיר א שוטקע,
מיר וועלן דיך נעמען צום אוריאדניק אין בודקע.

אפ דעם גאנצן שטעטל איז א גרויסער ווונדער,
אפילע מע זאָל פרעגן בא צוויי קליינע קינדער.
ווייַ איז מיר און ווינד, — אין עסן אזוי הייס,
און זיך צעשלאָגן מיט אן ארבעטער פאר א שטיקל פלייש.

אפן גאנצן שטעטל הערט זיך א סוויסטאָק,
דעם ארבעטער צום דאָקטער, איסער־כאַיִם — אין אָסטראָג.
הייַנט צאָלט ער געלט פאר זיינע פאפירן,
מע זאָל אים אין אָסטראָג ניט פירן.

3

זאריצקי האָט
צען קינדער, צען קינדער,
און מיר דארפן האָרעווען
אפ יעדערן באזונדער.

אוי, ווייַ, ווינד,
דאָס בעסטע קינד,
אז ס'קומט נאָר אין פאבריק אַרייַן,
איז עס ערגער ווי א הונט.

— איך בין דאָך דער באלעבאָס,
איר וועט מיך בא דער נאָז ניט פירן.
איר ווילט א נאבאַווקע,
איך וועל אייַך ארעסטירן.

מיידלעך אין כטאָלאָווע,
פארוויינט און פארטראכט;
גייט אריין פעלדמאן
און האָט זיך צעלאכט.

— אוי וויי, מיידלעך,
וואָס איז אייַך געשען,
ווילט איר ניט ארבעטן,
גייט אייַך אהיים.

— אהיים וועלן מיר ניט גיין,
דאָס קען דאָך ניט זייַן,
מיר ווילן א נאבאווקע,
און אָט אזוי וועט זייַן.

מיר ווילן, אז די מונדשטוקעס
זאָלן ניט זייַן,
מיר ווילן, אז ווערלינסקי
זאָל צו אונדז בעסער זייַן.

4

צי האָט איר געהערט,
וואָס האָט זיך פארלאָפן?
בא זאריצקין אין פאבריק
האָט זיך אן אומגליק געטראָפן.

דאָס אומגליק איז געווען
מיט א גרויס גערודער:
עס האָבן זיך געבונטעוועט
די שוועסטער מיט די ברידער.

דאָס אומגליק איז געווען
מיט א גרויס געשריי:
—סאָבירײַטיעס באסטאָוואט,
רעביאטא, פּאָסקאָרײ!

פאפיראָסניקעס מיט קארדאָנשטשיקעס
האָבן געמאכט איין האנט,

און זיי האָבן אופגעהאנגען
א קוויטל אפ דער וואנט:

„צען קאָפּקעס אפן טויזנט
בעט מען א נאבאווקע,
און אז איר וועט ניט געבן,
וועלן מיר מאכן א זאבאסטאָווקע".

ווי זאריצקי האָט נאָר
דאָס קוויטל איבערגעלייענט,
איז אים אָנגעפאלן קאדאָכעס,
ער האָט שיר ניט געוויינט.

5

— ליפּסאָן איז א באלעבאָס,
נאָר מ'עט אים בא דער נאָז ניט פירן!
— מיר ווילן א נאבאווקע,
מיר וועלן זי אויספירן.

מיר ווילן א נאבאווקע,
מיר האָבן זי דער ווערט, —
און אז ער וועט ניט געבן,
וועט ער מאכן שלעכט.

— אוי, שלעכטע מיידעלעך,
ווייסט איַך דער ריך.
זיי ווילן א נאבאווקע,
זיי זאָגן, ס'איז טיַער שיך.

זיי ווילן א נאבאווקע,
זיי האָבן ניט דער ווערט,
און אז איך וועל ניט געבן,
וועל איך מאכן שלעכט.

אוי, אווראָם־דאָוויד,
זיי ווילן א נאבאווקע,

זיי ווילן א נאבאווקע,
זיי מאכן זאבאסטאָווקע.

— זיי ווילן א נאבאווקע,
זיי שרײַען אף די ציין ?
און טו זיי ענטפערן —
איך וועל ניט געבן — ניין.

ראבינאָוויטש מיט ליפּסאָנען
האָבן זיך געמאכט איין האנט,
זיי האָבן ארויסגעהאנגען
אביאוולעניעס אף דער וואנט:

„דרײַסיק קאָפּעקעס דעם טויזנט
גיב איך דעם נאראָד,
און אז זיי וועלן ניט נעמען,
וועלן זיי גיין אף טשאָרנע כאָד".

פּאפּיראָסניצעס, קארדאָנשטשיקעס
האָבן זיך געמאכט איין האנט,
זיי האָבן אופגעהאנגען
א קוויטל אף דער וואנט:

„פערציק רובל דעם כוידעש
וויל דער נאראָד,
און אויב איר וועט ניט געבן,
וועלן מיר גיין פּאראדנע כאָד".

זיי האָבן צוגעקלעפּט
א קוויטל אף דער וואנט,
ליפּסאָן האָט דאָס דורכגעליינט
און אָקאָרשט ניט געוויינט.

זינט ער איז באלעבאָס,
געהערט האָט ער דאָס ניט.
— אזוינע ווערעמדיקע מיידלעך,
זיי צאפּן פון מיר דאָס בלוט.

6

קוימ ווילט איר וויסנ,
וואָס האָט זיכ פארלאָפנ,
בא וואַרכאָווסקינ אינ פאבריק
האָט זיכ אנ אומגליק געטראָפנ.

דאָס אומגליק איז געוועזנ
מיט א גרויס גערודער:
עס האָבנ זיכ צעבונטעוועט
די שוועסטערלעכ אונ ברידער.

שאבעס אינדערפרי
איז געוועזנ דער סאָוועט,
אז זונטיק אינדערפרי
זאָל נעמענ פונ דער ארבעט אנ עק.

7

אפ מאלאָ־אָרנאוטסקי אונ פּושקינסקי בא פּאָפּאָווג אינ פאבריק
האָט זיכ אָנגעהויבנ זייער א גרויסער בונט.
דער בונט איז געוועזנ איבער א נאבאווקע:
— טאָמער וועט איר אונדז ניט געבנ, וועלנ מיר מאכנ א זאבאסטאָווקע.

צענ קאָפּקעס אפנ טויזנט איז דאָכ ניט קיינ סאכ,
גיט אונדז די נאבאווקע, אניט גייענ מיר אָפּ גלייַכ.
גיט אונדז די נאבאווקע, וועט איר מאכנ בעסער,
טאָמער וועט איר אונדז ניט געבנ, גיט אונדז אָפּ די פּעסער.

גאָראָדאָוויִע אי נאדזיראטיעלי נא פאבריקו זאשלי,
פּאָדניאַלי נאגייַקי אי קריקנולי: — זשידי!
סיאדטיע זא ראבאָטו, יא וואמ, יא וואמ גאָוואָריו,
יעסלי ווי ניע סיאדיעטיע, וו טיורמו פּאָסאזשו.

8

— הער נאָר, איטשע־מייַער,
קומ נאָר דאָ אהער,

כ׳וועל דיר עפּעס זאָגן,
וועסטו דיר ס׳פּאָנעם קלאָגן.

מ׳האָט שוין אויסגעהארגעט
אַלע גערעכטע כסידים,
מ׳האָט זיך שוין גענומען
צו ז׳י ווארשעווער נעגידים.

9

מ׳לאָזט אונדז נישט צוזאמען ריידן,
מ׳לאָזט אונדז נישט צוזאמען שטיין,
מ׳לאָזט אונדז נישט צוזאמען שטרייַקן,
מ׳לאָזט אונדז נישט צוזאמען גיין.

— ווי קענט איר, ארבעטער, זייַן צופרידן,
וואָס מיר וועלן האָבן אונדזער אייגן לאַנד;
דאָרטן וועלן הערשן די רייַכע ייִדן,
נאָר מיר, ווערקער, — בא זיי אין האנט.

דערום זאָלט איר, ארבעטער, אף דעם ניט קוקן,
בלייַבט נאָר ניט אף אן אָרט שטיין;
נעמט אייַך צוזאמען אַלע,
און צום קאמף טוען מיר גיין.

10

דער פּראָלעטאריאַט,
ער האָט קיין ברויט צו דער זאט,
ער הייבט אָן צו פילן, צו וויסן:
מיט זייַן ביטערן שווייס
מאַכט ער די וועלט רייַך און גרויס,
און אליין האָט ער נישט צו געניסן.

דערפאר שטייט אוף, ברידער, מ׳וועקט אייַך, מ׳וועקט אייַך,
פאר דעם קאמף נישט דערשרעקט אייַך, דערשרעקט אייַך.

צום לעבן,
צום שטרעבן,
אויסצוקעמפן א בעסערע צײַט,
פון קייטן צו ווערן באפרײַט,
עס פאָדערט די איצטיקע נײַע צײַט,
אז רוסלאנד זאָל ווערן באפרײַט.

גייט, מענטשן, גייט
און פאָדערט אײַער רעכט
בא פריצים און בא גראפן.
פאָדערט אײַער רעכט,
מ׳זאָל אײַך נישט באהאנדלען ווי קיין קנעכט,
ווײַל איר האָט דאָס אלעס באשאפן.
דערפאר שטייט אוף אאוו.

דער ראָוו מיט דעם פאָפ,
זיי פארדרייען אונדז דעם קאָפ
מיט א רעליגיאָן און מיט א גלויבן,
מיט אויירעס און זינד
מאכן זיי אונדז בלינד,
מ׳זאָל נישט זען, ווי מ׳טוט אונדז בארויבן.
דערפאר שטייט אוף אאוו.

דער בורזשוי
זיצט זיך ברייט בא דעם טיש
און טרינקט זיך א גוט גלעזל ווײַן,
אָבער פון דעם ארבעטערס אָרעמקײַט
טוט ער שפעטן און לאכן,
און אליין איז ער גראָב ווי א שווײַן.
דערפאר שטייט אוף אאוו.

11

א גערויש, א געטומל, עס קאָכט אין די גאסן,
די רײַכע, זיי פרעגן, וואָס דאָס באטײַט,
שפאצירן זיך ארבעטער פיל, אין די מאסן,
די רײַכע, זיי שרעקן זיך פארן פאָליטישן שטרײַק,
די רײַכע, זיי שרעקן זיך פארן פאָליטישן שטרײַק.

איר טיראַנען, איר רײַכע בורזשואַקן,
וואָס שרעקט איר פאַר דעם אַרבעטער אַזוי גוט?
איר זעט נאָר דעם אַרבעטער אין גאַס אַרומשפּאַצירן,
אַזוי שטאַרבט שוין אָפּ אין אײַך דאָס בלוט.

די רײַכע האַלטן אויף דעם רוסישן צאַר;
זיי שטיצן אים, זיי לאָזן אים נישט פאַלן —
זיי גיבן אים אָפּ טורמעס, זיי גיבן אים אָפּ קייטן,
זיי גיבן אים אָפּ פערד, זיי גיבן אים אָפּ שטאַלן.

מיר ברויכן קיין טורמעס, קיין סיביר, קיין קייטן,
מיר ברויכן קיין הערשאַפט, קיין קאַפּיטאַליסט,
מיר ברויכן נאָר אַלע שטרײַקן,
קעדיי מיר זאָלן צײַגן, וואָס הייסט סאָציאַליסט.

די פאָן טוט שרײַען — מיר וועלן איר נישט אוועקלייגן
מיט קאַמף און שווערד אין דער האַנט,
ביזוואַנען מיר וועלן רוסלאַנד באַפרײַען,
ביזוואַנען מיר וועלן באַפרײַען גאַנץ רוסלאַנד,
ביזוואַנען מיר וועלן באַפרײַען גאַנץ רוסלאַנד.

12

טראָגט אַרויס די רויט־הייליקע פאָן
פון איר פינצטערן געצעלט —
מיר קומען צו נעמען נעקאָמע,
צו באַפרײַען די גאַנצע וועלט.

צו באַפרײַען די אָרעמע שקלאַפן,
וואָס לײַדן הונגער און קעלט;
די שטראַלן פון פרײַהײַט זאָלן זיי דינען
פאַר דעם אָפּפער, וואָס זיי האָבן געשטעלט.

13

טראָגט אַרויס די הייליקע פאָנע
פון ביטערן און פינצטערן געצעלט,

יעצט מוזן מיר נעמען נעקאָמע
צו באפרײַען די גאנצענע וועלט.

צו באפרײַען די אָרעמע מענטשן,
וואָס לײַדן דאכקעס און נויט,
די שטראַלן פון דער װארהײַט זאָלן זיי בענטשן
פאר די אָפּפער, וואָס ווערן געטויט.

אפ צו נעמען די הויכע געבײַען,
וואָס מיר האָבן געבויט מיט אונדזער טרוד,
די גאנצענע וועלט צו באפרײַען,
דעם ארבעטער זאָל ווערן גוט.

14

פאָרוועטס, ברידער, אין די רייען,
שנעל, די פאָן איז שוין גרייט,
קומט זיך דרייסטער צו באפרײַען
אין דעם קאמף פון לעבן און טויט.

אלע צו די באריקאדן,
ברידער, מיט געווער ארויס!
נישט געשטאנען, קאמעראדן,
דער זיג איז זייער גרויס.

פרויען העלדן, נישט געשטאנען,
אלע קומט אהער מיט מוט,
קעמפט צוזאמען מיט די מאנען
ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט.
אלע צו די באריקאדן אאוו.

רײַסט שטיינער פון די גאסן,
באריקאדן בויט אויס.
ברידער, קאמעראדן,
שנעלער מיט געווער ארויס.
אלע צו די באריקאדן אאוו.

15

שטייט אוף, איר אונטערדריקטע ברידער,
מע וועקט אײַך פון אײַער שלאָף,
די צײַט איז שוין געקומען,
ס'זאָל נעמען פון די צאָרעס א סאָף.

די צײַט איז שוין געקומען
בא יעצטיקער מינוט
צו שטרײַטן מיט די טיראנען,
וואָס זויגן פון אונדז דאָס בלוט.

צו שטרײַטן מיט די טיראנען
און אויך ניט פארגעסן דערבײַ,
אז מיר אלע צוזאמען
קאָנען זיך מאכן פרײַ.

סײַ יידן, רוסן, פאָליאקן,
אלע פון איין נאציאָן;
זינגט רעוואָליוציאָנערע לידער,
באפרײַט די רויטע פאָן.

די אויסלענדישע ברידער —
זיי שטרעקן אונדז אויס די האַנט.
זיי שרײַען: — פאראייניקט זיך, ברידער,
באפרײַט אײַער לאנד.

זיי שרײַען: — פאראייניקט זיך, ברידער,
און ווייסט, וואָס איר האָט צו טאָן.
זינגט רעוואָליוציאָנערע לידער,
באפרײַט די רויטע פאָן.

16

שטייט אוף, איר אונטערדריקטע,
ערוואכט זיך פון אײַער שלאָף,
די צײַט איז שוין געקומען
צו מאכן פון די צאָרעס א סאָף.

די צײַט איז שוין געקומען
בא יעצטיקער מינוט
צו שטרײַטן מיט די טיראַנען;
וואָס זויגן אונדזער בלוט.

צו שטרײַטן מיט די טיראַנען
און ניט פֿאַרגעסן אויך דערבײַ
צו זינגען פֿרײַהײַט־לידער,
דער אַרבעטער זאָל ווערן פֿרײַ.

17

שאַרפֿט אײַך וואָפֿן, קומט צום שטרײַט
קעגן פּאָלשקײַט, קעגן מערדערײַ.
געניג שוין צו דולדן, דען עס איז שוין צײַט
צו פֿאַרניכטן די שקלאַפֿערײַ.

צו אַ רעוואָליוציאָן זאָלט איר זיך צוגרייטן
און מיט וואָפֿן אין די הענט.
אונדזער הערשער; אונדזער קייסער מוזן מיר טויטן;
צו מאַכן פֿון שקלאַפֿערײַ אַן ענד.

עס וועט אונדז ניט אָפּשרעקן קיין ביקסן און קאַנאָנען,
און אויך ניט די סיבירישע קעלט.
מיר מוזן זיך פֿאַראייניקן, פֿעלקער און נאַציאָנען,
צו באַפֿרײַען די גאַנצע וועלט.

עס וועט אונדז ניט אָפּשרעקן דער גרויזאַמער טויט,
אַז פֿאַר פֿרײַהײַט גייען מיר אין קאַמף.
מיר מוזן אָפּ לעבן און אָפּ טויט
צו מאַכן אַ רעפּובליק אין לאַנד.

18

די פֿינצטערע אויגן,
זיי טריקענען שוין נישט,
זיצנדיק באַם וועב־שטול,
זינגען מיר אַ ליד.

מיקאָלקע, מיר וועבן
סכוירע פאר דיר,
א דרײַפאכע קלאָלע —
זײַר וועבן מיר.

מיר וועבן, מיר וועבן
סכוירע פאר דיר יעצט;
א דרײַפאכע כאָליערע
צוזאמענגעזעצט.

א קלאָג איז צו דעם קייסער,
דעם האר פון די גווירים,
וואָס דעם ארבעטערס צײַט
טוט אים גאָרנישט בארירן.

ער רײַסט פון אונדז קריִע,
די הויט פון אונדז שינדט,
ער לאָזט אונדז דערשיסן,
דערשיסן ווי הינט.

מיקאָלקע, מיר וועבן
סכוירע פאר דיר,
א דרײַפאכע קלאָלע—
זײַד וועבן מיר.

19

קאזאקן מ׳ט זשאנדארן
וועלן נישט זײַן דאבײַ,
ווען בא אונדז וועט פלאקערן
דער פערווי מײַ.
היי, היי, דאָלאָי פאָליציי!
דאָלאָי סאמאָדערזשעצ וו׳ ראסיי!

קאזאקן מיט זשאנדארן
וועלן נישט זײַן דעראָן,
ווי בא אונדז וועט פלאקערן
די רויטע פאָן.
היי, היי, אאוו.

20

ברידער און שוועסטער,
נעמט זיך פאר די הענט,
לאָמיר לויפן קוקן,
ווי מיקאָלקע ברענט.

עי, עי, דאָלאָי פּאָליציי!
דאָלאָי סאמאָדערזשאַוויע וסיעי ראסיי!

מיר דארפן ניט קיין קייסער,
מיר דארפן ניט קיין קרוין,
מיר וועלן פירן
די מעלוכע אליין.
עי, עי, אאוו.

מיר דארפן ניט קיין קייסער,
מיר דארפן ניט קיין גאָט.
מיר וועלן באפרייען
ראבאָטשי נאראָד.
עי, עי, אאוו.

21

א שווארצער וואָלקן איז אראָפּ פון הימל —
רוסלאנד זאָל ווערן פריי!
די פסורע האָט זיך געקאָכט אין אלע גאסן.
בידער מיט דעם צאר ניקאָליי!

אראָפּ גיי פון אויבן,
דו הענקער, פון דעם טראָן,
קיינער וועט אין דיר נישט גלויבן,
נאָר אין אונדזער פאָן.

די פאָן די רויטע,
זי פלאקערט און זי איז רויט,
מיר שווערן צו קעמפן
אף לעבן און טויט.

דער צאַר האָט אונדז געגעבן אַ קאָנסטיטוציע
און ר׳האָט זי גענומען צוריק;
ער האָט געמיינט, ער וועט שטילן די רעוואָליוציע,
מיר קענען שוין זײַן פּאָליטיק.
אַראָפּ גיי פֿון אויבן אַאוו.

אַ שטרײַק פֿון באַנען און טעלעגראַפֿן,
מאַטראָסן בונטעווען זיך אַפֿן פֿלאָט,
ס׳האָט אים אַן אומגליק געטראָפֿן,
הײַנט־מאָרגן איז ער באַנקראָט.
אַראָפּ גיי פֿון אויבן אַאוו.

22

אַף מײַן קליינעם קעפּעלע,
אַף מײַן קליינעם קעפּעלע
ליגט אַ גאָלדענע קרוין
און עס דריקט מײַן מויעכל
ווי אַ שווערער שטיין.

כ׳האָב געמיינט פֿונוויַיטנס,
אַז אַלץ איז גוט און שטאַרק,
דאָס איז, ווײַל מײַן פֿלויִנעסטע
האַלט מיך פֿאַרן קאַרק.

מײַנע מיניסטאָרימלעך
לאַכן אָפּ פֿון מיר,
זיי גאַנווענען און ראַבעווען
גאָר אָן אַ שיר.

גאַנווענען, דאַכט זיך מיר,
וואָלט ניט געווען קיין שאַנד,
וואָלטן זיי כאָטש דערפֿאַר
באַרויִקט דאָס לאַנד.

נאָר זע איך אַן אַרבעטער
אָדער אַ סטודענט,
כאַפּט מיך אָן אַ ציטערניש,
עס טרייסלט פֿיס און הענט.

שלאָפּ, אלעקסע, יוירעש פּײַנער,
ליכטיקער פּארשוין,
שלאָפּ, בעניאָכיד, קאדיש מײַנער,
שלאָפּ זשע, שלאָפּ, ניט וויין.

זאָלסט מיר וואקסן, זײַן א גרויסער,
האָבן קאסעס געלט,
שטעט און דערפער, זײַן א קייסער
איינער אין דער וועלט.

וועסט מיר זײַן א גרויסער כאָכעם,
קליגער נאָך פון מיר,
און א מעלעך שעבימלאָכים
מיט א לאנד סיביר.

וועסט, אימירצעשעם, פּארמאָגן
רענטעס פולע זעק,
און פיל שענקען מיט אָסטראָגן,
קלויסטערס אָן אן עק.

און זשאנדארמען מיט קאזאקן,
שאָמרים בא דער טיר.
די, וואָס קאָנען בראָקן, האקן,
שמײַסן אָן א שיר.

האָב ניט מוירע פאר יאפּאָניע —
זײַ נאָר ניט קיין נאר,
ס'לעבט נאָך מאָסקווע, ס'לעבט נאָך פאָניע,
זיי דארפן נאָך א צאר.

צאָלן וועסטו קאָנטריבוציע,
שטילער, מאך א שווײַג,
זאָג זיי צו א קאָנסטיטוציע
נ'שטעל ארויס א פײַג.

לאָזן פלאפּלען סאָציאליסטן,
מיינען, סט'עפּעס זײַן,

לאָזן שיסן אנארכיסטן,
וויפל ס׳וועט אריַין.

ווערסט אין ספּאַניע זיך פאַרשליסן,
פונקט ווי איך אצינד,
לאָז דאָרט טרערן, בלוט זיך גיסן, —
דו זאָלסט זיַין געזונט.

לאָזן האָוקען די גאַזעטן,
שריַיען אַף די ציין,
פּובליציסטן און פּאָעטן
לאָזן זינגען שיין.

לאָזן באָמבעס דאָרט זיך ריַיסן,
ס׳איז שוין ניט קיין נייַס,
מ׳עט זיי כאַפּן, מ׳עט זיי שמיַיסן,
הענגען איינציקוויַיז.

פאַראַן פּאָליציע פ׳אַלע עקן,
סיסטעמיקעס א סאַך,
פאַראַן א קאַנטשיק, פאַראַן א שטעקן,
פאַראַן א גוטע זאַך,

וואָס מע רופט דאָס אָן „קראַמאָלע
ניעזיבלעמיך אָסנאָוו”...
שלאָפּ, אַלעקסע, ס׳איך, ניקאָלע, —
ס׳לידל נעמט א סאָף.

24

ווי לאַנג האָט לייבעלע
ארויסגעטריבן כאַזיירים,
און היַינט טוט ער פירן
זיַינע ליבע כאַוויירים.

עי, עי, דאָלאָי פּאָליציי,
דאָלאָי סאַמאָדערזשעץ וו ראַסיי!

ווי לאנג האָט לייבעלע
ניט געהאט קיין גראָשן,
הײַנט טוט ער גייען
שיך און קאַלאָשן.
עי, עי, אאוו.

ווי לאנג האָט לייבעלע
ניט געהאט קיין העמד,
הײַנט טוט ער גייען
ווי דער שענסטער אינטעליגענט.
עי, עי, אאוו.

די רוסישע מעלוכע,
פון קייסער ביז גאָראָדאָוואָי,
איז פול מיט רעציכע
און מיט ראזבוי.
עי, עי, אאוו.

★

## 4. אין טורמע און קייטן

1

אין טורמעס, אין קייטן אין לאנד פון קאפיטאל
ווערט דאָרט געפּײַניקט דער ארבעטערמאן,
פון פרויען, פון קינדער, פון ארבעטער גאָר
פארשלאָסן אין טורמעס אפ לאנגע יאָר.

פינצטער און קאלט איז מיר אָט־אָ־דאָ,
קיין טיר, קיין פענצטער, קיין לופט איז ניטאָ,
פון צאָרעס, פון הונגער, פון נויט און פון שרעק
אזוי איז פון מיר מײַן קויעך אוועק.

איך לעב אָבער, ברודער, איך לעב און איך ווארט,
איך ווייס, אז דער ארבעטסמאנ וועט נעמענ די מאכט.
פרײַהײַט וועט זײַנ איבעראל, אומעטום,
מיט פרייד וועלנ מיר טראָגנ די רויטע פאָנ.

2

דער ארבעטער־קאמפ גייט אלצ ווײַטער און ווײַטער,
עס ציִענ אלצ צו וואָס מער די קאָרבאָנעס,
עס פאלנ ארונטער די מוטיקסטע קעמפער,
מע פארפאָלגט זיי גאָר אָנ ראכמאָנעס.

מ'זעצט זיי ארײַנ אינ די פינצטערע געצעלטנ,
ווײַט אָפגעריסנ פונ א מענטשלעכנ לעבנ,
מ'שיקט זיי אוועק קיינ סיביר אינ די קעלטנ
פאר פרײַהײַט, וואָס זיי טוענ שטרעבנ.

אינ די אײַזערנע קייטנ, הינטער די אײַזערנע טירנ,
דאָרטנ זיצנ זיי און שמאכטנ און ליבנ אונדז געטרײַ;
איר זאָלט נישט פארגעסנ, וואָס הייסט אגיטירנ
צו פארבעסערנ אונדזער לעבנ אפדאָסנײַ.

דער ארבעטטאָג וואָס קלענער, די סכירעס וואָס גרעסער,
שרײַבנ און דרוקנ אלצ, וואָס מיר ווילנ,
קעדיי אונדזער לעבנ זאָל ווערנ פיל בעסער,
מיר זאָלנ אונדזער קאמפ נישט פארשפילנ.

אזוי זאָגט די הערשאפט, און אזוי זאָגט די רעגירונג:
דעמ ארבעטער־קאמפ וואָס מער אונטערצודריקנ,
טורמעס און סיבירנ און אלערליי פארפאָלגונגען,
דעמ ארבעטער-גײַסט צו דערשטיקנ.

נאָר מיר, אלע ארבעטער, פאר פרײַהײַט שטרעבנ,
מיר לאכנ זיך אויס פונ דעמ אלטמענ געוועער;
צו דעמ מוטיקנ קאמפ טוענ מיר רופנ:
— שוועסטער און ברודער, הער.

אונדזער אָפּפער וועלן מיר שטיצן
מיט ליבע און מיט טרײַהײַט און מיט מוט,
און דעם סוינע וועלן מיר באזיגן
ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט.

3

אוי וויי, שוועסטער און ברידער,
מיר האָבן זיך אַלע עמעס ליב —
נאָר אז פּאָליציע, זי וועט זיך דערוויסן,
אז מיר סאָביראַיען זיך אַלע אין איין שטוב.

א פולע שטוב האָבן מיר זיך אַלע סאָביראַיעט,
מיר זײַנען געווען אַלע מיטאמאָל —
און ווער ס'האָט געגעבן פּאָליציע צו וויסן,
דער זאָל פוילן אין קיִעוו אין גאָשפּיטאָל.

אַף מאָרגן איז צו נ'אונדז דער פּריסטאַוו צוגעפאָרן,
מיר האָבן זיך מיט אים עפּעס פּארקריגט —
אזוי איז אָנגעלאָפן פּאָליציע מיט זשאנדארמען,
און מע האָט אונדז שוין אַלע ארעסטירט.

ארעסטירט האָט מען אונדז אַלע,
דאָס איז געווען ארום צוויי אזייגער באנאכט.
אזוי האָט מען אונדז אַלע צונויפגענומען
און מע האָט אונדז אין אָסטראָג פּארשפּארט.

אַף מאָרגן האָט מען אונדז געדארפט קיין וואסילקאָוו ארויסשיקן,
דאָס איז געווען ארום צוויי אזייגער באטאָג,
אזוי זײַנען אָנגעלאָפן די פּאָטערס און די מוטערס,
און ס'איז געוואָרן א יאָמער מיט א קלאָג.

— אוי, הערט שוין אוף צו וויינען און צו קלאָגן,
פאלט בא זיך אַף אזויפיל ניט אראָפּ,
אַף אײַערע קינדער וועט מען אײַך אמאָל מעקאנע זײַן —
ווײַל זיי סטראַדאַיען, נעבעך, פארן גאנצן נאראָד.

4

שאבעס נאָך וואַרמעס גייען מיר אין גאס,
הערן מיר א טומל מיט א גרויסן ראש.

א גרויסן ראש מיט א גרויסן קלאָג,
מע פירט אונדזערע ברידער פון דוואָריאַנסקי סאַד אין אָסטראָג.

— ברידער און שוועסטער, אײַך זאָל דאָס ניט אָפּשרעקן,
מיר וועלן ארויס פון טורמע, וועלן מיר מענטשן דערוועקן.

מענטשן דערוועקן מיט גײַסט און מיט מוט,
פאַר אונדזער עמעס צאַפּט מען אודזער בלוט.

מע צאַפּט אונדזער בלוט און מע טרינקט עס ווי ווײַן,
מיר ווילן, אַז די פּראַוויטעלסטווע זאָל ניט זײַן.

קיין פּראַוויטעלסטווע זאָל ניט זײַן און קיין הערשער אויך דערצו,
דער קייסער מיט דער באַנדע זאָל ניט זײַן הי.

5

די טריט פון טיראַנען האָבן זיך געלאָזט הערן
צוועלף אזייגער באַנאַכט,
דאַן איז בא אונדז געפאַלן א שטערן:
מ׳האָט אונדזערס א ברודער פאַרמאַכט.

מיר האָבן נאָך נישט אופגעהערט צו וויינען און צו קלאָגן,
וואָס האָט זיך מיט אונדזער ברודער פאַסירט,
א פינצטערע בסורע איז מען אונדז געקומען אָנזאָגן,
מ׳האָט ווידער אונדזערס א ברודער ארעסטירט.

די פרײַע וועלט,
זי איז פאַר אים פאַרשטעלט.
ער קאָן פון דאָרט נישט ארויס.
ווער ווייסט,
צי מ׳וועט נאָך האָבן א טרייסט
צו זען אונדזערע ברידער לויז.

אזוי ווי מ׳פאַנגט א פישעלע אין וואַסער,
אזוי האָט מען אונדזערס א ברודער געפאַנגען;
אזוי ווי מ׳פאַנגט א פייגעלע אין א קלאַטקע,
אזוי האָט מען אונדזערס א ברודער געהאַנגען.

דאָרטן נישט ווײַט, אין דער פינצטערער טורמע,
זיצט אונדזערס א ברודער ווי קויל שווארצ;
זײַן קאָפּ אָנגעשפּארט אָן די דארע הענט,
דאָס געוויין צעברעכט אים דאָס הארצ.

אך וויי, ביטער איז אזא לאנד,
דאָס בעסטע גייט צו שאנד.
די בעסטע פון אונדזערע ברידער,
ווער ווייסט,
צי מיר וועלן דערלעבן די צײַט
צו זען זיי ווידער.

6

זומער אין א פינצטערן אָוונט
בין איך מיר געזעסן איינער אליינ,
גאָר פלוצלינג הער איך שווערע טריט:
זשאנדארמען און פּאָליציי טון גיינ.

ווי זיי האָבן די טיר אופגעעפנט
אזוי האָבן זיי געזאָגט: „קום מיט אונדז אצינד!"
מײַנע עלטערן, זיי זײַנען דערשראָקן:
— מע רײַסט שוין אָפּ פון אונדז אונדזער קינד!

ווי מע האָט מיך אין רעשאָטקע ארײַנגעפירט,
אזוי האָט מען געעפנט דעם סעקרעט,
איך האָב זיך ארום זיך גוט באטראכט,
געפונען האָב איך ניט מער ווי איינ ברעט.

מע האָט מיר מײַנ דיעלע פארשריבן
אפּ א טייל רויטע פּאפּיר,
מע האָט מיך אין טורמע פארטריבן,
און דאָ דארף שוין זײַן מײַנ קווארטיר.

מע האָט מיך פון מײַנע פרײַנט אָפּגעריסן,
וואָס ערגער קען שוין ניט געבן;
איך האָב זיך ארום זיך גוט באטראכט,
ווי עס ווערט א מעל פון מײַנ לעבן.

מע האָט מיר א דאָקטער פארשריבן;
רעצעפּטן האָט ער מיר געגעבן,
ער האָט מיך גאנצ גוט באטראכט,
ער האָט מיר געזאָגט, אז איך וועל שוין לאנג ניט לעבן.

7

נישט קיין ראטהויז,
נישט קיין קראטהויז
וועט אונדזער גייַסט אָפּשרעקן:
פאר יעדער זאכ,
וואָס איז נישט גלייַכ,
וועלן מיר א פּראָטעסט אויסדריקן.

אז דער סוינע
וויל נאָר וועמען
אינ קארצ ארייַנ אראָפּפירן, —
דאנ ווערט א גערודער
צווישנ אונדזערע ברידער,
מיר הייבנ אָנ צו פּראָטעסטירן.

8

אוי, אפ די פעלדער די טויטע,
דאָרטנ שטייט א טורמע מיט ציגעלעכ די רויטע:
ווער ס׳גייט ארייַנ לעבעדיק,
גלייַכט זיכ נאָכדעם צו די טויטע.

אוי, דאָרטנ גיט מענ צו עסנ —
ס׳ברויט איז זייער שווארצ,
מ׳קענ עס נישט פארדייענ, —
ס׳ברענט אויס דאָס הארצ.

9

הערט נאָר אויס, איר סאָלדאטנ,
פארבלייַבט נאָר דאָ א ווייַלע שטיינ;
אוי, אָפּשייד וועל איכ נעמענ, וואָס קענ דאָס שאטנ,
פונ מייַנ לאנד אונ פונ מייַנ היימ.

אָפשייד וועל איך נעמען פון מײַנע ברידער,
מײַנע ברידער די ארבעטסלײַט,
אוי, דאָס לעצטע מאָל מיט אײַך צו באקומען,
דורכצושמועסן די לאגע פון קריזיס־צײַט.

מ'איז מיך געקומען, אוי, נעמען,
מיט פּאָליציי מוז איך גיין,
אוי, א נײַעם נאָמען וועל איך באקומען,
ווײַטער קענט איר שוין אליין פארשטיין.

מיט דעם נאָמען טו איך מיך באוויינען, —
ארעסטאנט רופט מען מיך,
מײַנע היטערס, זיי זײַנען אויס אײַזן,
באלייטן באלייטן זיי מיך קיין סיביר.

דאָרט אין דעם כיידער איז קאלט און ווארעם,
אפ דער נארע ליג איך דאָרט אליין,
אוי, מ'האָט מיר אָנגעטאָן ארעסטאנטסקע קליידער
און אפ די פיס אן אײַזן־קייט.

צו עסן און צו טרינקען גיט מען דאָרט אויך ניט,
נאָר דאָס שטיקעלע שווארצע ברויט,
אוי, אך! ווי ביטער איז דעם ארבעטער,
וואָס ער ווערט געשלאָסן אין אן אײַזן־קייט.

איך האָב קיין שלעסער געבראָכן, איך האָב קיין מענטשן געשטאָכן,
איך האָב קיינמאָל ניט געטאָן קיין שום מערדערײַ.
אוי, אלע טורמעס וועל איך אויסזיצן,
מײַנע ברידער, די ארבעטסלײַט, וועל איך בלײַבן געטרײַ.

10

שאבעס זײַנען מיר אין וואלד ארײַן געגאנגען,
פון גאָרניט האָבן מיר ניט געוווּסט.
די פּאָליציע האָט אונדז באפאלן
און לייבישן געשאָסן גאָר אומזיסט.

וויאזוי מ'האָט לייבישן געשאָסן,
געבליבן ליגן איז ער טויט.

אלע כאווירים זײַנען צוגעלאָפֿן,
נאָר לייבישן געטראָפֿן אין א נויט.

וויאזוי מ'האָט לייבישן געשאָסן,
גערונען האָט פֿון אים א טײַך בלוט.
אלע כאווירים זײַנען אהיים געלאָפֿן,
נאָר לייבישן זעט מען ניט צוריק.

וויאזוי מ'איז אין שטאָט ארײַנגעגאנגען,
געוואָרן איז א יאָמער און קלאָג.
לייבישעס מוטער איז אָנגעלאָפֿן,
וואָס פֿאר אן אומגליק איז געשען איר אין דעם טאָג!

לייבישן וועט מען באהאלטן,
מיר וועלן אים ניט זען צוריק, —
אונדזערע כאווירים וועלן ניט פֿארשווײַגן
אין לייבישעס אומזיסטיק פֿארגאָסן בלוט.

11

דאָרט אין ווינקל, אין נאסן קעלער,
הארט אף דער ערד אף א ביסל שטרוי,
דאָרט ליגט א מאן מיט א ברוסט-פֿעלער,
ער ליגט און קרעכצט און שרײַט: „אוי, ווײ!“

— הער אויס, מײַן קינד, מײַנע לעצטע רייד,
הער נאָר צו מיט פֿארשטאנד:
בעפֿאָר איך נעם פֿון דיר אָפּשייד,
שווער מיר צו און גיב מיר דײַן האנט,

אז דו וועסט נישט שווײַגן פֿאר מײַן לעבן,
דו וועסט גיין צום שטרײַט יונגערהייט,
אז דו וועסט צילן און שטרעבן
צו נעמען ראכע פֿאר מײַן פּריצײַטיקן טויט.

אדיע אף אייביק, מײַן פֿרוי און קינד,
אדיע אף אימער די גאנצע וועלט;
עלנט, קראנק, שוואך און בלינד
גיי איך אלעס אָפּפֿער איבערן געלט.

פון קינדהײַט אָן האָט מען מיך שוין
אַרויסגעצויגן פון מײַן מוטערס שויס;
כ'האָב געאַרבעט אין פאַבריק פאַר אַ קליינעם לוין,
שווער געאַרבעט מיט מײַן שוויס.

און פון מײַן שווערער פּראַצע האָט מיר שטענדיק געפעלט
עסן צו דער זעט אַ שטיקעלע ברויט, —
דערום, מײַן קינד, גיי איך יעצט פון דער וועלט,
טאָ נעם זשע ראַכע פאַר מײַן פּריצײַטיקן טויט!

קום אַהער, מײַן קינד, נעענטער צו מיר,
באַטראַכט נאָר גוט דײַן פאָטערס הענט,
ווי דאָס בלוט האָט אויסגעזויגן דער וואַמפּיר
דורך די נוצן פון מײַנע הענט.

ווען כ'האָב געליטן הונגער, קעלט,
האָבן דאַן די מיליאָנען געשטויגן,
ווען אָרעמקײַט האָט געהערשט אין מײַן געצעלט,
האָבן דאַן די קאַפּיטאַליסטן מײַן בלוט געזויגן:

די הויכע פּאַלאַצן מיט די פאַרפּוצטע סאַלאָנען
זײַנען געווען געפאַרבט מיט מײַן בלוט אַף רויט, —
דערום, מײַן קינד, זאָלסטו דיך דערמאָנען
צו נעמען ראַכע פאַר מײַן פּריצײַטיקן טויט.

פאַר מיר, מײַן קינד, איז שוין אַלעס פאַרלוירן,
איך קאָן שוין קיינמאָל קיין גוטעס געניסן,
כ'ווער אָפּגעפליקט פון מײַנע מיטעלע יאָרן,
פון אײַך, מײַנע ליבע, ווער איך אַנטריסן.

נאָר דו, מײַן קינד, מײַן יונגער בוים,
האָסט די פליכטן פון דײַן בלוט,
מיט אָפענע אויגן באַטראַכט די וועלט דײַן,
נישט שלאָף, מײַן קינד, נישט פאַרליר קיין מוט.

דורכויס צו וואַרהײַט זאָלסטו צילן,
און נישט צו לײַדן הונגער און נויט,
שטענדיק מײַן ווונטש זאָלסטו דערפילן,
צו נעמען ראַכע פאַר מײַן פּריצײַטיקן טויט.

נישט וואַרט, מײַן קינד, אַף די שפּעטערע צײַטן,
ווען דו וועסט שוין דעם מוט פאַרלירן;
ווען דו וועסט שוין נישט האָבן קיין קויעך
צו שטרײַטן קעגן די באַדריקער, די וואַמפּירן.

נאָר יעצט, מײַן קינד, איז די בעסטע צײַט,
ווען דו ביסט פאָלקאָם בײַ דײַן פאַרשטאַנד,
אופצוהייבן אַ פרײַהײַט־שטרײַט,
דײַן בלוט און שווייס זאָל נישט גיין צו שאַנד.

אַלע מענטשן זאָלסטו ווי ברידער באַטראַכטן,
און נישט צו לײַדן מאַנגל און נויט,
שטענדיק וועגן דעם זאָלסטו טראַכטן —
צו נעמען ראַכע פאַר מײַן פריצײַטיקן טויט.

פאַרהאַס, מײַן קינד, דעם קאַפּיטאַליסט,
דען פון דײַן בלוט איז ער דאָך רײַך.
נישט גלייב אין די דומהײַט פון עגאָיִסט,
פון פאַנאַטיזם, מײַן קינד, ווײַך.

דו זאָלסט, מײַן קינד, נישט שטיין פונווײַטן,
ווען דײַנע ברידער וועלן קעמפן פאַר רעכט;
העלף צערײַסן די אײַזערנע קייטן
פון טיראַנסטווע, פון אומרעכט.

זאָלסט זיך נישט שרעקן פאַר קיין פּראָוואָלן,
געשמידט אין קייטן קעמפן פאַר רעכט,
און אויך צו זיצן אין די אַרסענאַלן
און צו נעמען ראַכע פאַר מײַן פריצײַטיקן טויט.

האָב ליב, מײַן קינד, דעם אַרבעטסמאַן,
דען אַרבעטן איז דאָך אַ גרונט —
זע נישט צו פאַרלירן בײַ דעם טיראַן
דײַן סייכל מיט דײַן געזונט.

אַרבעטן צוזאַמען, אַלע גלײַך,
מיט אַ מאָס און מיט אַ צאָל,
אַז איינער פון דעם צווייטן זאָל נישט ווערן רײַך
פון צופיל אַרבעטן און מיטאַמאָל.

פאר אלע שקלאפן באפרייַט די וועלט
און פון נאציאָנען איז קיין אונטערשייד;
זאָלסט נישט זיַין אונטערטעניק דעם גיפטיקן געלט, —
נאָר דאן וועסטו זיַין זיכער פאר א פריצייַטיקן טויט.

12

— וואָס דריקסטו, מוטער, פאר דייַן עלנט,
וואָס דריקט זיך אויס דייַן פייַנער מיין.
צי ביסטו אין צווייפל צו באפרייַען די וועלט?
צי ערלויבן הערשן דעם טיראן?

— דו ביסט דאָך עלנט, אייניינציק קינד,
איך וויל, דו זאָלסט זיַין צוזאמען מיט מיר;
דו ביסט דאָך יונג צו שטארבן אצינד
און שמאכטן אפ סיביר.

— אך, ניין, מוטער, טאָרסט דייַן קינד נישט שטערן.
לאָמיך גיין, אווו איך וויל;
גענוג טיראנען טוען מיר ווערן,
גענוג פארשקלאפט איז מייַן געפיל.

— אוי, איך וועל שוין לאנג נישט לעבן,
אז כ'וועל מייַן קינד ניט האָבן,
און ווער וועט מיר א צווייטן געבן,
אז מ'וועט דיך עלנט באגראָבן.

— גענוג שוין, מוטער, מיר צו וויינען,
גענוג שוין, מוטער, מיר צו בעטן.
די צייַט פון קאמף הער איך ניט קיינעם,
איך קען דיר יעצט קיין ראדע ניט געבן.

— לייג צו, מייַן קינד, דייַן האנט צו מייַן הארצן,
וועסטו דאָך דאן וויסן,
וועסטו וויסן, ווי איך האָב פארא שמערצן,
ווען דאָס בלוט וועט פון דיר פליסן.

און די מוטער איז געשטאָרבן,
זי איז געפאלן ווי אָן פליכט,

א טרויער א שווארצער האָט איר באַצויגן
און האָט באַדעקט אַף איר געזיכט.

13

עס שרײַען, עס רוישן פיל טויזנטער שטימען
פון מענטשלעכע הערצער אַרויס,
פון מענטשלעכע הערצער אַרויס.
זיפצן און קרעכצן טוט מען דאָרט הערן.
דאָס מישט זיך אַלץ צוזאַמען אויס.

דאָרט ליגט זיך א מיידל שוואַך, פאַרוווּנדעט,
דער לעצטער אָטעם גייט איר אויס,
דער לעצטער אָטעם גייט איר אויס.
ראַכע, ברידער, נעמט אײַך צוזאַמען,
רוימט שוין די טיראַנען אויס.

דו ביסט געפאַלן, טײַערע וויערא,
אין קאַמף ווי א העלד,
אין קאַמף ווי א העלד.
דײַנע ווערטער וועלן לעבן
לאַנג, לאַנג אַף דער וועלט.

דײַנע ווערטער וועלן לעבן
לאַנג, לאַנג נאָך דײַן טויט,
לאַנג, לאַנג נאָך דײַן טויט.
מיט דײַן בלוט וועט מען פאַרבן
אונדזערע פענער אַף רויט.
מיט דײַן בלוט וועט מען פאַרבן
אונדזערע פענער אַף רויט.

14

אין דעם ווײַטן לאַנד סיביר,
וווּ דער הימל ז'טאָמער פון די כמאַרעס שוואַרץ,
דאָרט אַליין בין איך געווען פאַרשיקט
פאַרן איינעם וואָרט פאַר דער פרײַ.

מיט דער נאגײַקע האָט מען מיך געשלאָגן,
אז איך זאָל מער ניט זאָגן:
„דא זדראווסטוויעט סוואָבאָדא, אינ דר'ערד מיט ניקאָלײַ!“

אוי, אינ דעם ווײַטנ לאנד סיביר,
ווו עס קומט קיינמאָל די זונ ניט צו,
דאָרט אליינ בינ איך לאנג געוועזנ;
אלצ פאר דעם וואָרט פאר דער פרײַ.
זומער אינ די היצנ אונ ווינטער אינ די קעלטנ
די טאטשקע פלעג איך שלעפנ —
אלצ פאר דעם וואָרט!

יעצט איז שוינ געקומענ די גליקלעכע צײַט,
איצטער ווייסט מענ סײַ פונ נאָענט אונ פונ ווײַט,
אז רוסלאנד איז ליכטיק, אז רוסלאנד איז פרײַ:
דא זדראווסטוויעט סוואָבאָדא, אינ דר'ערד ניקאָלײַ!

15

— קליפ־קלאפ אינ אײַזנ־טיר,
קליוטשניק-לעבנ, עפנ מיר!
די געדאנקענ פלאָגנ, איך האלט נישט אויס;
לאָז שוינ מיך אפ דער פרײַ ארויס.

קליפ-קלאפ אינ אײַזנ־טיר,
קליוטשניק־לעבנ, עפנ מיר!
איך וועל קלאפנ באטאָג אונ באנאכט,
ביז איך וועל ווערנ פונ טורמע באפרײַט.

— דאָ קלאפנ טאָר מענ ניט,
זיצנ מוז מענ דאָ בארוט;
אנ ארעסטאנט ביסטו דאָך גוט,
אונ בעכינעם זיצסטו ניט.

— מײַנ זיצנ איז אנ אומשולד,
אונ איך האָב שוינ קיינ געדולד.
פארנ עמעס האָט מענ מיך פארשפארט,
אונ איך האָב שוינ מער קיינ פרײַ.

16

פונ דער ארבעט האָט מענ מיכ ארעסטירט,
געשלאָסנ אינ אנ אײַזערנער קייט ;
אינ די פינצטערע טורמע האָט מענ מיכ ארײַנגעפירט,
אונ דערצו מוז איכ לײַדנ הונגער אונ נויט.

אינ די פינצטערע טורמע איז מײַנ קוואטיר,
די נארע איז מײַנ ווייכע קישנ,
פונדעסטוועגנ האָב איכ מיכ ניט פארלוירנ,
איכ האָפ נאָכ פונ דער פרײַהײַט צו געניסנ.

17

רוישכוידעש עלעל, מאמעניו, אפדערנאכט,
אוי ליג איכ מיר אונ טראכט,
אזוי האָט מענ בא גרינבערגנ די אָבלאווע געמאכט, אוי וויי,
מײַנ הארצ האָט מיר געזאָגט, אוי, מאמע, אז הײַנט איז שוינ דער לעצטער אפדערנאכט.
אוי, ליג איכ מיר אונ טראכט.

אוי, צוועלפ אזייגער, מאמעניו, סע איז שוינ א האלבע נאכט,
אוי, ליג איכ מיר אונ טראכט,
אוי, טיר־אונ־טויער, מאמעניו, אינ דעמ אָסטראָג פארמאכט.
מײַנ הארצ טוט מיר זאָגנ, מאמע, אז הײַנט איז שוינ דער לעצטער אפדערנאכט,
אוי, דער לעצטער אפדערנאכט.

אוי, איינס אזייגער, מאמעניו, נאָכ א האלבע נאכט,
אוי, ליג איכ מיר אונ טראכט,
אוי, אזוי האָט מענ מיר, מאמעניו, די רעשעניע געבראכט.
מײַנ הארצ האָט מיר געזאָגט, מאמע, אז הײַנט איז שוינ דער לעצטער אפדערנאכט,
אז הײַנט איז שוינ דער לעצטער אפדערנאכט.

צוויי אזייגער, מאמעניו, אינ דער נאכט,
אוי, ליג איכ מיר אונ טראכט,
אזוי האָט מענ מיר, מוטער מײַנע, מײַנ פאָטער געבראכט —

— אוי וויי, קום אהער, פּאָטער, צו מיר, געזעגענען לאָמיר זיך מיט דיר,
געזעגענען לאָמיר זיך מיט דיר.

אוי, דריַי אזייגער, מאמעניו, אין דער נאכט,
אוי, ליג איך מיר, מאמעניו, אף דער אָדינאָטשקע און טראכט,
אוי וויי, מיַין הארץ האָט מיר געזאָגט, אוי, מאמע,
אז היַינט איז דער לעצטער אפּדערנאכט.

אוי, פיר אזייגער, מאמעניו, סע שוין באלד נאָך דער נאכט,
אוי, ליג איך מיר און טראכט,
אזוי האָט מען מיר, מאמעניו, דעם קאזיאָנע ראבינער געבראכט.
— אוי וויי, קום אהער, מיַין קינד, צו מיר, און ווידע לאָמיר אָפּזאָגן מיט דיר.

אוי, פינף אזייגער, מאמעניו, סע שוין באלד נאָך דער נאכט,
אוי, ליג איך מיר און טראכט,
אוי, אזוי האָט מען מיר, מוטער מיַינע, מיַין שוועסטער געבראכט.
— אוי וויי, קום אהער, מיַין שוועסטער, צו מיר,
און זען וועסטו זיך מיינ ניט מיט מיר.

אוי, זעקס אזייגער, מאמעניו, סע איז שוין נאָך דער נאכט;
איך ליג מיר און טראכט,
אוי, אָט אזוי האָט מען אונדז, מוטער מיַינע, צו אָדעסער טליִע געבראכט.
אוי וויי, אין אָדעס איז געוואָרן א יאָמער מיט איין קלאָג —
צוויי ברידער אופגעהאנגען אין איין טאָג.

18

רוישכוידעש עלעל אין א דינסטאָגענ טאָג, א דינסטאָגענ טאָג,
אף שפּיטאָלנע גאס איז א יאָמער מיט א קלאָג, מיט א קלאָג:
מ'האָט געהאנגען צוויי ברידער פון איין מאמען אין איין טאָג,
ס'איז א יאָמער מיט א קלאָג.

צוועלף אזייגער באדערנאכט ליג איך מיר און טראכט,
אוי, דער קליוטשניק האָט די טורמע פארמאכט, אוי, פארמאכט,
מיַין הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דאָס איז די לעצטע נאכט,
דער קליוטשניק האָט די טורמע פארמאכט, אוי, פארמאכט.

איינס אזייגער באדערנאכט ליג איך מיר און טראכט,
אוי, די רעשעניִע האָט מען פארטיק געמאכט, אוי, געמאכט;
מיַין הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דאָס איז די לעצטע נאכט,
די רעשעניִע האָט מען פארטיק געמאכט, אוי, געמאכט.

צוויי אזייגער נאָך האלבע נאכט ליג איך מיר און טראכט,
אוי, די קיביטקע האָט מען אונדז געבראכט, אוי, געבראכט;
מײַן הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דאָס איז די לעצטע נאכט,
די קיביטקע האָט מען אונדז געבראכט, אוי, געבראכט.

דרײַ אזייגער נאָך האלבע נאכט ליג איך מיר און טראכט,
אוי, די טליִע האָט מען שוין פארטיק געמאכט, אוי, געמאכט.
מײַן הארץ האָט מיר געזאָגט, אז דאָס איז די לעצטע נאכט,
די טליִע האָט מען שוין פארטיק געמאכט, אוי, געמאכט,

פיר אזייגער נאָך האלבע נאכט ליג איך מיר און טראכט,
אוי, דעם קאזיאָני ראבין האָט מען צו אונדז געבראכט, אוי געבראכט:
— שטיי אוף, מײַן קינד, ווידע וועל איך זאָגן מיט דיר.
די שווארצע פור האָט מען שוין געבראכט נאָך מיר, אוי, נאָך מיר.

פינף אזייגער פארטאָג ליג איך מיר און טראכט,
אוי, די מאמע האָט מען צו מיר אין קיטש ארײַנגעבראכט, געבראכט.
און וויפל מע יאָגט זי און מע פלאָגט זי, אָפּטרעטן וויל זי נישט פון מיר.
א קינד פאר א קאָרבן גיט זי, אָך, אָפּ פאר מיר, אוי, פאר מיר.

★

## 5. רעוואָליוציאָנערע וויג-ליד

1

שלאָף, מײַן קינד, שלאָף קעסיידער,
זינגען וועל איך דיר א ליד,
אז דו, מײַן קינד, וועסט עלטער ווערן,
וועסטו ויסן דעם אונטערשיד.

אז דו, מײַן קינד, וועסט עלטער ווערן
און דו וועסט זײַן מיט לײַטן גלײַך,
דעמלט וועסטו געוואָרע ווערן,
וואָס הייסט אָרעם און וואָס הייסט רײַך.

די טײַערע פּאַלאַצן מיט די טײַערע הײַזער—
דאָס מאַכט אַלץ דער אָרעמאַן;
און ווייסטו, ווער עס טוט אין זיי וווינען?
גאָר נישט ער, נאָר דער רײַכער מאַן.

דער אָרעמאַן, ער וווינט אין קעלער,
דער ווילגאָטש גיסט זיך פון זײַנע ווענט—
דערפון דערהאַלט ער רימאַטן־פעלער
אַף זײַנע פיס און אַף זײַנע הענט.

אַף דעם וואַסער בין איך געפאָרן,
כ'האָב געוואָלט זען, ווי די וועלט איז שיין.
אָבער דו, מײַן קינד, שלאָף קעסיידער—
דאָס אַלץ צו וויסן ביסטו נאָך קליין.

2

שלאָף, מײַן קינד, מײַן טײַער לעבן,
זינגען וועל איך דיר אַ ליד,
אַז דו, מײַן קינד, וועסט עלטער ווערן,
וועסטו פאַרשטיין דעם אונטערשיד.

אייניקע יאָרן, זיי וועלן פאַרבײַגיין.
ווען דו וועסט ווערן מיט מענטשן גלײַך,
דאַן וועסטו פאַרשטיין,
וואָס הייסט אָרעם און וואָס הייסט רײַך.

סעדער און צוויטן און ווײַנגערטנער,
דאָס פלאַנצט אַלץ אויס דער אַרבעטסמאַן.
און גיב אַ קוק, ווער עסט די פרוכטער,—
אַלץ ניט ער, נאָר דער רײַכער מאַן.

דער אַרבעטסמאַן, ער וווינט אין קעלער,
דאָס וואַסער גיסט זיך פון די ווענט,
דערפון באַקומט ער רימאַטן־פעלער
אין די פיס און אין די הענט.

סאַלאָנען, פּאַלאַצן און הײַזער,
דאָס אַרבעט אַלץ אויס דער אַרבעטסמאַן.

גיב א קוק, ווער עס ווינט דערינען,—
אלץ ניט ער, נאָר דער רײַכער מאַן.

אַלע סכוירעס, וואָס פון דער גאַנצער וועלט,
דאָס ארבעט אלץ אויס דער ארבעטסמאַן.
און גיב א קוק, ווער עס נעמט צו די געלטער,—
אלץ ניט ער, נאָר דער רײַכער מאַן.

3

שלאָף, מײַן קינד, מײַן קינד מײַן שיינער,
שלאָף, מײַן זונעניו!
א יונגער סיבירניק איז דער טאַטע דײַנער,
שלאָף, ליו־ליו, ליו-ליו.

בא דײַן וויגל זיצט דײַן מאַמע,
זינגט א ליד און ווײנט;
דו ווײסט דאָך דאָס פארשטיין מיסטאַמע,
וואָס זי האָט געמיינט.

אין סיביר איז דײַן טאַטע,
שלאָף, מײַן זונעניו!
דו ביסט נאָך יונג, שלאָף לעסאַטע.
אײַ־ליו־ליו, ליו־ליו.

מײַנע צאָרעס זײַנען אזוי גרויס,
שלאָף, מײַן זונעניו!
שלאָף, מײַן זון, מײַן קינד מײַן ווײלס,
שלאָף, ליו-ליו, ליו־ליו.

4

דו הערסט דאָס ליד פון מיר זינגען
מיט אָפענע אויגן,
אך, דײַן פאָטער איז אין סיביר,
ער וואָלט מיט פליגלען אהער געפלויגן.

אָבער ס׳איז אים צו שווער
קומען אהער צוריק,

שלאָף, מײַן קינד, כ'האָב קיין קרעפּלעך מער,
אַך, ווי גרויס איז מײַן אומגליק.

5

שלאָף, מײַן קינד, שלאָף קעסיידער,
זינגען וועל איך דיר אַ נײַע ליד;
שלאָף, מײַן קינד, אוי, גאָר אָן ווייטעק,
הער נאָר אויס דאָ מײַן פּאַרוויג.

ווען, מײַן קינד, דו וועסט עלטער ווערן,
וועסטו זיך אַרומזען, ווו דײַן פאָטער איז;
ער האָט זײַנע הענט און פיס געשלאָסן
און אין טורמע ליגט ער פאַרוויסט.

אַך, ווען, מײַן קינד, דו וועסט עלטער ווערן,
וועסטו וועלן וויסן, ווו דײַן פאָטער איז פאַראַן;
דו זאָלסט צערײַסן די אײַזערנע קייטן,
דו זאָלסט נעמען ראַכע פון דעם טיראַן.

6

איך, דײַן מוטער, וויג דיך, קינד,
מאַך דײַנע אייגעלעך צו.
מוטיק, קרעפטיק ווינטש איך דיר אַצינד,
אַליו־ליו־ליו־ליו.

מוטיק, קרעפטיק זאָלסטו שטײַגן,
מײַן קינד, פון יעצט אָן,
האַס און פאַראַכטונג זאָלסטו צײַגן
צו דעם ווילדן טיראַן.

און אַז דו, מײַן קינד, וועסט עלטער ווערן,
און דו וועסט נאָך עטוואָס פאַרשטיין,
זאָלסטו טרײַהײַט די געדריקטע שווערן
און מיט זיי אין קאַמף גיין.

דו זאָלסט, מײַן קינד, שטיין פאַר מײַנע ברידער,
וועלכע גייען אין קאַמף פאַר רעכט,

דו זאָלסט, מײַן קינד, העלפֿן שטירצן נידער
הערשער, הענקער, אומרעכט.

און אז דו, מײַן קינד, וועסט גרעסער ווערן,
דו וועסט שטעלן די ערשטע פוס אף דער ערד,
זאָלסטו דײַן פאָטערס צוואָע טאָן הערן
און נעמען אין די רעכטע האנט די שווערד.

און אז דו, מײַן קינד, וועסט זיך דערוויסן,
ווי דײַן פאָטער איז יעצט,
ווער ס'האָט אים אין קייטן געטאָן שליסן,
אין אלע טורמעס געזעצט,

זאָל זיך בא דיר פיל ראכע דערוועקן
פאר דײַן פאָטערס בלוט,
עס זאָל דיר קיין קייטן, קיין טורמעס ניט אָפּשרעקן,
און ראכע זאָלסטו נעמען מיט מוט.

דײַן פאָטער האָט געקעמפט, ווי א העלד,
פאר פראַוו און רעכט,
שטאָלץ האָט ער זיך אוועקגעשטעלט,
ווען מע האָט פארבלוטיקט ווי קנעכט.

הערשער, הענקער זײַנען געקומען
און דײַן פאָטער אומגעבראכט.
זיי האָבן בא אים זײַן לעבן צוגענומען,
אזוי ווי רויבער שפעט באנאכט.

און זיי האָבן אים באגראָבן
צוזאמען מיט זײַן הייליקן געפיל,
הערשער, הענקער זײַנען אריבער,
און דײַן פאָטער איז געבליבן שטיל.

# סאָוועטישע פאָלקס־לידער

## 1. סטאלין

1

ער זאָרגט פאר יעדערן באזונדער —
פאר יונגע, אלטע, קראנקע, קינדער.
אלע האָבן גלײַכע רעכט,
ניטאָ קײן באלעבאטים, ניטאָ קײן קנעכט.
פון דערפער ווערן שטעט שײנע,
אלע גאסן — ציכטיק-רײנע.

די נײַע קאָנסטיטוציע, וואָס ער האָט געגעבן,
איז פארן ליכטיקן גאָלדענעם לעבן.
פון אלע 170 מיליאָן מענטשן ביז אײנעם, —
ער האָט ניט פארגעסן אין קײנעם, אין קײנעם.
פאר סטאלינען דעם פירער, זאָל לעבן,
אפילע איך, וואָס איך בין 113 יאָר אלט,
בין גרײט אָפּגעבן דאָס לעבן
אפילע די מינוט, באלד.

***

דעם ליבן סטאלין וויל איך א מאטאָנע געבן, —
ער זאָל מײַנע יאָרן דערלעבן.

2

סטאלין באַם רודער — ער פירט אונדזער שיף,
מעסט ער די ווײַטקײַט, מעסט ער די טיף.
מיר ליבן דעם פירער, מיר טרויען אים אָן,
מיר הייבן נאָך העכער זײַן ליכטיקע פאָן!
וואָס וואָיען דאָרט ווינטן מיט בייזן געברום?
זיי וועלן ניט קיינמאָל פארלעשן די זון!
שווים זשע, מײַן שיף, צו דעם ליכטיקן ברעג,
א דאנק אים, דעם פירער, פאר פריילעכע טעג.

3

פאר טײַכן פרייד, פאר שטראָמען גליק,
פאר נײַער קלינגענדיקער ליד,
וואָס שוועבט ארום פון ראנד ביז ראנד,
פאר נײַעם ליטערן געזאנג,
וואָס קלינגט אין גרויסן, קלאָרן לאנד, —
דיר, סטאלין, פירער, אונדזער דאנק!
פאר ליבן רויש פון נײַע שטעט,
וואָס וואקסן אויס אין ווילדן סטעפּ,
אין טײַגע-וואלד, אפ צאָפּן-אײַז
און הינטער דעם פּאָליארן קרײַז,
וואָס טראָגן רום דעם גאנצן לאנד, —
דיר, סטאלין, פירער, אונדזער דאנק.
פון פעלקער פיל דו הערסט דאָס קאָל,
ס'קלינגט שטארקער, מעכטיקער פון שמאָל,
און הייסער שטראָמט די פרייד און גליק
פון רעפּובליק ביז רעפּובליק.
פון מאָסקווע־שטאָט ביז עקסטן ראנד,
פון אלע עקן פון מײַן לאנד —
דיר, סטאלין, פירער, אונדזער דאנק.

4

שיין איז דאָס לעבן,
פריידיק איז דאָס לעבן,
וואָס אונדזער גרויסער סטאלין
האָט אונדז געגעבן.

ער האָט די גרויסע שיינע זונ
אפ דער ערד אראָפּגעבראכט,
א בליִענדיקנ גאָרטנ
פונ אונדזער לאנד געמאכט.

אינ זײַנ הארצנ ברענט א ליבע,
זײַנ הארצ זייט גליק.
בלומענ וואקסנ אויס
אונטער זײַנ ווארעמענ בליק.

פונ אײַזנ אונ פונ שטאָל
געשמידט די פארטיי.
אינ אײַזנ אונ אינ שטאָל
געפאנצערט די ארמיי.

שטאָלענע אָדלערס
אינ הויכע הימלענ פליִענ,
דער סוינע זאָל ניט שטערנ
דעמ גאָרטנ זיכ צעבליִענ.

אונדזער שיינער גאָרטנ
ווי שיינ האָט זיכ צעבליט!
פאר דעמ כאזער־שנוק
א שווערד איז אויסגעשמידט.

זאָל דער כאזערשער פיסק
א שמעק טאָנ אונדזער ערד,
וועלנ מיר אימ אָפּהאקנ
מיט דער סטאלינישער שווערד.

5

ס'איז פאראנ אזא מענטש,
וואָס מע קענ אימ אומעטומ,
אינ יעדער דערפעלע אונ שטעטל,
אויכ אינ ווײַטנ קארא־קומ.

אומעטום, אינ יעדנ ווינקל,
איז באקאנט זײַנ ליבער נאָמענ,
ס'איז דער גרעסטער פרײַנט פונ קינדער,
ס'איז דער פרײַנט פונ מיליאָנענ.

ער האָט געקעמפט פאר אונדזער לעבנ,
אונ געקעמפט האָט ער מיט מוט.
גרייט געווענ דאָס לעבנ געבנ,
נאָר אונדז לעבנ זאָל זיך גוט.

מיר דאנקענ אים, מיר ליבנ אים
פאר א לעבנ אזא מינ,
אים, דעם פירער פונ די פעלקער, —
אונדזער ליבנ כאווער סטאלינ.

6

צײַט די ראטנ זײַנענ געשאפנ געוואָרנ,
איז שוינ דורכגעגאנגענ צוואנציק יאָר.
די אלטע צײַטנ אפ אייביק פארלאָרנ —
דאָס איז פאר יעדנ מענטשנ קלאָר.

א גוטער לעבנ איז אינ קאָלווירט געוואָרנ,
מאשינענ האָבנ פארביטנ די פערד,
קאָמבײַנענ שנײַדנ ווייצ מיט קאָרנ,
טראקטאָרנ הייבנ שיכטנ ערד.

אכט מיליארד, זאָגט דער כאווער סטאלינ,
דאָס דארפ האָבנ אונדזער לאנד,
ארבעט גוט — וועט ניט גיינ פארפאלנ
פונ קאָמבײַנענ אפילע א זאנג.

לעבנ זאָל דער באליבטער כאווער סטאלינ,
ער איז אונדזער בעסטער פרײַנט,
זײַנע ווערטער, ווי ליכטיקע קרישטאָלנ,
שפיגלענ אָפּ דעם מאָרגנ מיטנ הײַנט.

לעבן זאָלן די רויטע פאָנען,
וואָס פלאַטערן הויך און ברייט,
זאָלן וויסן די פאַרביסענע סאָנים,
אַז דאָס זעקסטל וועלט איז שטענדיק גרייט.

7

ער איז דער קליגסטער אויף דער ערד,
ער איז דער העכסטער פון די בערג.
אַלע זינגען מיר די ליד,—
דער אוזבעק און דער טאַדזשיק,
דער אוקראַיִנער, דער ייִד,—
וועגן סטאַלינען די ליד.

8

איבער ברייטן לאַנד,
פון די ווײַטסטע ערטער,
קײַקלען זיך צו אונדז
כוואַליע סטאַלינס ווערטער.

פון דעם הייסן דאָרעם
ביז דיווילדע טײַגעס
האָט ער אָפּגעווישט
אַלע מענטשנס דײַגעס.

זײַנע זײַנע ווערטער
ליב אונדז און פאַרשטענדלעך,
יונג און אַלט ווילן
אויף סטאַלינען זײַן ענלעך.

9

עס איז אויף אונדזער גרויסער ערד
פאַראַן אַ מענטש פון גרעסטער ווערט.
ער איז דער קליגסטער אויף דער וועלט,
ער האָט פאַר אונדז דאָס גליק צעהעלט

עס איז זײַן קאָל — דאָס קאָל פֿון פֿאָלק,
וואָס הערט זײַן רוף און אַלעס פֿאָלגט.
ער איז מיט פֿאָשטעטקײַט געבענטשט,
עס איז זײַן פּרענטש א פּראָסטער פּרענטש,
עס איז זײַן שפּראַך א פּראָסטע שפּראַך...

ער איז אַפֿ שטענדיק יונג און וואַך,
ער איז דער ווונדער צווישן אַלע
מיטן נאָמען — מענטשן־געני סטאַלין.

10

איבער אונדזער גרויסן לאַנד
שײַנט דער הימל לויטער,
ס'פֿלאַטערן מיט פֿײַער־פֿלאַמ
פֿאָנען העלע, רויטע.

פֿול די לופֿט מיט זונענשײַן,
ס'הילכט מוזיק אין גאַסן,
איך שטעל זיך אָפּ און הער זיך אײַן —
ס'זינגען פֿריידיק מאַסן.

ס'האָבן זיך צעשטעלט אין ריי
צוואַנציק יאָר פֿון בויונג,
ס'איז אַפֿ אײביק שוין אוועק
אַלטער לעבן, גרויער.

יעדן נײַעם טאָג מיר זען,
יעדן טאָג מיר פֿילן
סטאַלינס גרויסע זאָרג פֿאַר מענטשן,
זײַן געדאַנק, זײַן ווילן.

מיט דער שײַן פֿון זײַן געדאַנק
באַשײַנט איז אונדזער לעבן, —
מיר דערשלאָגן זיך צו אַלץ,
צו וואָס מיר טוען שטרעבן.

וואקסט טעכניק פון טאָג צו טאָג,
וואקסן מענטשן העלדן.
צאָפן־פּאָליוס איז באזיגט,
נאָענט — ווײַטע וועלטן.

אין אמעריקע דער וועג
איז ניט ווײַט געוואָרן,
פּליִער העלדן, טרײַע זין,
האָט דאָס לאנד געבאָרן.

מוטער טרײַע, גרויסעס לאנד,
דײַנע זין און טעכטער
זײַנען אלע שטענדיק גרייט,
אלע — דײַנע וועכטער.

11

באָלשעוויסטיש מאכן די קאָלווירטן,
פארמעגלעך דארפן מיר אלע זײַן,
צו פארמעגלעכקײַט פירט אונדז כאַווער סטאלין,
צו א לעבן, פול מיט ליכטיקײַט און שײַן!

אין קאָלווירט איז גרינג און גוט צו לעבן,
אין קאָלווירט איז גוט און ליב צו זײַן.
זאָל זשע אונדזער כאַווער סטאלין לעבן,
וואָס פירט צו א לעבן מיט ליכטיקײַט און שײַן.

12

איבער שטרעקעס ווײַטע,
פון צאָפן־קאנט ביז קרים,
הערט זיך הײַנט דורך ראַדיאָ
כאַווער סטאלינס שטים.

אונדזער קאָנסטיטוציע
שײַנט און לויכט און העלט...
פון אזא מין קאָנסטיטוציע
ווייסט נאָך ניט די וועלט.

איבער אונדזער לאַנד
פלאַטערן די פאָנען.
אָט די קאָנסטיטוציע
באַגייסטערט מיליאָנען.

13

שטייט א הויכע, שיינע וואַנט,
אפן וואַנט פּאָרטרעטן —
סטאַלינס קינדער פון זײַן לאַנד
מיט זײַן האַנט טוט גלעטן.

ס'איז אַמאָל געווען דאָס לאַנד —
טפיסעס פול און טראַנען,
איצט האָט זיך יעדער וואַנט
אויסגעפּוצט אין פאָנען.

זײַנען לענדער דאָ ארום
טפיסעס פול און טראַנען,
שיקן זיי אהער צו אונדז
„איידעלע" שפּיאָנען.

זיפצט דער סוינע: „וויי איז מיר,
ווינד איז מיר, — וואָס טוט זיך?..
אין זאַוואָדן און קאָלווירטן
סטאַלינס קאָנסטיטוציע..."

14

פריי זיך, סטאַלין, מיט דײַנע ווונדערלעכע זיגן,
וואָס דײַן קלוגע אָנפירונג האָט געגעבן דעם ראַטנלאַנד,
דיר דאַנקען די אַלטע, אויך די קינדער אין די וויגן,
וואָס דו האָסט פאַרבעסערט זייער שטאַנד.

אינעם גרויסן יאָנטעוו, וואָס וועט אײַנגיכן זײַן,
וועל איך אויפהייבן דײַן רויטע פאָן,

פאר דײַן געזונט װעל איך אויסטרינקען א בעכער װײַן
און דײַן בילד אװעקשטעלן אויבנאָן.

15

װײַל צו דיר, מײַן לאַנד,
דו פארמאָגסט א מענטשן,
מיט װעמען די גאנצע װעלט
מעג זיך בענטשן.

פון גאָרער װעלט
איז סטאַלין דער געני דער גרעסטער,
פון גאָרער װעלט
איז ער דער ליבסטער און בעסטער.

גרעסער פון די בערג,
שענער פון די בליִענדע טאָלן,
העלער פון דער זון
לויכטן זײַנע שטראַלן.

אין הארצן פון די ארבעטער
פון קאָלווירטן און פאבריקן
װערט װארעם פון זײַן זיסן שמייכל
און פרײַנטלעכע בליקן.

אלע געפאלענע און דערשלאָגענע
טרייסטן זײַנע רייד
און פילן אָן זייערע הערצער
מיט מוט און מיט פרייד.

פון אלע פײַנט באוואכט ער אונדז,
װי א טרײַער װעכטער,
װי א צערטלעכער פאָטער
זײַנע אייגענע זין און טעכטער,

ווי צו פארשקלאפן זייערע פעלקער
טראכטן קאפיטאליסטן און קלערן, —
און סטאלין טרוימט, די גאנצע וועלט
זאָל גליקלעך, פרײַ ווערן.

ליבט אים טאקע די גאנצע וועלט —
און עס איז ניט קיין וווּנדער,
ווײַל די גאנצע וועלט איז אים טײַער
ווי אייגענע קינדער.

אלע לענדער, מײַן לאנד,
מעגן זיך מיט דיר בענטשן,
ווײַל דו פארמאָגסט סטאלינען,
דעם בעסטן פון אלע מענטשן.

16

אפן אָקטיאבער־יאָנטעוו
וועל איך אין מאָסקווע פאָרן,
איך וועל דעם קרעמל זען
אפ די עלטערע יאָרן.

דערנאָך וועל איך צוגיין
אין גרויסן מאַוזאָליי
און וועל לעבן מײַן טײַערן
לענינען שטיין.

דערנאָך אפ דער דעמאָנסטראציע,
אפן רויטן פלאץ
וועל איך אוועקטראָגן
מײַן פריילעך הארץ.

כ'וועל צוגיין צו דער טריבונע,
וווּ סטאלין שטייט,
און כ'וועל אים א בוקעט בלומען
אָפגעבן מיט פרייד:

— פארנ גליקלעכנ לעבנ,
כאווער סטאלינ, א דאנק!
אונ איכ וועל אימ א דריק טאָנ
זײַנ פאָטערשע האנט.

17

אזוי ווי דער טאָג,
ווי די זוניקע שטראלנ,
לײַכטסטו אונ שײַנסטו,
ליבלעכער סטאלינ!

אונדז אלעמענ האָסטו
באשאָנקענ מיט גליק,
פאר אלעמענ צארטקײַט
געפונענ אינ בליק.

ווי ריינ ס'איז דאָס וואסער
פונ לויטערע קוואלנ,
איז לויטער דײַנ נאָמענ,
טײַערער סטאלינ!

עס ברויזט איצט דאָס לעבנ
מיט ליכטיקסטע קוואלנ,
באזוימט האָסט מײַנ לאנד
מיט זוניקע שטראלנ.

דער בעכער פונ ליבע
שוינ גיסט זיכ אריבער...
א דאנק דיר, מײַנ פירער,
מײַנ הארציקער, ליבער!

18

שפיל, מײַנ פידל, העכער, שענער,
אפ די סאמע צארטסטע טענער,
וועגנ פרײַהײַט, פרייד אונ גליק,
וועגנ אונדזער גרויסנ זיג,
וועגנ אונדזער גרויסנ פירער —

וועגנ סטאלינענ מײַנ ליבנ,
וועלכער פרײַהײַט האָט געגעבנ
אונ געשענקט אונדז אזא לעבנ.

19

טײַערער, כאָשעווער כאווער סטאלינ,
געטרײַער מענטשנ-פרײַנט!
אינ מײַנ הארצ דעמ אלטנ
איז א הייסער גרוס באהאלטנ.

צו מײַנ עלטער זע איכ א פרײַע, שיינע וועלט,
אונדזערע פעלדער זעטיקע מיט ברויט.
מיר זײַנענ פרײַ פונ שאנד, פונ נויט.
ווײַנגערטנער, באשטאנענע
טוענ אלע ווײַלע דײַנ טײַערנ נאָמענ דערמאנענ.

אונדזערע ווינונגענ שיינ באלײַכט,
מיר זײַנענ דערפרייט אינ דער פינצטערער נאכט.
אָגראדע ארומ מײַנ שטוב
איז מיר טײַער, איז מיר ליב.

די ביימעלעכ קליינע
שענקענ האָפענונגענ שיינע,
אונ ווענ איכ טו זיי באגיסנ,
שיק איכ דיר די הערצלעכסטע גריסנ.

20

אונדזער לעבנ פול מיט גליק
אונ מיט זונענ-שטראלנ,
ווײַל עס פירט אונדז שטאָלצ צומ זיג
אונדזער ליבער סטאלינ.

וואונדערשיינ זײַנענ די טעג,
איינס פונ צווייטנ שענער,
הילכנ אומ אינ גרינעמ פעלד
פריידנדיקע טענער.

און די זון, זי בראָט און גליט,
ס'פינקלט אין די אויגן,
ס'האָט א ייִד, אן אלטער שמיד,
אזא ליד פארצויגן:

„שיין, שיין, העלע זון,
דיינע בעקלעך רויטע,
ס'איז אוועק מיין ערשטער זון
אין ארמיי דער רויטער.

לאָמיר טאנצן, ווייב מיין, קום,
גליקלעך זיינען יאָרן,
איצטער איז דער צווייטער זון
אינזשעניער געוואָרן.

און די זון, זי גליט, ווי גוט,
הערט ניט אוף צו גליִען,
ס'וועט מיין יינגסטער, דריטער זון
אין דער ארקטיק פליִען".

וווּנדערשיין זיינען די טעג,
איינס פון צווייטן שענער,
הילכן אום אין גרינעם טאָל
פריידנדיקע טענער.

21

סטאלינס קאָנסטיטוציע —
אונדזער פרייד און גליק,
מיר קענען זי באשיצן —
ניט קיין טראָט צוריק!

סטאלינס קאָנסטיטוציע
איז אונדז ליב און טייער,
ס'וועט די קאפיטאליסטן
טייטן אונדזער פייער.

סטאַלינס קאָנסטיטוציע
האָט אונדז פרייד געגעבן.
מיר ווינטשן סטאַלינען געזונט
פאר אונדזער גליקלעך לעבן!

22

רויִק, כוואַוואַרים, זאָל זײַן שטיל,
איך גיי דאָ זאָגן, וואָס איך וויל;
איך וויל, מײַן קאָל זאָל הויך שאַלן
צו אונדזער יאָנטעוו — צו די וואַלן.

זאָל מען וויסן, זאָל מען הערן,
צו וועמען מײַן שטים וועט געהערן:
דעם ערשטן פון אַלע אין העכסטן ראַט,
דעם כוואַוער סטאַלין, אַלס ערשטן דעפּוטאַט.

23

שפּיל מיר, מײַן פידעלע, שפּיל!
שפּיל מיר אָט דאָס, וואָס איך וויל;
איך וויל דעם כוואַוער סטאַלין שרײַבן אַ ליד,
אויסשרײַבן אים מײַן ווילן דײַטלעך און קלאָר;
איך וויל אים באַדאַנקען פאַר אונדזער גליק
און ווינטשן אים לעבן לאַנגע יאָר.

שפּיל מיר, מײַן פידעלע, שפּיל!
שפּיל מיר אָט דאָס, וואָס איך וויל;
איך וויל זייער סטאַלינען זען,
מויל צו מויל מיט אים אַ ביסל ריידן,
דערציילן, אַז כאָטש איך בין אַלט, גרוי,
לעבט זיך מיר גוט אין פריידן.

שפּיל מיר, מײַן פידעלע, שפּיל!
שפּיל מיר אָט דאָס, וואָס איך וויל;
איך וויל דעריבער בריוו צו אים שרײַבן,
אויסשרײַבן אים אינגאַנצן מײַן פאַרלאַנג.
אַ גוטער־פרײַנט אויף אייביק וועל איך אים בלײַבן,
זײַן נאָמען דערמאָן איך מיט אַ פריילעכן געזאַנג.

שפּיל מיר, מײַן פידעלע, שפּיל!
שפּיל מיר אָט דאָס, וואָס איך וויל;
איך וויל אים ווינטשן פיל יאָרן לעבן,
אונדזער פירער זאָל שטענדיק געזונט זײַן
פאַר דער קאָנסטיטוציע, וואָס ער האָט געגעבן,
וואָס פאַרשײַנט אונדז די וועלט מיט אַ ליכטיקער שײַן.

שפּיל מיר, מײַן פידעלע, שפּיל!
שפּיל מיר אָט דאָס, וואָס איך וויל!

24

ווערטער שיינע צונויפגעקליבן
האָב איך, ווי פּערל, איינס אין איינס,
און אין אַ דיכט דאָס אָנגעשריבן
אַזוי וועגן סטאַלינען אַ שיינס.

צו וועמען זאָל מען דיך פאַרגלײַכן,
ווער קען אַזאַ מאַכט פאַרמאָגן?
סטאַלין, ניטאָ אַזוינע זאַכן,
וואָס זאָלן דיך פון וועג אַראָפּשלאָגן.

צו דער זון קען מען ניט פאַרגלײַכן דיך,
פאַר וואָלקנס טוט זיך די זון באַהאַלטן,
און דו, סטאַלין, ביסט אַזוי פעסט בײַ זיך,
קיין זאַך קען דאָך דיך ניט אָפּהאַלטן.

צו וואָלקנס קען מען ניט פאַרגלײַכן דיך,
ווינטן וואָלקנס טוען דאָך פאַריאָגן,
און דו, סטאַלין, ביסט דאָך פעסט בײַ זיך,
דיך קען קיינער ניט אַראָפּשלאָגן.

צו ווינטן קען מען ניט פאַרגלײַכן דיך,
ווינטן, זיי ניט לאַנג דאָך געווען,
און דו, סטאַלין, ביסט דאָך פעסט בײַ זיך,
פון וועג וועט דיך קיינער ניט אָפּקערן.

צום יאַם קען מען ניט פאַרגלײַכן דיך,
דער יאַם רוט נישט, ער טראָגט, ער ברויזט,

און דו, סטאַלין, ביסט פעסט בא זיך
און פעסט אַז דײַן װאָרט שטייסט.

צו פײַער קען מען ניט פאַרגלײַכן דיך,
װאָסער טוט פײַער דאָך פאַרלעשן,
און דו, סטאַלין, ביסט דאָך שטאַרק בא זיך,
קיינער קען דיך ניט באַהערשן.

צו װאָסער קען מען ניט פאַרגלײַכן דיך,
װאָסער װערט אין דער ערד אײַנגעזויגן,
און דו, סטאַלין, ביסט דאָך שטאַרק בא זיך,
קיינער קען דיך ניט אײַנבויגן.

סטאַלין, צו װעמען קען מען פאַרגלײַכן דיך,
װער קען זיך קעגן דיר קליגן?
דו ביסט דאָך אַזוי פעסט בא זיך,
קיין זאַך קען דיך ניט באַזיגן.

25

פון זאַװאָד קום איך צו אײַך, ליבע ברידער,
כ׳װיל אָנהייבן זינגען פאַר אײַך לידער.
כ׳בין שוין פון פינף און פופציק יאָר א ייִד,
אָבער שטאַרק, אָבער מעכטיק איז מײַן ליד.
פון די האַמערס, װעלכע רױשיק קלינגען,
כ׳האָב זיך אױסגעלערנט הילכיק זינגען.

אַז איך װעל באַזינגען סטאַלינען דעם גרױסן,
װי מאָטאָרן װעלן מײַנע לידער רױשן,
מײַנע לידער, אַז סטאַכאַנאָװצעס װעלן הערן,
װעט זיי אין האַרצן ליכטיק, װאַרעם װערן.
און דעם ליידיקגייער און דעם פױלן
װעלן זיי אין האַרצן טרעפן װי די קױלן.

אַף דער עלטער מיט לידער כ׳בין געװאָרן רײַך,
װיל איך אָנהייבן זינגען זיי פאַר אײַך.
מיר איז שװער אין האַרצן זיי פאַרשטיקן,
צו די ליבע ברידער כ׳װיל זיי שיקן.

**איך בין א פּראָסטער ארבעטער פון זאוואָד**
**אין ווײַסרוסלאנד, אין באָברויסק דער שטאָט.**
**כ׳וויל אלע, אלע זאָלן מײַנע לידער הערן,**
**מ׳זאָל וויסן, אז אין לאנד פון רויטן שטערן**
**ווערן מענטשן אפ דער עלטער ייִנגער,**
**ווערן מענטשן אפ דער עלטער זינגער.**

★

## 2. סאָוועטישע וויג־ליד

1

קעמפן זאָלסטו,
קינד מײַן ליבער,
פאר סאָוועטנמאכט,
זײַן וועסטו
**א העלד, א גיבער**
מיט דײַן זיג אין שלאכט.

מיט דעם שטערן
מיט דעם רויטן
גיין זאָלסטו מיט מוט
און צערײַסן דײַנע קייטן
פאר דײַן אייגן בלוט.

פאלן וועלן
פאר דיר טראָנען,
טרעטן וועסט
אפ געלט,
וואקסן וועלן
רויטע פאָנען
אפ דער גאָרער וועלט.

2

אפ צו שטיפּן האָסטו דאָך
א גאנצן טאָג א גרויסן,
איצטער, קינד מײַנס, דארף מען שלאָפן,
ס׳איז שוין נאכט אין דרויסן.
שלאָפט שוין לאנג די זון,
די לעוואָנע איז אופגעגאנגען,
אפ דײַן שטילן וויגעלע
זײַנען די שטערן צעהאנגען,
אליו־ליו, מײַן טײַערער.

ווער זשע שוין אנשלאָפן,
וועט די מאמע דיר דערציילן,
וואָס האָט מיט איר געטראָפן,
ווי פון פופצן בין איך איינס,
בין איך איינס געבליבן.
געקוילעט זיבן האָט פּעטליורע,
אָרעל—די צווייטע זיבן.

ווי ס׳האָבן זיך באהאַלטן
דײַן באָבע מיטן זיידן.
ווי אין קעלער דאָרט בא אונדז
געשאָסן האָט מען ביידן.
און ווען די רויטע ארמיי
זאָל ניט געווען קומען—
וואָלט פון מיר אויך, ווי פון זיי,
ניט בלײַבן שוין קיין סימען.

ס׳האָט מיך א קינדהיים דערצויגן,
א בריגאדיר בין איך שוין היַינט,
און מיט שטאָלצקײַט אפ מײַן הארצן
לעני[נ]ס אָרדען שײַנט.
אליו־ליו, מײַן טײַערער,
שלאָף, דו ביסט נאָך קליין.
שפּעטער וועסטו אין לענינס — סטאלינס
גוטע וועגן גיין.

3

שלאָפֿ, מײַן קינד, מאַך דײַנע אײגעלעך צו,
אין אַ לאַנד געבאָרן ביסטו,
וווּ אַלע לעבן און אָטעמען פֿרײַ.
זאָלסטו אים זײַן שטענדיק געטרײַ,
זאָלסטו אים זײַן שטענדיק איבערגעגעבן
מיט גאַנצן לײַב און גאַנצן לעבן.
שלאָף, מײַן קינד, שלאָף, ניט וויין,
פֿאַר סאָוועטישע קינדער איז וויינען ניט שיין,
סאָוועטישע קינדער דאַרפֿן פֿריילעך זײַן,
ווײַל זיי געניסן פֿון ליכט און שײַן.
נאָר אַמאָל, בײַ דער צאַרישער מאַכט,
איז קינדער געווען פֿינצטער ווי נאַכט,
איצט זײַנען זיי גליקלעך אָן אַ סאָף.
שלאָף זשע, מײַן קינד, שלאָף זשע, שלאָף.

4

שלאָף, מײַן קינד, וועסט גליקלעך זײַן,
וועסט ניט וויסן פֿון קיין פּײַן,
ווי אַמאָל די שוועסטער און ברידער,
וועסט נאָר וויסן פֿון פֿרייד און לידער.
ס'האַלט דעם רודער פֿונעם לאַנד
אונדזער סטאַלין פֿעסט אין האַנט.
אונדז ער פֿירט צו גרויסע זיגן.
שלאָף, מײַן קינד, מײַן פֿאַרגעניגן!
נאַכט אויף שטעט און נאַכט אויף פֿעלדער,
און אין האַרץ איז טאָג.
שלאָף זשע אײַנעט, קינד מײַן טײַערס,
סטאַלין היט דיך אָפּ.

5

שלאָף, מײַן קינד, וועסט גליקלעך זײַן,
וועסט ניט וויסן פֿון צאָרעס און פּײַן,
ווי אַמאָל דײַנע שוועסטער און ברידער,
נאָר פֿון פֿרייד און פֿיל לידער.

דעם רודער פון אונדזער לאַנד
האַלט סטאַלין זיכער אין האַנט,
און ער פירט אונדז צו גרויסע זיגן.
שלאָף, מײַן קינד, מײַן פאַרגעניגן.

שלאָף, ניט דריי זיך הין און הער,
פאַר אַלע קינדערלעך דאַגעט ער.
ער וויל, זאָלסט גליקלעך לעבן,
האָט ער צוויי טויזנט דיר געגעבן.

שלאָף, מײַן קינד, ניט וויין,
פאַר דיר דאַגעט סטאַלין אַליין!

6

שלאָף, מײַן זון, מײַן טײַער פייגעלע,
מאַך די א׳יגעלעך צו,
ווערסט נאָך צײַט האָבן צו שטיפן,
א׳צטער שלאָף אין דײַן רו.

איך וועל דיר קויפן שיינע ביקסעלעך,
מיט אַ רויטינקער פאָן,
דו ווערסט וואַקסן אַ געראָטענער,
שלאָף, מײַן ליבער זון.

שלאָף, מײַן זון, מײַן טײַער פייגעלע,
שלאָף זשע, שלאָף זשע אײַן,
ווערסט אויסוואַקסן אַ גרויסער, אַ שיינינקער
און אַ פליִער זײַן.

ווערסטו פליִען אין דער ווײַט אַהין
מיט דער זון באַגלײַך,
און איר וועט זיך ביידע, גליקלעכע,
שפּיגלען אינעם טײַך.

שלאָף, מײַן זון, מײַן טײַער פייגעלע,
מאַך די אייגעלעך צו,
ווערסט נאָך צײַט האָבן צו שטיפן,
איצטער שלאָף אין דײַן רו.

שלאָפּ זשע, זונעניו מײַנער,
ליבינקער און פֿײַנער,
שלאָפּ זשע, שלאָפּ זשע אײַן,
געזונט זאָלסטו מיר זײַן.

אז דו װעסט רויִק ליגן,
װעל איך דײַן װיגל װיגן
און דיר מיט פֿארגעניגן
א שײן מײַסעלע דערצײלן
װעגן אונדזער סטאלינען דעם װוילן,
װעגן סטאלינען דעם גרויסן,
װאָס האָט אונדזערע פֿײַנט פֿארשטויסן,
פֿון זײערע הענט אונדז ארויסגעריסן,
אונדז געגעבן א לעבן א זיסן,
װאָס מיר, מײַן קינד, געניסן.

זונעלע, ליבינקער דו מײַן,
שלאָפּ זשע, שלאָפּ דערװײַל אײַן,
געזונט זאָלסטו מיר זײַן.

אָט דער סטאלין דער װוילער,
אונדזער ברויט-טײלער,
ער טוט קײנמאָל ניט רוען,
ער טוט זיך שטענדיק מיִען;
ער איז דאָך אזוי גערן,
ער װאָלט קײנמאָל ניט אופהערן,
ער װאָלט נאָך מער װעלן
אונדז צופרידן שטעלן.

זונעלע, ליבינקער דו מײַן,
אונדזער ליכטיקע שײַן,
שלאָפּ, שלאָפּ זשע אײַן,
געזונט זאָלסטו מיר זײַן.

און אײַך, װוילע קינדער,
האָט סטאלין ליב באזונדער.

ער טוט זיך פאַר אײַך מיִען,
מע זאָל אײַך גוט דערציִען,
איר זאָלט האָבן ווו צו רוען.
דאָס איז סטאַלינס ווילן;
איר זאָלט זיך גליקלעך פילן,
פריילעך אַזוי שפּילן.
ביז איר וועט גרויסע ווערן,
וועט איר דאָך צו אים געהערן,
און איר וועט דאָך אַזוי גערן
אונדזערע פּײַנט צעשטערן.

זונעלע, ליבינקער דו מײַן,
אונדזער לעבן, ליכטיקע שײַן,
שלאָף, שלאָף זשע דערווײַל אײַן,
געזונט זאָלסטו מיר זײַן.

8

איינס, צוויי, דרײַ, פיר,
קליינע קינדער זײַנען מיר,
אונדז לעבט זיך גוט, אונדז לעבט זיך פרײַ,
איינס, צוויי, דרײַ.

סטאַלין גיט אַ גוט לעבן
פאַר די קליינע קינדער דאָך,
פאַר דעם פריידיק־גוטן לעבן
דאַנק איך דאָך אים נאָך און נאָך.

איינס, צוויי, דרײַ, פיר,
לאָמיר טאַנצן אַ קאַדריל,
איינס, צוויי, דרײַ, פיר,
לאָמיר שפּילן אין אַ שפּיל.

די קאַפּיטאַליסטן ווילן אַ מילכאָמע,
זאָל זיי אַרויס די נעשאָמע,
די טראַקציסטן טאַנצן נאָך זיי,
זאָל זיי זײַן ווינד און וויי.

באָלשעוויקעס ווילן שאָלעם זאָל זײַן,
א געזונט זאָל אינ זיי ארײַנ.
איינס, צוויי, דרײַ,
גייסט ארויס פרײַ.

★

## 3. רויטע ארמיי

1

קלאפּט, קלאפּט, האמערלאכ,
קלאפּט גיכ, ווי מאשינעג,
מאכט פול די קאמערלאכ,
ווי בינשטאָקנ די בינעג.

שנעל דרייט די רעדעלאכ,
כאָטש עס סקריפּענ הארט די פּאסנ,
גיכ, גיכ גייענ די רעדעלאכ
מיטנ גרויסנ ווילנ פונ די מאסנ.

פאר די כאווײרימ אפ די פראָנטנ
וואָס מערער קליידער אונ שיכ,
וואָס שנעלער זאָלנ ארבעטנ די רעמאָנטנ,
פונ אלטע נײַע ניצעוועג מיר איבער גיכ.

אונדזערע רויטארמייער, פארטיזאנער, העלדישע יאטנ
וועלנ פארניכטנ אונדזערע סאָנים ביזנ סאָפ,
אונדזערע ביקסנ, פולעמיאָטנ אונ הארמאטנ
וועלנ די באנדעס אויסשנײַדנ ווי א טשערעדע שאָפ.

קלאפ, קלאפ, האמערל,
פול ווערט מײַנ קאמערל,
מיר נייענ גיכ
שטיוול אונ שיכ.
פאר אונדזערע כאווײרימ די שטיוול,
פאר אונדזערע סאָנים א גריבל.

2

זײַט געזונט, פרוי און קינדער, ווישט אָפּ אײַערע טרערן,
איך גיי אפּן שלאכטפעלד, נאָר מע דאַרף אָפּ שלעכטס ניט קלערן.

מע דאַרף נאָר וועגן גוטס, וועגן גוטס טראַכטן,
אַז איך וועל צוריק אַהיים קומען נאָך די שלאַכטן.

און אויב אַ צאָרע וועט געשען, מײַנע שיינע בלומען,
און איך וועל אפּן שלאַכטפעלד טראַגיש אומקומען,

ווײַל איך אײַך פריִער בעטן און פאַרזאָגן:
איר זאָלט מיך ניט באַוויינען און באַקלאָגן.

איך וויל ניט און פאַרלאַנג ניט אײַערע טרערן,
איך וויל, איך וויל, איר זאָלט אָפּ מײַן קייווער שווערן,

אַז איר וועט זײַן געטרײַ אונדזער סאָוועטנלאַנד,
זײַן גרייט פאַרטיידיקן עס מיט דער ביקס אין האַנט

ביזן לעצטן טראָפּן בלוט אַזוי ווי איך,
איר זאָלט עס ליבן מער ווי זיך.

נאָר מע דאַרף אָפּ שלעכטס ניט טראַכטן, מײַנע שיינע בלומען,
זײַט געזונט, זײַט געזונט! איך וועל צוריק צו אײַך קומען.

3

אוי, פון ליאָוועַן דעם רויטן אַרמייער
וועל איך אײַך דערציילן אַ מעַׂסע,
וויאַזוי ער האָט אַ שבֿועה געגעבן
צו פאַרטרײַבן פון רוסלאַנד די ווײַסע.

אוי, ווי ליִאָווע איז אפ די פראָנטן געקומען,
דרײַ מעסלעס איז ער ניט געשלאָפן,
די בורזשויטשיקעס האָט ער געשלאָגן,
און א קויל האָט אין הארץ אים געטראָפן.

אוי, ווי די קויל האָט אין ליִאָווען געטראָפן,
א געשריי געטאָן האָט ער פונוויַיטן:
— איך באשווער איַיך, כאוויירים געטרײַע,
איר זאָלט אפ מײַן פּאָסט מיך פארבײַטן.

אוי, וויינט ניט, מוטער, וויינט ניט, ליבע,
אוי, סמײַבעלעך, איר זאָלט ניט וואָרקען,
און אז איר וועט די שווארצע בסורע דערהערן,
זאָלט איר ניט קלאָגן און ניט אָכקען.

אוי, ליִאָווע האָט זײַן הייליקע שווּע געהאלטן.
ווער זשע וועט נאָך אים זיך פארוועטן
צו דערשלאָגן דעם ביטערן סוינע,
צו באהיטן דאָס לאנד פון סאָוועטן?

4

אז מײַן קינד איז אוועק מיט די פּאָלקן,
האָט קיינ מוזיקע ניט געטאָן שפּילן,
א מאמעס וויי, אוי, ווער קען וויסן,
א מאמעס הארצ, אוי, ווער קען פילן...

און אז די רויטע קאוואלעריע גייט
און בודיאָני איז פון פאָרנט,
דארף מען דעם קאָפּ ניט באהאלטן,
דארף מען ניט זײַן גאָר באצאָרנט.

בודיאָני איז געפלויגן פײַל־אויסן־בויגן;
ווי ער האָט נאָר געטאָן א קאָמאנדע,
אזוי האָט געכאפט די מאפּאָלע
דער גענעראל דעניקין מיט זײַן באנדע.

לאָמיר אלע גיין א פריילעכס,
וואָס מיר זײַנען פון זיי פּאָטער,
לעבן זאָל און זײַן געזונט
סטאלין אונדזער פּאָטער!

5

איןווינטן, אין פרעסט און אין רעגן,
דורך טאָלן און שטויביקע וועגן
געגאנגען זיי זײַנען אין שלאכט...
צום וואלד נעמט אן אויסשפּירער פויזען,
דערזעט ער: פון צווישן די ביימער
זיך רוקט א ווײַספּוילישע וואכ.

איז געקומען דער אויסשפּירער וואניע:
— אײַ, ברידער, אפגיכ, פּארטיזאנער!
קיין שײַטערס אין פעלד מער ניט צינדן!
שטייט אויף פון דער נאכטיקער ראָסע,
מיט ביקסן, מיט העק און מיט קאָסעס
געשווינד אפּן סוינע, געשווינד!

דורך טאָלן און ווילדע קורהאנען
אוועק זײַנען די פּארטיזאנער
אפּ פוילישער שליאכטע פּאָרויס!
די עלטסטע אפריער, ווי שטענדיק.
— פּאָרויס! ס'איז די שלאכט ניט געענדיקט!
מיר שרעקן זיך ניט פארן טויט!

פארניכטן די פאנעס מיר שטרעבן,
מיר האָבן א שווע געגעבן
אָפּטרעטן קיינמאָל צוריק.
דורך טאָלן און וויסטע קורהאנען
געגאנגען זיינען פּארטיזאנער
פאר פרייהייט, פאר לעבן, פאר גליק!

6

אז מיין בערעלע איז איצט
צום פריזיוו אוועק,
צום פריזיוו אוועק,
האָב איך אים מיט דער האנט
געגעבן א גלעט,
געגעבן א גלעט.
— איך בין א גליקלעכע איצט, —
האָב איך בערעלען געזאָגט,
בערעלען געזאָגט,—
זאָלסט, בערעלע, זיין
א גוטער סטרעלאָק,
א גוטער סטרעלאָק,
זאָלסט היטן די גרענעצן,
ווי דאָס אויג אין קאָפּ,
ווי דאָס אויג אין קאָפּ.
מיין בערעלע איז דאָך א רויטער ארמייער שוין.
א געזונט אים אין קאָפּ!
א געזונט אים אין קאָפּ!

7

מיט הארמאָשקע און מיט פויק אין א טאָג א קלאָרן
צום וואָקזאל קאָלווירטניקעס זיינען צוגעפאָרן.
זיינען מיט געזאנג אהער אלט און יונג געקומען,
אלע יאָנטעוודיק געקליידט, מיט בוקעטן בלומען.

וואָס זשע פאר א פרייד האָט דאָ אָנגעפילט דעם דרויסן
און מע זינגט און מע שפּילט אפן פלאַץ דעם גרויסן?

דאָס באַגלייט מען פֿון קאָלווירט אין אַרמיי אַ כאַווער,
יונג איז ער — בלוט און מילך — און אַ קוטשעראַווער.

גייט אַ מיטינג, האָט אַ וואָרט ער אַליין גענומען:
— פֿון אַרמיי אַ קאָמאַנדיר כ'וועל צו אײַך שוין קומען.
ווי דאָס אויג באַ זיך אין קאָפּ כ'וועל די גרענעץ היטן,
ס'זאָל מײַן היימלאַנד זײַן אַ סאָד פֿול מיט פֿרילינג־צוויטן.

אָנגעלאָפֿן איז דער צוג פּלוצעם, ווי אַ וויכער.
פֿאָכען מיידלעך מיט די הענט, פֿאָכען מיט די טיכלעך.
אונטער טענער פֿון האַרמאָן אין אַ טאָג אַ קלאָרן
שטאָלץ און מונטער אין אַרמיי אַ יונג איז אָפּגעפֿאָרן.

8

די גאַסן, די הײַזער, די פּאַרקן, די פּלעצער
באַפֿאַרבט איז אין רויט און אין גרין —
דאָס גרייט זיך צו שיקן אַ פֿריילעכע שטאָט
אין רויטער אַרמיי אירע זין.

פֿאָנען אויף הײַזער און פֿאָנען אויף פּלויטן,
בלומען, מוזיק אומעטום.
געזאָגט האָט אַ מאַמע באַם הייסן באַגלייטן
איר ליבן, איר קרעפּטיקן זון:

— דו גייסט איצט אַוועק צו באַוואַכן, צו דינען
דעם פּאָלק און דער היים און דעם לאַנד.
איז ווייס עס, מײַן זון, און האָב שטענדיק אין זינען,
זאָל קרעפּטיק און שטאַרק זײַן דײַן האַנט.

זאָלסט היטן דעם גרענעץ אַזוי ווי דײַן מאַמען,
אַזוי ווי דאָס אויג אין דעם קאָפּ.
ווײַל סאָנים עס זײַנען באַ אונדז נאָך פֿאַראַנען,
דו כאַפּסט זיי — ניט לאָז זיי שוין אָפּ.

דער זון האָט געענטפערט מיט שמייכל מיט ברייטן,
פון פרייד און פון גליק ט'ער געלאַכט.
— מאמע, זײַ זיכער, דעם גרענעץ דעם רויטן
כ'וועל היטן באַטאָג און באַנאַכט!

9

דאָס וועלדל — אין שטילינקן ציטער,
די לעוואָנע, א זילבערנע, לאַכט.
איך בין בא דער גרענעץ א היטער,
דערפאַר איז מײַן אויג שטענדיק וואַכט.

מעג טאָג זײַן, מעג נאַכט זײַן, מעג שנייען, —
ס'וועט פעסט זײַן מײַן שטאָלענע האַנט.
מעג רעגענען, דרייען זאווייען —
כ'וועל שטיין און פאַרהיטן מײַן לאַנד.

אויב ס'וועט פרוּוון די שטילקייט צעשטערן
א הינטישער ווײַסער שפּיאָן,
וועט דער גרענעץ א קלאַפּ דאַן דערהערן —
איך וועל ווײַזן מײַן לאַנד, וואָס איך קאָן.

און אויב ס'וועלן שלאַכטן צעברענען,
ס'וועט שמעקן מיט פײַער און שטאָל,
כ'וועל דעם קויעך פון די ברידער דערקענען,
וואָס זײַנען געפאַלן אַמאָל.

כ'וועל טרעפלעך דאַן שיסן אין סוינע,
ווען ער וועט פאַרפירן א קריג,
כ'וועל פון זיי לעבן ניט לאָזן קיין איינעם
און זינגען א ליד פונעם זיג.

מעג טאָג זײַן, מעג נאַכט זײַן, מעג שנייען —
ס'וועט פעסט זײַן מײַן שטאָלענע האַנט.
מעג רעגענען, דרייען זאווייען —
כ'וועל שטיין און פאַרהיטן מײַן לאַנד.

ווײַסער שניי און קאַלטע ווײַטן,
לופט איז פול מיט פראָסט,
צוויי אַרמייער רויטע רײַטן
צו דעם גרענעץ־פּאָסט.

צוויי אַרמייער — קאַמיוגיסטן,
פאָרן זאַלבענאַנד,
קאַלטן שטאָל פון קאַלטע ביקסן
האַלטן זיי אין האַנט.

רײַטן זיי — די רויטע רײַטער,
בײַ דעם גרענעץ־ראַנד,
ליגן שטומע קאַלטע ווײַטן
פון אַ פרעמדן לאַנד.

אַלץ פאַרדעקט און אַלץ פאַרווייעט,
אַלץ מיט נאַכט פאַרהילט.
ליגן שטום די קאַלטע שנייען,
ס'רוישט די טײַגע שטיל.

סאָפּקעס שטייען ווי די שליאָמען
אויף דער ווײַסער פלאַך.
פּלוצלינג יאָגן אָן יאַפּאָנער
פון דער שוואַרצער נאַכט.

ס'גייט אַ ליכטיקע לעוואָנע
אינעם הימל אויף,
טויטע פאַלן די יאַפּאָנער —
שטייען מער ניט אויף.

טראָפּנס בלוט ווי פונקען פײַער
אויפן שניי צעשפּרייט,
ס'ליגן דרײַצן סאַמורײַען —
אַלע זײַנען טויט.

ס׳גייען צוויי רויטארמייער
צו די הניאדע פערד,
ס׳האָט די נאכט וואָס צו דערציילן,
ס׳האָט די נאכט געהערט.

ווער עס וויל בא אונדז באנייען
פייער, בלוט און נויט, —
ווי די דרייצן סאמורייען
וועט ער ליגן טויט.

11

באלייטן, באלייטן זיינען מיר געגאנגען
יונגע פריזיוניקעס אין ארמיי, אין ארמיי.
ווי א רויטער עפל איז די זון געהאנגען,
און געשפריצט מיט פונקען האָט דער שניי, האָט דער שניי.

געגאנגען, געכאזערט מירעלעס געזאנגען,
זינגעוודיק און ליכטיק דאָס געמיט, דאָס געמיט,
פריילעך האָבן ווייטן ווידערהאָלט די קלאנגען,
אפן שניי געסקריפעט האָבן טריט, האָבן טריט.

מירעלע באלייט אונדז מיט ווערטער, א מעכייע,
ווי א שנירל פערל אירע ציין, אירע ציין.
— זיי זשע מיר געזונט, מיין מירעלע, מיין טרייע,
צום כאווער וואָראָשילאָוו דארף איך גיין, דארף איך גיין.

★

# 4. קאָלווירט און דאָרף

1

אז מע פאָרט קיין סעוואסטאָפּאָל,
איז דאָרט נישט ווייט פון סימפעראָפּאָל
דאָרט א סטאנציע פאראן.
וואָס טויג אייך זוכן נייע גליקן,
ס׳איז א סטאנציע גאָר אן אנטיקל.

אין דזשאנקױע דזשאן, דזשאן, דזשאן,
היי, דזשאן אין דזשאנקױע,
היי, דזשאנװיליע, היי, דזשאנקױע,
היי, דזשאנקױע, דזשאן, דזשאן, דזשאן.

װער װעט מיר ענטפערן אױף מײַן קאשע,
װוּ איז מײַן ברודער, מײַן אבראשע?
אױפֿן טראַקטאָר באַם קאָמבײַן.
די מומע סאָרע בײַ דער קאָסילקע.
ביילע בײַ דער מאָלאָטילקע.
אין דזשאנקױע דזשאן, דזשאן אַװוּ.

װער זאָגט, אַז ייִדן קאָנען נאָר האַנדלען,
עסן פֿרישע יױך מיט מאַנדלען;
ניט באַאַרבעטן די ערד.
דאָס טראַכטן אױס נאָר נאַראָנים.
ייִדן, שפּײַט זײ אין פּאָנעם.
שיקט זײ אױף קײן דזשאנקױ...
אין דזשאנקױע דזשאן, דזשאן אַװוּ.

2

אַז מע פֿאָרט קײן סעװאַסטאָפּאָל,
איז ניט װײַט פֿון סימפֿעראָפּאָל
דאָרט אַ סטאַנציע פֿאַראַן.
װער דאַרף זוכן נײַע גליקן,
ס'איז אַ סטאַנציע אַן אַנטיקל,
אין דזשאנקױע, דזשאן, דזשאן, דזשאן.

היי, דזשאן, היי, דזשאנקױע,
היי, דזשאנװילע, היי, דזשאנקױע,
היי, דזשאנקױע, דזשאן, דזשאן, דזשאן.

ענטפֿערט, ייִדן, אױף מײַן קאשע,
װוּ איז מײַן ברודער, װוּ ז'אבראשע?
ס'גײט בײַ אים דער טראַקטאָר װי אַ באַן.
די מומע לײע בײַ דער קאָסילקע,
ביילע בײַ דער מאָלאָטילקע.
אין דזשאנקױע, דזשאן, דזשאן, דזשאן.

היי, דזשאנ, היי, דזשאנקויע,
היי, דזשאנווילִיע, היי, דזשאנקויע,
היי, דזשאנקויע, דזשאנ, דזשאנ, דזשאנ.

ווער זאָגט, אז ייִדנ קאָנעג נאָר האנדלענ,
עסנ פרישע יויך מיט מאנדלענ,
נאָר ניט זײַנ קיינ ארבעטסמאנ.
דאָס קאָנענ זאָגנ נאָר די סאָנים.
ייִדנ, שפּײַט זיי אָנ אינ פּאָנעם.
טוט א קוק אפ דזשאנ, דזשאנ, דזשאנ.

היי, דזשאנ, היי, דזשאנקויע,
היי, דזשאנווילִיע, היי, דזשאנקויע,
היי, דזשאנקויע, דזשאנ, דזשאנ, דזשאנ.

3

ס'האָט געלעבט מיט אונדז א כאווער,
ס'איז געווענ א יאט א בראווער,
פונ דער שטאָט אראָפּגעקומענ,
האָט ער אונדז צונויפגענומענ:
— האָדיע קוקנ אפ די שטערנ,
א קאָלווירט זאָל בא אונדז ווערנ!

לאָמיר טרינקענ א לעכײַים
פאר דעם לעבנ פאר דעם נײַעם,
פאר די פעלדער פאר די זאטע,
פאר דער נײַער הויכער כאטע.

לאָמיר טרינקענ א לעכײַים
פאר די קינדער פאר די טרײַע,
פאר די קינדער, פאר די זקיינים,
אונ פאר אלעמענ איניינעם.
זאָל דער ערשטער קאָס זיך כוואליענ
פאר דעם ליבנ כאווער סטאלינ.

4

ווער האָט ווען געזען
פּערעספּלענצעס אַפּ טאַטשאַנקעס ?
זיי פאָרן זאלבעצענט
מיט קלומעקלעך, מיט באַנקעס.

ווײַסינקע ברינדזע,
אייגענע טשאַבאַנעס.
ס׳מעגן גלעקלעך קלינגען
פון סיוואַש ביזדאַנען.

כאַזיירים, ווי די לייבן,
שפּאַצירן איבער גאַס.
אַלטע טאַטעס לויפן,
קינדער, זײַט ניט בלאַס.

ווײַבער אַפּ טריבונעס
ריידן הויך און פרײַ.
הײַנט איז מען געקומען
באַגריסן ערשטן מײַ.

טאַטעס אין בריגאַדעס
קאָסיען הויכע זאַנגען.
מע ווייסט ניט מער פון שאַבעס
און פון שויפער־קלאַנגען.

5

מיטוואָך נאָכן בוקער,
דאָנערשטיק נאָכן פּלוג,
פרײַטיק נאָכן בראָנע,
שאַבעס אין קאָמיוג.

האָב איך מיר אַ טאַטן,
האָט ער אַ פּאָר פערד,
און אפילע שאַבעס
אַקערט ער די ערד.

גייט אראָפּ א רעגן,
ווערן פעלדער גרין,
א וווּסינק שטיבעלע
האָבן מיר אין קרים.

ס׳גייט אראָפּ א רעגן,
ווערט דער הימל ראָז,
יינגעלעך און מיידעלעך
וואקסן אין קאָלכאָז.

6

פאָרן ייִדן אין א בלאָטע,
נעצן איַין זיי די קאפּאָטע,
אָבער זינגען, זינגען זיי:
— שוין געשניטן קאָרן, היי.

פאָרן ייִדן אין א רעגן,
סקריפּען מיט די שווערע וועגן,
אָבער זינגען, זינגען זיי:
— זיַין וועט טווע אָט אזוי.

7

באַם קולאַק אין הארצן ברענט,
ס׳איז זיַין פּארצעפּ צונטער-רויט,
קאָלעקטיווער שניט צו ענד,
און די שיַיערס פול מיט ברויט.

ריַיך איז אונדזער גרינער סאָד,
פול מיט קראַפּט זיַינען די הענט,
אוי, גוואלד, גוואלד, גוואלד,
באַם קולאַק אין הארצן ברענט.

ס׳איז די מעל שוין אָפּגעמאָלט
און אף ווינטער גרייט אין זעק,
ס׳איז דאָס ווייץ געווען ווי גאָלד
אפּצולאָכעס אלע שלעק.

אײַ־אײַ־אײַ־אײַ־אײַ־אײַ!
סע קרענקט דער באַלעגופֿ אין שטוב:
נאָך אַ שטאַל און אַ בוהײַ,
און אַ נײַער דאַך דעם קלוב.

אויסגעווײַסט אין שטוב די ווענט,
אויסגעפּוצט דאָס ווײַב און קינד,
באַם קולאַק אין האַרצן ברענט—
זאָל ער ברענען אויפֿן ווינט.

8

זינט איך בין געוואָרן אַ קאָלכאָזניק,
זינט איך בין אין קאָלכאָז צו אונדז אַרײַן, —
האָט מײַן באַשע פֿינף קינדערלעך געבוירן,
און אַ זעקסטער וועט אינגיכן זײַן.

איין זון מײַנער הייסט באָריס,
און דער צווייטער — מאָטיק.
איין זון מײַנער — אַ טאַנקיסט,
דער צווייטער איז אַ ליאָטשיק.

9

אַמאָל איז געווען אַ צײַט,
זײַנען געווען אַ סאַך אָרעמעלײַט,
און הײַנט זײַנען מיר אַלע גלײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.

פֿאַרמעגלעך זײַנען מיר יעצט,
צײַט מיר האָבן ניקאָלײַען אַראָפּגעזעצט,
מיר זײַנען בעעמעס אַלע רײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.

עס הייבט זיך אַ זאַוואָד נאָך אַ זאַוואָד,
און אויף אַ פּוסטן אָרט וואַקסט אויס אַ שטאָט,
מיר זײַנען הײַנט אַלע רײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.

עס וואקסן די קאָלווירטן אומעטום,
און גרויס איז אונדזער יאָנטעוו, אונדזער רום,
מיר זײַנען הײַנט אַלע רײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.

און מיר שפּאַנען און מיר גייען פּאָרויס,
פון אונדזערע סאָנים לאַכן מיר זיך אויס,
מיר זײַנען דאָך אַלע רײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.

10

איבער פעלד כ׳גיי ארום,
אָנגעקוואָלן מיט רום
און מיט זעטיקער פרייד אין די גלידער.
כ׳זע, ווי אַ טראַקטאָר, ער גייט,
שנײַדט די ערדן אַף ברויט
און קערט הרודעס זאַפּטיקע איבער.

גיט אַ שמייכל די זון
צו דעם ריז, וואָס גייט אום.
מעזשעס ווערן צעגאַנגען, ווי שנייען!
ס׳שטראָמט אַ ליבע און ברויזט
צום קאָלווירט אַזוי גרויס,
און מיט ווארעמער פרייד הייבט אָן ווייען.

נאָך אים שפּיגלט זיך רויט
די מאַשין, וועלכע זייט,
ווארפט די זריע אין זאַפּטיקע גרונטן.
און דורך לויטערער לופט
שטראָמט העל סטאַלינס רוף
און פארגיכערט דעם גאַנג דעם געזונטן.

11

גאַרבן, גאַרבן, שיינע גאַרבן,
ווי ליב זײַט איר מיר, טײַער!
ס׳ווייסט ניט קיינער, ווי איך בין גליקלעך,
ווען איך זע אײַך אינעם שײַער.

קיינער ווייסט ניט, ווי די גארבנ
דערפרייענ מיכ, דערקוויקנ.
ווענ איכ וואָלט זיכ פאר לײַט ניט שעמענ,
צום הארצנ איכ וואָלט זיי דריקנ.

כ׳וואָלט זיי דריקנ צו מײַנ הארצנ
אונ קושנ שטארק פאר פרייד,
כ׳וואָלט זיי קושנ אונ אויכ וויינענ
פונ גרויס גליק דאנ שטילערהייט.

אמאָל האָב איכ געליטנ צאָרעס,
געליטנ הונגער, פײַנ אונ נויט,
אונ איצט איז דער קאָלווירטישער שפּײַער
אָנגעפאקט מיט זאטנ ברויט.

12

אופגעגאנגענ איז אונדזער ברויט,
גאָלדנ ווייצ אונ קאָרנ,
נײַע הײַזער אויסגעבויט,
מיר פאָרנ אפ רעסאָרנ.

סטאלינ איז אינ יעדער שטוב
אינ א טײַער רעמל,
אונ די ראדיאָ ברענגט אינ קלוב
גרוסנ פונעם קרעמל.

13

קאָרענעם ברויט קוקנ מיר ניט אָנ,
נאָר ווייצענעם ווילנ מיר פּיקנ,
קאווענעס טרעטנ מיר מיט די פיס,
אפ קיינ בולבעס ווילנ מיר ניט קוקנ.

אוי, א צײַטעלע, א צײַט,
מיר האָבנ שוינ אייגענע מילנ,
אפ קיינ בריטשקעס וועלנ מיר ניט פאָרנ,
נאָר אפ אווטאָמאָבילנ!

קיין לעמפעלעך טשאדען שוין ניט מער,
עלעקטרע ברענט, א מעכייַע,
מיר האָבן שייַערס פול מיט ברויט,
מיר האָבן הייַזער נייַע.

אוי, א צייַטעלע, א צייַט,
מיר האָבן שוין אייגענע מילן,
אפ קיין בריטשקעס וועלן מיר ניט פאָרן,
נאָר אפ אווטאָמאָבילן!

14

יאָשקע, יאָשקע, שפּאַן דעם לאָשעק!
זאָל ער גיכער לויפן,
זאָל ער לויפן, זאָל ער לויפן
איבער אלע הויפן.

לאָמיר אלע פריילעך זייַן,
ווייַל מיר ווייסן ניט פון קיין פּייַן.

זאָל ער, זאָל ער, זאָל ער, זאָל ער
זייַן געזונט, אַן אייַזן.
זאָל ער איבער פרייַע ערדן,
ווי אַן אָדלער, שפרייַזן.

גיט אים היי און גיט אים האָבער,
וואסער פון די קוואלן,
זאָל ער ווינען, זאָל ער רוען
אין די שענסטע שטאלן.

יאָשקע, יאָשקע, ביסט א רייַטער
אין קאָלווירט דער בעסטער,
טראָגסט אַן אָרדען אפ די לאצן,
ביסט א יאט א פעסטער.

יאָשקע, יאָשקע, שפּאַן דעם לאָשעק!
ווען ער וועט מיך טראָגן,
וועלן סאָנים, ווי די האָזן,
פון די פעלדער יאָגן.

לאָמיר אלע פריילעך זײַן,
ווײַל מיר ווייסן ניט פון קיין פּײַן.

15

אפ א לאָנקע בא א וואלד,
וואָס שטייט שטענדיק פארטראכט;
פאשען מיר קאָלווירטישע סטאדעס
פון פרי ביז פארנאכט.

אפ א בערגל זיץ איך מיר
מיט מײַן פײַפל אין האנט
און קען זיך ניט אָנקוקן
אפ דער שיינקײַט פון מײַן לאנד.

אפ די ביימער גרינען צווײַגן,
אָך, זײַנען זיי שיין,
אפ פעלדער בליִען זאנגען,
זײַנען זיי פול מיט כיין.

גיט א צווײַגעלע צו מיר א שמייכל,
א זאנגעלע צו מיר א ווונק,
צעפלאקערט זיך פון פרייד־געפילן
אין הארצן א פונק.

קום, פײַפעלע, קום,
וועל איך אפ דיר שפּילן
און אויסגיסן אפ לאָנקע
מײַנע פרייד־געפילן.

זאָלסטו ניט יאָמערן, פײַפעלע,
ניט וויינען, ווי אמאָל,
פריילעך זאָלן דײַנע טענער
זיך טראָגן אפ בארג און טאָל.

אין קאָלווירט בין איך גליקלעך,
גליקלעך אָן א שיר,
פריילעך, פריילעך, פײַפעלע,
זאָלסטו זיך שפּילן מיר.

16

ווענן ראַכוועסדיקע פעלדער, ליבע ברידער,
האָב איך אמאָל ניט געזונגען קיינע לידער.
ניט פאַר מיר פלעגן פעלדער גרינען,
ניט פאַר מיר פלעגט טוי פון זיי אַראָפּרינען.

אין ענגע קעלערס, פינצטערע ווי נאַכט,
בין איך אמאָל געזעסן, געזעסן פאַרשמאַכט,
מײַן ניגון האָט זיך אומעטיק אין קעלער געטראָגן
וועגן צאָרעס און ליידן און פּלאָגן.

און איצט — קאָלווירטיש טײַכל, זאָלסט פליסן
און גיב מײַנע פרײַנט פרייליכע גרוסן;
און אין גליקלעכן קאָלווירט איז איצט מײַן היים,
בײַ מײַן פענצטער בליט אַ שיינער בוים.

פעלדער אויך פאַר מיר איצט גרינען,
מילך און האָניק אויך פאַר מיר פון זיי רינען.
און איך בין איצט גליקלעך, זאָלסטו זאָגן מײַנע ברידער,
וועגן קאָלווירטישע פעלדער זינג איך איצט לידער.

17

אויף אַ בערגל פון קאָלווירטישער היים
שטייט אַ הויכער צווײַגהאַפּטיקער בוים,
גרינען זײַנע בלעטער, בליִען זײַנע צווײַגן,
פײַפן אויף אים פייגעלעך און ווילן גאָר ניט שווײַגן.

גרויסט זיך דער בוים מיט זײַנע צווײַגן די שיינע
און מיט די זינגעוודיקע פייגעלעך די קליינע.
„ווער איז נאָך, ווער איז נאָך אַזוי ווי איך“, —
טראַכט דער בוים אין האַרצן בײַ זיך.
פאַרײַסט ער צום הימל אין דער הייך זײַן קאָפּ
און קוקט מיט גרויסקײַט אויף אַלעמען אַראָפּ.

מיידלעך פרייליכע און שיינע ווי בלומען
אויפן בערגל אונטערן בוים זײַנען זיצן געקומען,

איבער פעלדער זיסע טענער האָבן זיך צעקלונגען,
מיידלעך האָבן אָנגעהויבן א ליד זינגען.

— ניט קוק, דו בוים, מיט גרויסקייט אראָפּ,
מיר פאלן, מיר פאלן פאר דיר ניט אראָפּ.
מיר בליִען פאר דײַנע צווײַגן פיל שענער,
מיר שטײַגן אריבער דײַנע פייגעלעך מיט אונדזערע טענער.

וויִאזוי זאָלן מיר אזוי ניט בליִען,
ווי זאָלן מיר אזוינע פריילעכע לידער ניט פארציִען,
אז אונדזער שיינע און ליבע ראטנמאכט
האָט אונדז אזוי פריילעך און גליקלעך געמאכט.

אז אונדזער סטאלין האָט אונדז געגעבן
אזא זיסן און גליקלעכן לעבן.
ניט קוק, בוים, מיט גרויסקייט אראָפּ,
קאָלווירטניקעס פאלן פאר דיר ניט אראָפּ.

18

שפילט זשע מיר, קלעזמאָרימלעך, שפילט זשע מיר א פריילעכס,
א פריילעכס פאר אלע גוטע־פרײַנט, אוי־אוי,
מאזלטאָוו גיט מיר אָפּ, גיט מיר אָפּ מאזלטאָוו,
א גרויסע סימכע איז בא מיר הײַנט.

קיין גרעסערע סימכע איז בא א מאמעניו ניטאָ.
פריילעך, לוסטיק, אוי, אצינד, אוי־אוי,
ווי דערלעבט שוין די מאמע די גליקלעכע שאָ,
כאסענע מאכן איר אייניינציק קינד!

שפילט זשע מיר, קלעזמאָרימלעך, שפילט אפּ גאנץ קאלינינדאָרף,
קומט שוין גיכער, ליבע געסט, ארײַן!
גוטע בולקעס ווײַסינקע, אפּ די טישן געגדזעלעך,
רויִטינקער קאָלווירטישער ווײַן.

קיין גרעסערע סימכע איז בא א מאמעניו ניטאָ.
פריילעך, לוסטיק, אוי, אצינד, אוי-אוי,

ווי דערלעבט שוין די מאמע די גליקלעכע שאָ,
כאסענע מאכן איר איינציק קינד.

19

אפּ די פעלדער, ווו סע ווייען ווינטן,
אפּ די פעלדער, ווו סע ווייען ווינטן,
אפּ די פעלדער, ווו סע ווייען ווינטן,
די קאָלווירטניצעס סנאָפּעס בינדן.

שווערע סנאָפּעס, פול מיט זאנגען,
שווערע סנאָפּעס, פול מיט זאנגען,
שווערע סנאָפּעס, פול מיט זאנגען,
פול מיט מונטערע געזאנגען.

און די זון, זי ברענט, ווי פייער,
און די זון, זי ברענט, ווי פייער,
און די זון, זי ברענט, ווי פייער,
יעדע שאָ איז פאר אונדז טייער.

ס'האָט דאָס פעלד אונדז ברויט געגעבן,
ס'האָט דאָס פעלד אונדז ברויט געגעבן,
ס'האָט דאָס פעלד אונדז ברויט געגעבן
פאר דעם נייעם שיינעם לעבן.

20

אונדזער פאָטער סטאלין,
דאָס בעסטע פרייע לעבן
האָט ער אונדז געגעבן.

איך שטיי מיר אופּ פרימאָרגן,
מיין מויעכ דארפ ניט זאָרגן,
איך דארפ ניט לייען, באָרגן,
דאָס פעלד בליט
און אלץ צום לעבן גיט.

די קאָלכאָזנע שכיינים
לעבן ווי די אדוינים,

זיי זאָגן — אפּ מאָרגן
דארפן מיר גאָר ניט זאָרגן.

מיר צאָלן ניט קיין ראטע,
מיר זײַנען אלע זאטע,
און מיט סטאלינען אונדזער טאטע
קווענט די גאנצע וועלט.

אונדזערע פעלדער
מיט די גרויסע וועלדער
וואקסן הויך און געדיכט.
סטאלין האָט געבאָטן —
מיט זײַנע טראקטאָרנע קאראָטן
וועט זײַן ברויט און אפולע פרייד.

אין די קאלטע פעלדן
זיצן פיר גרויסע העלדן,
אין דער גרויסער קעלט
אין רעכטן מיטן וועלט.

וואָלטן שלעכטס פארלאנגען
אלע בייזע שלאנגען,
נאָר ניט דאָ איז זייער אָרט,
ווו סטאלין זאָגט א וואָרט.

אפּן גאנצן לעבן
וועט סטאלין אלעס געבן,
מיר דאנקען אים און ליבן,
מיר וועלן אים אייביק גלויבן.
און וואָס און ווי ער טוט
איז שטענדיק זייער גוט.

21

ס'לויכטן שטראלןווארעמע,
די זון האָט זיי צעשפרייט,
שפּילן זיי און לאכן זיי
אפּ סטעפּ, וואָס איז פארזייט.

ווײַזט אויס, מײַן טײַער זונעלע,
אין מאָסקווע ביסט געווען,
און מיטן ליבן סטאַלינען
האָסטו זיך געזען.

האָט ער דאָרט דיר אָנגעזאָגט —
שטאַרקער, העלער שײַן!
אַף אונדזער ערד דער גליקלעכער
אײביק וועסטו זײַן.

22

אין שפּאַניע טוט זיך איצט פֿיל בלוט פֿאַרגיסן,
דאָרט פֿלאַטערט הויך די רויטע פֿאָן,
זיי קעמפֿן און ווילן אונדזער בײַשפּיל נאָכטאָן,
און מיר לעבן אין „פּראָגרעס",
פֿסטר האָט געטאָן מיט אונדז א גרויסן נעס.

באַזונדערס מיר, ייִדן,
מעגן אוואַדע זײַן צופֿרידן.
פֿאַר ניקאָלײַען האָט דער ייִד אין ע"געצ ניט געהאַט קיין אָרט
און ניט געטאָרט אויסריידן קיין הויך וואָרט.
איצט ליגט ניקאָלײַ מיט זײַן באַנדע אין דער ערד,
און אונדז האָט מען געגעבן טראַקטאָרס מיט פֿערד,
מיר זאָלן גוט באַאַרבעטן די ערד.

די ערד איז פֿאַר אונדז א גוטע מוטער,
זי גיט אונדז אַלעמען ברויט און פּוטער,
נאָר מיר דאַרפֿן מיט אַגראָטעכניק זײַן באַקענט
און געבן איר סטאַכאַנאָווישע הענט,
וועט זי אונדז אָפּגעבן מיט טויזנט פּראָצענט.

לעבן זאָל וואָראָשילאָוו און די רויטע אַרמיי,
וואָס מע הערט ניט דעם סוינעס געשריי,
לעבן זאָל דער סטאַראָסטע קאַלינין דער ליבער,
וואָס מאַכט אַלע פֿעלקער פֿאַר גוטע־ברידער,

מיר דארפֿן וועגן אים זינגען פֿריילעכע לידער.
לעבן זאָל אונדזער געליבטער כאַווער סטאַלין יאָרן א סאך,
וואָס האָט געמאכט יעדן מענטשן פֿארמעגלעך און רײַך.

23

כאַווײַרים און כאַווערטעס,
קאָלווירטניקעס און קאָלווירטניצעס
פֿון גאנצן ראטנפֿארבאנד,
צוזאמען לאָמיר גיין אלע באנאנד
מיט פֿריילעכע לידער און געזאנג
דעם כאַווער סטאַלינען געבן א דאנק,
וואָס האָט אונדז אין קאָלווירטן באזעצט, —
זײַן נאָמען זאָל זײַן הויך געשעצט!
א זיכערן ברויט האָט ער אונדז געגעבן,
פֿארזיכערט זײַנען מיר אפֿן גאנצן לעבן,
אונדזער ברויט האָבן מיר מיט פֿרייד,
באשיצן די מעלוכע זײַנען מיר גרייט.
די בולבע שוין לאנג צעגראָבן,
וואָס צו עסן וועלן מיר האָבן.
די ווינטער־זריִע איז שוין פֿארזייט,
היי און סילאָס דעם סקאָט פֿארגרייט.
מיט סימכע דארפֿן מיר איצט פֿײַערן
דעם אָקטיאבער־יאָנטעוו דעם טײַערן.
די רויטע פֿאָן לאָמיר האלטן הויך,
באשיצן אונדזער לאנד לאָמיר אויך,
אונדזערע קינדער אין דער רויטער ארמיי שיקן
און מיט אונדזער שפּײַז זיי דערקוויקן.
דיזער יאָנטעוו איז בא אונדז הייליק, —
מיר האָבן אים אין דעם בעסטן כיילעק.
א גוטן שנאפּס לאָמיר הײַנט נעמען,
דעם פֿארבײַסן אויך ניט פֿארשעמען,
אין שיינע קליידער זיך אָנטאָן,
גיין אין פֿאראד מיט דער רויטער פֿאָן,
באפּוצן די הײַזער זייער שיין,
אין טעאטער דארף מען אויך גיין.
די סודע פּראווען אלע אינײנעם,
נאָך דער סודע גיין א טאנץ א שיינעם, —

אונדזערע סאָנים אפצולאָכעס,
וואָס האָבנ זיכ געשעמט מיט די באַלמעלאָכעס.
איצט טוענ מיר פונ זיי לאַכנ,
זיי קאָנענ מיט אונדז גאָרנישט ניט מאכנ.
די מאכט איז איצט אינ אונדזערע הענט,
ווײַל מיר האָבנ געוואָלט אונ געקענט
פאר דער פרײַהײַט פארגיסנ אונדזער בלוט, —
דערפאר איז אונדז הײַנט זייער גוט.
דער רויטער אָקטיאבער האָט אונדז באפרײַט,
אונדזער לעבנ האָט זיכ איצט באנײַט.
מיר דארפנ האלטנ גוט אינ זינענ —
אונדזער ראטנלאנד טרײַ דינענ.
דעריבער וויל איכ דעם יאָנטעוו ניט פארשעמענ,
דעם קאָס אינ האנט טו איכ נעמענ
אונ טרינק לעכײַיִם צו אלע קאָלווירטניקעס
אונ פארבײַס מיט גוטע בלינטשיקעס.
לאָמיר אלע דערלעבנ איבעראיאָר,
פונ אונדז זאָל ניט פעלנ קיינ האָר.
לאָמיר מיט לידער אונ געזאנגענ
אונדזער טײַערנ סטאלינענ באדאנקענ.

24

מיר זײַנענ שוינ מיט מענטשנ גלײַכ
שוינ צוואנציק יאָר.
מיר זײַנענ פרײַ, מיר זײַנענ רײַכ
שוינ צוואנציק יאָר.

די פעלדער זײַנענ רײַכ מיט ברויט
שוינ צוואנציק יאָר.
ניטאָ קיינ צאָרעס אונ קיינ נויט
שוינ צוואנציק יאָר.

מ'איז אלע גלײַכ—דער רוס, דער ייִד,
שוינ צוואנציק יאָר.
מ'איז אלע גלײַכ אָנ אונטערשייד
שוינ צוואנציק יאָר.

אונ רויִק שלאָפנ מיר באנאכט
שוינ צוואנציק יאָר,
מיט אלצ באזאָרגט די ראטנמאכט
שוינ צוואנציק יאָר.



## 5. טשאסטושקעס

1

אפ כערסאָנער פעלדער פרייַע
וועט איר ניט וויסנ פונ קיינ נויט,
אינ קאָלעקטיוו, כאווײרים טרייַע,
אינ פאר קאָלווירטישנ ברויט.

אינ שטאָט איז פאראנ א קאָמערד,
האָט ער פארשריבנ די ייִדנ אפ עו'ד.
איכ בינ באלד אהינ אנטלאָפנ,
אינ קאָמערד האָב איכ געטראָפנ.
— גוואלד, פארשרייַבט זשע מיכ אפ ערד!

שוסטערס, שנייַדערס, באלמעלאָכעס,
קומט צו פאָרנ אפ אונדזער ערד!
עסנ, טרינקענ איז פאראַנענ
אונ צודערצו נאָכ א רובל געלט.

אויב איר ווילט קיינ דאכקעס מער ניט לייַדנ,
א לעבנ א פרייַער איז אייַכ ליבער,
קריכט אפגיכ אראָפ פונ אייַערע שקאפעס,
אפנ טראקטאָר זעצט זיכ אריבער.

אונ ווער עס וויל פונ אייַכ קיינ הונגער לייַדנ,
א לעבנ א זאטנ געניסנ,

זאָל ער מער ניט טראַכטן און שרײַבן אַ מעלדונג,
אין קאָלווירט זיך אַרײַנגיסן.

די מעלוכע גיט אונדז זריע
פינף הונדערט מיליאָנען,
און דעם זיי־שעטעך פאַרבורייטערט
אַף צעפּיקעניש די סאָנים.

נעמט די ווילע פעסט אין האַנט,
שטעקט זי טיף אין זאַנגען,
פון סאָצפעלד אין דרעשמאַשין,
אין באַראַבאַן דערלאַנגען.

אַמאָל איז געווען אַ צײַט,
מיר זײַנען געווען אַ סך אָרעמעלײַט,
און הײַנט זײַנען מיר רײַך,
און קיינער איז צו אונדז ניט גלײַך.

עס איז געראָטן אונדזער ברויט,
פול וועט זײַן דער שײַער,
נײַע הײַזעלעך אויסגעבויט
אַף דער ערד דער פרײַער.

ס'איז די מעל שוין אָפּגעמאָלט
און אַף ווינטער ברויט אין זעק,
ס'איז דאָס ווייץ געווען ווי גאָלד
אַפּצולאָכעס אַלע שלעק.
לאָמיר טרינקען לעכײַים
פאַר דעם לעבן דעם נײַעם.

2

איך האָב אָנגעטאָן אַ קלייד
מיט אַ רויטער באַנד,
לענינס, סטאַלינס נעמען
פאַרשײַנען אונדזער לאַנד.

מײַן זון איז א סטאכאנאָוועץ,
ער טראָגט געניײטע העמדער,
בא אונדז איז א פרײַע לאנד,
בעסער פון אלע לענדער.

אז מיר גייען עסן,
לייגן מיר גאָפּל־מעסער,
ווי מיר לעבן אין קאָלכאָז,
דארף מען גאָר ניט בעסער.

צו די קאָלווירטן, צו די קאָלווירטן
איז דער וועג א גלײַכער,
אין קאָלווירט בין איך געוואָרן
א קולטורעלער און א רײַכער.

דער וועג, וואָס פירט צו אונדז,
איז א שיינער און א רײַכער.
אין אונדזערע קאָלווירטן
איז טווּע פולע שפּײַכלער.

פריִער האָבן מיר געגאָסן
טרערן פולע בעכער,
איצט וווינען מיר אין נײַע הײַזער
מיט געפארבטע דעכער.

איבערן סײַך איז גוט צו גיין,
דאָרט ליגן ברייטע קלאדקעס,
מיר עסן בלינצעס מיט שמאלץ
און פול מיט פוטער לאטקעס.

מיר זײַנען רײַך, מיר זײַנען גליקלעך,
מיר זייען און מיר יעטן,
פארשוווּנדן אפ אייביק איז דאכקעס און נויט,
מיר שלאָפן אין ניקלנע בעטן.

איך בין געווען אן אָרעמאן,
אין קאָלכאָז בין איך רײַך געוואָרן,
אונדזערע ברייטע פעלדער זײַנען רײַך געוואָרן
מיט ערשטסאָרטיקן קאָרן.

איך שנײַד װײַסע ברױט
מיט אַ שאַרפֿן מעסער,
קײנער אין דער װעלט
לעבט פֿון אונדז ניט בעסער.

װאָס איז מיר דער ראָװ,
און װאָס איז מיר דער רײַכער,
פֿון אַלע װעגן איז פֿאַר מיר
דער קאָלכאָזנער װעג דער גלײַכסטער.

איך האָב געקױפֿט קאַפּאָשן
און אױך נײַע שטיװל,
איך װױן אין אַ נײַער דירע,
ניטאָ די צעפֿױלטע שטיבל.

מיר בױען נײַע הײַזער
מיט געפֿאַרבטע דעכער,
יעדער סטאַכאַנאָװעץ
אַרבעט גיך און בעסער.

דער פּױלער פּױלט זיך אַרבעטן,
אין בעט ער װיל נאָר ליגן,
אָבער צום סאָף יאָר
װאָס זשע װעט ער קריגן?

כ׳האָב די צײַטונג הײַנט געלײענט,
סטאַלינס בילד כ׳האָב הײַנט געזען,
אין די הענט די פּענעס פֿינקלען,
די לערע גײט אין פֿולן ברען.

לאָמיר טרינקען אַ לעחײַם
פֿאַר דעם לעבן פֿאַר דעם נײַעם,
פֿאַר די פֿעלדער פֿאַר די זאַטע,
פֿאַר דער נײַער, הױכער כאַטע.

דאָס לעבן איז געװאָרן בעסער,
דאָס לעבן איז געװאָרן פֿרײלעך,
גײ איך מיר אַ טענצל
מיט מײַן טראַקטאָריסטקע מײדעלע.

זאָל דער ערשטער קאָס זיך כוואַליען
פאַרן ליבן כאַווער סטאַלין!

3

איך האָב געקויפט אַ היטעלע
מיט אַ רויטן קוויט,
מיר ווייסן ניט פון אַרבעטסלאָז,
מיר ווייסן ניט פון נויט.

איך בין געוועזן אַפּ אַן אָוונט
אין אַ שכײניִשן קאָלווירט.
אַ סטאַכאַנאָוועץ, אַ באָכער,
האָט אַהיים מיך אָפּגעפירט.

מיר האָבן קײן ראַבאָנים ניט,
מיר גלייבן ניט אין גאָט.
שטאַרק איז אונדזער אַרמיע,
שטאַרק איז אונדזער פלאָט.

אין טיפן קלאָרן טײַך
האָב איך זיך געבאָדן,
אונדזער לאַנד איז זייער רײַך
מיט פאַבריקעס, זאַוואָדן.

מיר האָט געקויפט מײַן ליבינקער
אַ פאַרטעך אַ קאָלירטן.
פאַראַן קאָמבײַנען, טראַקטאָרן
אין אונדזערע קאָלווירטן.

פליִען, פליִען אין דער הייך
אַ פּאָר שיינע טויבן.
פאַראַן בא אונדז זייער פיל
טעאַטערן און קלובן.

4

אָנגעשריבן כ'האָב אַ בריוו,
סטאַלינען כ'וועל שיקן.

אונדזער לאנד האָט ער דערפירט
צו פריידן און צו גליקן.

היי, צעשפּיל זיך, מײַן האַרמאָניק,
היי, צעשפּיל זיך, מײַן באַיאַן,
היי, צעגיס זיך פּונקט ווי האָניק,
ווײַל ס'איז פריידן הײַנט פאַראַן.

אין קאָלווירט איז בא אונדז גוט,
מיר עסן בולקעס טעגלעך.
אָפּגעאַרבעט א יאָר מיט מוט,
לעבן מיר פאַרמעגלעך.

ווי נאָר עס קומט די צײַט פון קאָסיען,
בין איך אין דער ערשטער ריי.
פאַרן טאָג כ'האָב אָנגעקאָסיעט
אַנדערהאַלבן העקטאַר היי.

לעבן גוט און פריילעך
איז אין קאָלווירט געוואָרן,
פול מיט ווייץ די זאַסעקעס,
מיט גערשטן און מיט קאָרן.

זײַנען די קאָלווירטניקעס
רויִקע און פעסטע,
זײַנען די קאָלווירטניצעס
שלאָגלערנס די בעסטע.

זײַנען די וואָכעדיקע טעג
איצטער יאָנטעוודיק געוואָרן,
גרויס און שיין איז אונדזער וועג
אין דעם לעבן ליכטיק־קלאָרן.

און אַז ס'לעבט זיך פריילעך, גוט,
דאַן די אַרבעט טוט זיך בעסער,
אָפּגעאַרבעט, אָפּגערוט,
און די טעמפּן שטאַרקער, גרעסער!

5

פייגעלעך זיצן, פייגעלעך זינגען
אין א ווארעמ נעסטעלע,
א קאַלכאָזניק זייט מיט א מאשין,
ניט פון א קליינער מעסטעלע.

איך האָב זיך געקויפט א קלייד
מיט א זײַדענער לענטע,
איך בין א קאַלכאָזניצע,
ניט א פּראָסטע יענטע.

איך רײַס ארויס די קראָפּעווע
מיט א גרויסער הענטשקע,
איך וועל זײַן א סטאכאנאָווקע,
ווי מאריִע דעמטשענקאָ.

סטאכאנאָווצעס, סטאכאנאָווצעס —
איז זייער א שײנער נאָמען,
דעמ קאַלכאָזניק הערצלס טעכטער
זײַנען אגראָנאָמען.

6

אפ די פּאָנען, אפ די פּאָנען
זײַנען רויטע פארבן,
איצטער איז א גוטער לעבן —
ס'ווילט זיך גאָר ניט שטארבן.

ס'איז מײַן ברודער א סטודענט,
א שנײַדער איז מײַן טאטע,
מיר לעבן זייער וויל און גוט,
אָנגעטאָן און זאטע.

מאך איך מיר א פּעטן קוגל
פון א ברייטער קישקע,
אין שפּאָרקאסע האָב איך געלט
אפ א נײַער קניזשקע.

מאַך איך מיר אַ פּעטנ צימעס
פונ די זיסע מערנ,
בא אונדז זײַנענ די קינדער
דאָקטוירימ, אינזשעניערנ.

ניטאָ שוינ מער קיינ דאַכקעס,
ניטאָ קיינ אָרעמאַנ,
מײַנ איידעמ איז אַ לײאָטשיק,
ער פליט אפ אַנ אַעראָפּלאַנ.

איך האָב ניט מוירע פאַר דער שוויגער,
איך דאַרפ ניט קעסט באַמ שווער,
מיר לעבנ איצטער גליקלעך,
דער לעבנ איז ניט שווער.

מײַנ קאָלדרע איז אַ וואַרעמע,
אינ איר איז גוטע וואַטע,
מיר טראָגנ ניט דעמ פּאָרעצ מער
קיינ קיבעד אונ קיינ ראַטע.

7

איך בינ מיר אַ קאָלווירטניק,
פרײַ איז מיר מײַנ וועלט.
מײַנ טאָכטער איז אַ דאָקטער,
דער זונ איז אַ סטודענט.

איך האָב געבאַקט אַ טאָרט
אונ אָנגעפילט מיט מאַלינע,
פונ טיפנ האַרצנ דאַנקענ מיר
אונדזער כאַווער סטאַלינענ.

אפנ טיש אַ ווײַסער טישטעך,
אפנ טישטעך ווײַסע ברויט,
אינ קאָלווירט מיר לעבנ גליקלעך,
ניטאָ שוינ מער בא אונדז קיינ נויט.

אינ אונדזער קאָלכאָז
איז פול מיט קעז אונ פּוטער,

מיר זײַנען סטאַכאַנאָוועס,
דער לעבן איז א גוטער.

בא אונדז איז דאָ א שטאַרקער שלאָס
און אויך א שטאַרקער שליסל,
בא אונדז איז דאָ אַפּולע העלדן,
און שלאָסערס ניט קיין ביסל.

אַפּ וואָס איז מיר אַמעריקע,
אַפּ וואָס איז מיר קאַנאַדע!
איך בין א קאָלכאָזניק,
א בריגאַדיר — מײַן פּראַדע.

די סטאַלינישע קאָנסטיטוציע
מוז יעדער קענען, וויסן,
זאָל זיך ווײַזן א בורזשוי —
מיר וועלן אים דערשיסן.

מיר אַקערן, מיר זייען,
שלאָגלער פון קאָלכאָז,
דאָס האַרץ טוט אונדז זיך פרייען,
די פּוילערס א פּײַג אין נאָז.

אינעם אויוון ברענט פּיל האָלץ,
ווארעמ איז פון זײַן פּלאַמפּײַער.
אונדזער מאַכט, די ראַטנמאַכט,
איז אונדז ליב און זייער טײַער.

אין אונדזער גאָנטשאַרניע
ברענען מיר טעפּ,
מיר וועלן די טראָצקיסטן
אַראָפּנעמען די קעפּ.

פון די טראָצקיסטן מאַכן מיר א סאָפּ,
א סאָפּ צו זייער לעבן.
מיר וועלן זיי אין ערגעץ ניט
קיינמאָל קיין רו ניט געבן.

אין מײַן גאָרטן וואַקסן בלומען,
אַלערלײ קאָלירן,
מײַנע טעכטער האָבן ליב
רויטע קאָמאַנדירן.

אָט זיצט מײַן טאָכטער זישע,
און לעם איר מײַן פּראַדל,
שטעל איך פֿולע טישן
עפּל, װינאָגראַדן.

אפֿן האַרצן איז מיר ליכטיק,
כאָטש נעם און גײ אַ דרײדל,
אַף דער װעלט ניט אױסגעפֿינען
אַזעלכע שײנע מײדלעך.

8

איך װיל, אַז מײַן געליבטער
זאָל קענען טאַנצן, שװימען,
זײַן זאָל ער אַ רױטאַרמײער
באַ װאָראָשילאָװ קלימען.

איך דאַרף ניט קײן זילבער,
איך דאַרף ניט קײן גאָלד,
מײַן געליבטער איז אַ סטאַכאַנאָװעץ,
און ער האָט מיך האָלט.

יאַנקעלע, מײַן יאַנקעלע,
דו ביסט מיר ליב און טײַער,
מירן צוזאַמען דרעשן קאָרן
אין קאָלכאָזנעם שײַער.

דער אַעראָפּלאַן, ער פֿליט,
דער מאָטאָר, ער דרײט זיך,
איך בין אַ סטאַכאַנאָװקע,
און מײַן געליבטער פֿרײט זיך.

אין קאָלװירטן־סאָד
איז פֿול געשמאַקע רײכעס,

איך טו א שידעך אָן נאדן,
א סטאכאנאָוועץ איז מײַן ייִכעס.

9

מײַן געליבטער הערט זיך צו
צום כאַווער סטאַלינס ווערטער,
ער זאָגט מיר צו, אז אינגיכן
א סטאכאנאָוועץ ווערט ער.

איך האָב ליב א מיידעלע
אין א ציצן קליידעלע,
איצט איז דאָך א גוטע וועלט,
מע דארף ניט מער קיין נאדן, געלט.

איך וויל א בראַווע גוטן כאָסן,
זײַן זאָל ער א קאָמאנדיר,
א פײַנער שיסער וואָראָשילאָווס,
און ליבן זאָל ער זיך מיט מיר.

איך בין א קאָלכאָזניצע,
מײַן כאָסן איז א בריגאדיר,
ער איז א סטאכאנאָוועץ,
ער שרײַבט זיך אָפּ באלד מיט מיר.

מײַן געליבטער — א מאשיניסט,
נומער פינף זײַן פאראָוואָז,
פאָרן פאָרט ער אזוי גיך,
ווי דער כאַווער קריוואָנאָס.

איך האָב זיך פארליבט
אין א שיינער מיידעלע.
זי איז א טראַקטאָריסטקע
אין א רויטן קליידעלע.

מיר זײַנען שוין מיט מענטשן גלײַך,
מיר זײַנען פרײַ, מיר זײַנען רײַך,
די לופט איז פריש און איז געשמאַק,
דער ייִד געווינט זיך צו דער האַק.

ס׳איז אַלע גלײַך — דער רוס, דער ייִד,
מ׳איז אַלע גלײַך אָן אונטערשייד.
און רויִק שלאָפן מיר באַנאַכט,
מיט אַלץ באַזאָרגט די ראַטנמאַכט.

10

מײַן געליבטע איז אַ קאָלכאָזניצע,
זי איז אַ טאָכטער דעם קאָלכאָזניק פיניעס,
זי האָט מיר דערלאַנגט צום טיש
אַ שיסל סמעטענע מיט בלינעס.

וואַקסן אין קאָלכאָז בײַ אונדז
זייער גוטע מערן,
כאַסאַנים פון קאָלכאָזניצעס —
יונגע אינזשעניערן.

מײַן כאָסן האָט אַ כאַווער,
טאַנץ אייך מיט זיי ביידן,
מיט אַ לאָדיר, אַ פּויליאַק
וויל איך גאָר ניט ריידן.

אויף די ביימער אין די סעדער
וואַקסן גרויסע באַרן,
אַ סטאַכאַנאָוועץ מײַן כאָסן,
וועט ער מיך ניט נאַרן.

11

כאַווער סטאַלין איז בײַ אונדז
סײַערער פאַר אַ טאַטן,
אונדזער גאַנצע לאַנד
קלײַבט אים אין דעפּוטאַטן.

כ׳האָב אַ נײַעם פעלץ,
מײַן זון — אַ נײַעם פוטער,
כאַווער סטאַלין איז אונדזער פירער,
אונדז אַ פרײַנט אַ גוטער.

מיר זײַנען גליקלעך,
מיר זײַנען זאַט,
דער כאַווער קאַגאַנאָוויטש
איז אונדזער דעפּוטאַט.

אַרונטער מיטן גאָלעך,
אַרונטער מיטן ראָוו,
איך קלײַב פאַר אַ דעפּוטאַט
דעם כאַווער מאָלאָטאָוו.

סטאַלינס קאָנסטיטוציע איז די בעסטע,
אַלע פרייען זיך, מע קוועלט,
אונדזער לאַנד איז גאָר די שטאַרקסטע
אין דער גאַנצער וועלט.

לאָמיר דאַנקען אונדזער פאָטער
סטאַלינען און די פּאַרטיי,
צו דעם גרויסן אָקטיאַבער־יאָנטעוו
אַ מאַטאָנע ברענגען זיי.

12

דעקאַבער צוועלפטן וועלן גיין
מײַן מאַמע מיטן טאַטן —
אויסקלײַבן אין העכסטן ראַט
די בעסטע דעפּוטאַטן.

אויף דער ערד איז לענדער פיל,
פאַסר דאָס גרעסטע.
מיטגלידער אין העכסטן ראַט
קלײַבן מיר די בעסטע.

ניטאָ קיין אַרבעטלאָזיקײַט,
מיר ווייסן ניט פון נויט,
באַשיצן אונדזער פאָטערלאַנד
מיר זײַנען שטענדיק גרייט.

פרישע פרוכטן וועל איך עסן, —
איך האָב ליב פון זיי דעם זאַפט,

אונדזער שול וועל איך באזוכן, —
איך האָב ליב די וויסנשאפט.

אלע נאכט שפּאצירן מיר
אפן נײַעם בריק.
אדאנק דעם כאווער סטאלינען
לעבן מיר אין גליק.

איך וועל הײַנט פאר דער גאנצער וועלט
זיך מיט מײַן גליק בארימען, —
פאר דעם כאווער סטאלינען
האָב איך רעכט צו שטימען.

וואָס די באָלשעוויקעס טוען,
האָט די וועלט נאָך ניט געטאָן,
אפן קאלטן צאָפן־פּאָליוס
פלאטערט שוין די רויטע פאָן.

שײַנט באטאָג די זון אין הימל,
און די שטערן—באדערנאכט.
לעבן זאָל דער כאווער סטאלין!
לעבן זאָל די סאָוועטנמאכט!

13

אונדזער לאנד און אונדזער פירער,
אונדזער סטאלין — שטאָל און אײַזן,
האָבן מיר דאָס גליק געפונען —
פאר דער גאנצער וועלט באווײַזן.

אין שטוב איז אופגעראמט און ליכטיק,
אפן טיש א שיסל מאלינעס,
ס׳איז אונדז גוט צו לעבן איצטער
אדאנק דעם כאוועער סטאלינען.

איך וועל צוועלפטן וויילן,
וויילן אין דעם העכסטן ראט,
כ׳וועל פאר סטאלינען נאָר שטימען,
זײַן זאָל ער א דעפּוטאט.

צו דער ארבעט פאָרוועטס, ברידער,
אַלע קומענ נאָר מיט מוט,
די פרײַע ארבעט, זי שטארקט די גלידער,
אונ זי פארייניקט אונדזער בלוט.

יעדער וויל דעמ פלאנ אויספילנ,
דעמ רעקאָרד אוועקצושטעלנ,
נאָמענ שלאָגלער ניט פארלירנ;
שלאָגלער איז א שיינער נאָמענ,
ס'איז ניט גרינג אימ צו פארדינענ.

ניט צוליב דעמ נאָר פארדינענ
אונ ניט צוליב דעמ, וואָס בלויז שטאָלצירנ,
אונ ניט צוליב נאָר דעמ פרעמירנ, —
דער געדאנק פונ שלאָגלערײַ
איז צו אלעס זײַנ געטרײַ.
די שלאָגלערײַ־איניאָנים,
דאָס איז סאמ פאר אלע סאָנימ.

14

אפ דיביימער וואקסנ עפל,
אונ אינ גאָרטנ — מאלינעס.
אלע ליבנ, ווי דעמ לעבנ,
אונדזער כאווער סטאלינענ.

לעבנ איז געוואָרנ פרײַ —
סטײַעט גליק פאר אלעמענ,
ווײַל מיר האָבנ אזא פירער —
אונדזער כאווער סטאלינענ.

מעקאנע כ'בינ דעמ פייגעלע,
וואָס קאָנ אינ הימל יאָגנ.
ווענ איכ האָב פליגלענ, וואָלט איכ גלײַכ
צו סטאלינענ זיכ געטראָגנ.

אכ, ווי אונדזער כאווער לעניג
וואָלט זיכ שטארק דערפרייענ,

ווען ער וואָלט נאָר א קוק טאָן,
ווי אפ זײַן וועג מיר גייען.

מיר זײַנען איצט סטאכאנאָווצעס,
ס'איז אונדזער גליק פארזיכערט.
מיר פרייען זיך און לייענען
דעם כאווער לענינס ביכער.

אָנגעשריבן כ'האָב א בריוו,
סטאלינען כ'וועל שיקן.
אונדזער לאנד האָט ער דערפירט
צו פרייד און צו גליקן.

15

איך האָב פארזייט מײַן גערטעלע
מיט בלומען און מיט קערלעך.
קריכט, בורזשויען, ניט צו אונדז,
ס'איז פאר אײַך געפערלעך.

איך וועל אויסבאקן א קיכעלע,
זי מיט מאָן באשיטן
און אָפשיקן אין ארקטיקע
פאר דעם כאווער שמידטן.

אין דער הייך פון ווײַטן מיזרעך
פליט זיך אן אעראָפּלאן,
ער ברענגט צו פירן גרוסן גוטע,
גרוסן פון ביראָבידזשאן.

איך בין אין מאָסקווע געוועזן,
און געפאָרן אין מעטראָ,
לעבן זאָל דער כאווער סטאלין,
נאָך אזא פירער איז ניטאָ.

זינגען לידער אונדזז מאשינעס,
העלפט זיי זינגען דער מאָטאָר,
דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע
איז געוואָרן צוואנציק יאָר.

איבער יאמען, אָקעאַנען
פירן שיפן צו א ברעג,
ריכטיקער פון אַלע וועגן
איז דעם כאַווער סטאַלינס וועג.

16

פליט אַן אָדלער אין דער הייך,
זיינע פליגלען פאָכען.
אונדזער סטאַלין — אונדזער פירער
איז דער גרעסטער כאָכעם.

ליכטיק שיינט די זון אין הימל,
וואַרעמט אונדז מיט אירע שטראַלן.
די פאַבריקן, די קאָלווירטן
גרייטן זיך שוין צו די וואַלן.

אין דער הייך אעראָפּלאַנען,
און דער הימל ליוטער־קלאָר.
דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע
איז געוואָרן צוואַנציק יאָר.

אפן קרעמעל בלאַנקט א שטערן,
בלאַנקט מיט פינף פון איינע שפּיצן,
יעדער גרענעץ, יעדער שטעטל
העלדיש קענען מיר באַשיצן.

ליכטיק איז בא אונדז און פריילעך,
גליקלעך איז דער נייער דאָר.
דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע
איז געוואָרן צוואַנציק יאָר.

פיל מאַשינעס, פיל מאָטאָרן
שפּרייטן שיינע קלאַנגען,
אונדזער כאַווער סטאַלינען
שיק איך ליבגעזאַנגען.

17

איך טו זיך אָן
אין העמדער אויסגעגייטע,
פארדריסט דעם ראָוו און גאלעך,
וואָס איך בין ניט קיין שויטע.

מיר גלייבן ניט דעם רעבן,
מיר גלייבן ניט דעם גאלעך,
זיי זײַנען ביידע זשוליקעס,
און ניטאָ איז מער קיין מאלעך.

וואָס זאָל איך אײַך זאָגן,
וואָס האָבן מיר צו ריידן,
דער רעבע מיטן גאלעך
זײַנען א פּאָר שיידים.

די יידן לעבן גליקלעך
אין לענינישן קאָלכאָז,
דעם רעבעניו, דעם רעבעניו
א פײַג אונטערן נאָז.

18

אָט דער טראָצקי מיט זײַן באַנדע,
און די, וואָס פּאָלגן זײַן קאָמאנדע,
ווילן גליקן בא אונדז מאכן,
מיר וועלן פּראך פון זיי דאָ מאכן.

טראָצקין וועט זיך ניט אײַנגעבן
צו פארשטערן אונדזער לעבן,
ער האָט שוין, דוכט, א גוטן צייכן,
אז זיי וועלן גאָרנישט ניט דערגרייכן.

ווער פון אונדז וועט דאָס דערלאָזן,
טראָצקיס פונק זאָל זיך צעבלאָזן,
בעסער זאָל ער ניט דערלעבן
אפילע א קאָפּ נאָך אויפצוהייבן.

19

אָט דעם טראָצקי מיט זײַן באַנדע
און די, וואָס פֿאָלגן זײַן קאָמאַנדע, —
ווי די הינט וועלן מיר זיי טרײַבן
און אַף פֿאָרעך זיי צערײַבן,
ער זאָל ניט וואַגן מיט זײַן שמוץ
אָנצורירן אונדזער גוטס.

עס וועט זיך אײַך ניט אײַנגעבן, בלוטיקע קאַפּיטאַליסטן,
אונדזער גליקלעך לאַנד צעשטערן און פֿאַרוויסטן,
אונדזער לאַנד צעבליט איז און וועט שטענדיק בליִען,
רויטע אעראָפּלאַנען קאָנען הויך דאָ פֿליִען.

20

הערט זשע אויסעט, קינדער,
וואָס מיר וועלן זאָגן,
נאָך דער אַלטער וועלט
די טראָצקיסטן זאָלן קלאָגן.

דער טראָצקיסט און דער בורזשוי,
דאָס איז דאָך איינ שײַקע,
זיי ווילן אומקערן צוריק
דעם פּאַן מיט דער נאַהײַקע.

דער טראָצקיסט און דער בורזשוי,
ער איז אַ העסלעכער וואָרעם,
ער ווערט צעקלאַפּט פֿון דעם,
וואָס מיר זײַנען לײַט געוואָרן.

טראָצקי איז אַ הונט,
טראָצקי איז אַ שלאַנג,
קיין סימען וועט ניט בלײַבן
פֿון אים אין אונדזער לאַנד.

* * *

דער פאבריקאנט און דער קאפּיטאליסט,
זיי האָבן קיין ראכמאָנעס,
זיי פארגיסן טײַכן בלוט
פון יעסוימים און אַלמאָנעס.

די רויטארמייער זײַנען העלדן גרויסע, ריזן,
ראנגלען זיך זיי קענען און גיין אַפ פײַנט מיט שפּיזן.
געדענקען זאָלט איר אײַך און אייביק זאָלט איר ויסן,
אונדזערע הארמאטן קענען טרעפלעך שיסן.

21

איך בין איצט א רויטארמייער
און באשיץ מײַן טײַער לאנד,
פאר דעם גרויסן פירער סטאלין
כ'וועל פארניכטן אלע פײַנט.

אונדזער ארמיי איז שטארק ווי שטאָל,
איר שרעקט ניט אָפּ קיין ווינט, קיין קעלט,
ווײַל ס'פירט אָן סטאלינס קעמפער
וואָראָשילאָוו, אונדזער העלד.

איך בין איצטער א קאָלווירטניק,
מיר לעבט זיך פרײַ און גוט,
אונדזער לאנד איך וועל פארהיטן
מיט מײַן גאנצן יונגן מוט.

אין שיסער־קרײַזל איך פארנעם זיך,
איך האָב דעם צייכן „געטעאָ",
כ'וועל פארהיטן אונדזער לאנד
יעדער מינוט און יעדער שאָ.

אפנ צאָפנ-פּאָליוס איז דאָכ קאלט,
ס'ברומט אצינד א שטארקער ווינט,
נאָר דער כאָשעווער פּאפּאנינ
איז דאָכ פעסט בא זיכ אצינד.



## 6. סאָוועטישער שטייגער

1

מײַנ מאמע האָט אמאָל געוואשנ גרעט
אונ געטראָגנ פּאָמאָ׳עס.
אונ מיכ, איר איינצל קינד —
מיט ביטערנ קרופּניק געפּויעט.

מײַנ טאטע איז געשטאָרבנ פרי,
געווענ איז ער אנ אָרעמער שוסטער.
ער פלעגט לאטענ באָטעס אונ שיכ, —
אונ אינ שטוב איז געווענ — א פּוסטקע.

איצטער האָב איכ קינדערלעכ אכט
אונ בינ א גליקלעכע מאמע.
עס האָט מיר פינפ טויזנט רובל געבראכט
דער טײַערער כאווער סטאלינ.

א סטאכאנאָוועצ איז איצטער מײַנ מאנ
אונ פאָרט אפּ קוראָרטנ.
איכ וועל נאָכ האָבנ מיידעלעכ אונ ייִנגעלעכ א סאכ —
אונ ניט מאכנ קיינ אבאָרטנ.

2

איכ האָב מײַנ מאנ גענומענ אונטערנ האנט —
איכ שעמ זיכ גאָר ניט, וואָס איכ בינ אזא אלטע.
איכ האָב מיטנ מאנ געקויפט צוויי בילעטנ אפנ ערשטנ באנק
אונ האָב געזענ מיט אימ טעאטער.

אין טעאַטער בין איך אָפּגעזעסן ביז שפּעט באַנאַכט
און האָב געטראַכט: „סאַראַ גוטסקייט דיר איז איצטער, סאָרע".
אַזאַ נאַכעס האָב איך דאָ, סאָרע די שוסטערקע, דערהאַרט
אויף מיינע עלטערע יאָרן.

איך קאָן אַלעמען דערציילן פון מיין גליק,
וואָס די סאָוועטישע וולאַסט האָט מיר געגעבן,
אינזשעניערן זיינען מיינע זין —
אַז די זון אַליין שיינט גאָר אין מיין לעבן.

3

איך בין אין שטעטעלע געקומען איצט צו פאָרן,
צען יאָר בין איך דאָרט ניט געווען.
איך האָב גאָר מיינע אויגן ניט געגלייבט,
וואָס איך האָב דאָרטן היינט דערזען.

אינמיטן מאַרק האָט מען ביימער גאָר פאַרפלאַנצט דאָ,
און מע האָט בענק מיט פּאָרענטשן דאָרט געמאַכט,
און דעם גרויסן פּירער, אונדזער לענין, —
האָט מען אין שטעטל אַ פּאַמיאַטניק געמאַכט.

ניטאָ שוין קיין באָטעמעדראַשים און קיין קלויסטערס
און נאָך אַזעלכע צאָרעס ווי געווען.
אויסגעוואַקסן איז אַ קלוב גאָר איצט אַ גרויסער,
אַז איך האָב גאָר מיין שטעטל ניט דערקענט.

און אין קלוב סע זיצן אַלטע ייִדן,
און מוזיקע דורך ראַדיאָ מע הערט.
אַלע זיינען גליקלעך און צופרידן,
וואָס מע לעבט איצט אויף דער פרייער ערד.

4

— וואָס זיצסטו אַזוי באַצאָרנט, זונעניו?
— איך האָב אַ שיין מיידעלע, מאַמעניו.
— ווער זשע איז דאָס מיידעלע, זונעניו?
— אַ יונגע קאָמסאָמאָלאָטשקע, מאַמעניו.

— צי האָט זי עפּעס נאָדן, זונעניו?
— צוויי גאָלדענע הענט, מאַמעניו.
— צי האָט זי עפּעס צירונג, זונעניו?
— אַ קים אפּן בלוזקעלע, מאַמעניו.
— ווער וועט דיך אונטער דער כופּע פירן, זונעניו?
— דער גאַנצער קאָמסאָמאָל, מאַמעניו.
— אוי, ווער זשע וועט דיך בענטשן, זונעניו?
— אוי, סטאַלין מיט קאַלינינען, מאַמעניו.
— ווער זשע וועט דיר עסן געבן, זונעניו?
— די גאַנצע ראַטנמאַכט, מאַמעניו.

5

מע וויל אונדז נעמען קיין ציִען, קיין ציִען,
מיר זאָלן זײַן ציִעניסטן, —
מיר ווילן בעסער זײַן אין רוסלאַנד,
מיר ווילן זײַן קאָמוניסטן.

מע וויל אונדז נעמען קיין ירושלים, קיין ירושלים,
מיר זאָלן דאָרטן גאַלאָדאיען,
מיר ווילן בעסער זײַן אין רוסלאַנד,
מיר וועלן אַלעמען באַפרײַען.

און דו, נאַרישער ציִעניסט
מיט דײַן נאַרישן סייכל,
גיי צום אַרבעטער צום קאָמוניסט —
ער וועט דיך לערנען סייכל.

6

אוי, בין איך אַמאָל געווען
אוי, אַ פרומע ייִדענע,
יעדן פייסעך טעפּ געברענט,
אַלע שאַבעס ליכט געבענטשט.
אָט אַ נאַר אַ ייִדענע!..

מאַלע וואָס אַמאָל געווען,
אוי, אַ נאַר אַ ייִדענע,

איצטער האלט איך ניט פון גאָט
און פון זײַן ביטערן קאָמפּאָט.
איך בין א צופרידענע.

איך בין שוין געוואָרן איצט
ניט קיין נאר א ייִדענע.
אלע נאכט איך גיי אין קלוב, —
לייען צײַטונגען, א בוך, —
איך בין א צופרידענע.

7

דער טאטע מיט דער מאמען,
די באָבע און דער זיידע,
אלע פיר צוזאמען
הערן סטאלינס רעדע.

— קאָנסטיטוציע די נײַע, —
זאָגט דער טאטע, — איז שיין.
די מאמע זאָגט: — מעכײַע,
דער זיידע: — מאָלעכיין.

די באָבע טאנצט און קוועלט:
— אוי, איז איצט א וועלט!
מײַנע אייניקלעך און קינדער —
קאָמסאָמאָלצעס, פּיאָנערן,
מיר האָבן איצט די זכיה
סטאלינען צו הערן.

8

באם סטאנאָק שטייט א סטאכאנאָוועץ מיטן האמער אין האנט,
באם סטאנאָק שטייט א סטאכאנאָוועץ, קלאפּט ער נאָכאנאנד,
אין דרויסן שטייט א בוים, גרינען זײַנע צווײַגן,
זינגען אף אים פייגעלעך און ווילן גאָר ניט שווײַגן.

הערט דער סטאכאנאָוועץ פייגעלעך-געזאנגען,
וויל ער זיי אריבערשטײַגן מיט זײַנע האמער־קלאנגען,

צעקלינגט זיך זײַן האמער, פונקען פון אים פליִען,
אָט װעלן מיר זען, װער װעט פרײלעכער א ליד פארציִען.

אײַער פרייד, פייגעלעך, איז צו מײַנער ניט גלײַך,
איך בין טויזנט מאָל גליקלעכער פאר אײַך,
איך פיל אויס מײַן נאָרמע אפּ דרײַ הונדערט פּראָצענט
מיטן האמער, װאָס באַװעגט זיך פלינק אין מײַנע הענט.

ניטאָ, ניטאָ אין דער װעלט נאָך אזא גליק,
װי אריבערשטײַגן די נאָרמע אפן זאװאָד און פאבריק.

9

מאשינעס קלאפּן, רוישן, קלינגען,
א נײַ לידל װעל איך זינגען.
מיט א נאָדל, אָן א נאָדל, —
ניי איך מיר בעקאָװעד גאָדל.

א לידל זינגט דער נײַער נייער,
א שנײַדערש לידל פון קאָנװייער.
מיט א נאָדל, אָן א נאָדל, —
ניי איך מיר בעקאָװעד גאָדל.

נייט זשע, װײַבער, נייט געשמאק,
א פּידזשאק נאָך א פּידזשאק.
מיט א נאָדל, אָן א נאָדל, —
ניי איך מיר בעקאָװעד גאָדל.

10

מיר פײַערן דעם אָקטיאבער־יאָנטעװ,
עס פאלט דער ערשטער שניי,
מיר האָבן פאר קיינעם קיין מוירע ניט,
ס'פירט אונדז די פארטיי.

מיר פײַערן דעם אָקטיאבער־יאָנטעװ
אלע, פון קליין ביז גרויס,
און אלע סאָנים אפצולאָכעס
גייען מיר אלץ באַרויס.

מיר, די שלאָגלער פון די שאכטעס,
גייען האנט־בא־האנט,
טויזנטער טאָנען גוטע קוילן
גיבן מיר דעם לאנד.

11

מיר זײַנען ארויסגעגאנגען גאנצפרי אף די גאסן
און געטראָפן שווארצע פאָנען אף די מאָווערן,
מיר האָבן זיך דערוווסט פון דער וויסטער יעדיִע,
אז אונדזער לאנד האָט א פירער אָנגעוואָרן.

מיר האָבן זיך פארקליבן אלע אינײינעם,
דאָס הארץ האָט זיך אונדז מיט בלוט פארגאָסן.
ווו איז דער מערדער דער ביטערער,
וואָס האָט דעם כאווער קיראָוו דערשאָסן?

פארשאָלטן זאָל ער זײַן, דער מערדער דער בלוטיקער,
פארניכטעט זאָל ער זײַן, דער האָמען!
מיר שטייען אף די גאסן רעדלעכווײַז,
און בא יעדערן אין הארצן קיראָווס נאָמען.

דער כאווער סטאלין איז געגאנגען אף דער לעווײַע
און געטראָגן זײַן טײַערן כאווער,
דער טאָג, וואָס מע האָט דעם כאווער קיראָוו דערשאָסן,
איז אין גאנצן לאנד געוואָרן א טראָווער.



# 7. בירָאבידזשאן

1

איך בין געווען א פראָסטער יאט אין שטעטל,
געדרייט די שטריק באם אלטיטשקן יעכיעל,
געהאט אין אויג די קוטשעראווע עטל,
געגאנגען שפאצירן צו דער מיל.

איצט פאָרט א באַנעלע, א באַנעלע, א באַנעלע,
און ס'רײַסן זיך אויף די סעמאפאָרן.
וואָס ברענגעט וועט בירָאָבידזשאַנעלע? —
געבליבן זעקס מעסלעס צו פאָרן.

ס'האָט זיך ווײַט צעוואָיעט מיט הודאָקן,
ס'האָבן יונגע זיך א הייב געטאָן פון אָרט,
אין שטעטל שטריקן אלטע מאמעס זאָקן
פאר זין, וואָס אין אַדעסער פאָרט.
איצט פאָרט א באַנעלע אאוו.

אין קאיאָר א בלויען און א פרישן
כ'האָב עטעלען באַגלייט צו דעם וואָקזאל,
זי האָט צוגעזאָגט פון זיך צו לאָזן גריסן,
איר וועג איז ווײַט, העט נאָך בײַקאל...
איצט פאָרט א באַנעלע אאוו.

ס'אוועק א יאָר, און עטל — ווי אין וואסער,
פארוואקסן שוין די סטעזשקעס צו דער מיל.
א בראַווער יאַט, נ'א אָסיען-טאָג א נאסן
בין איך אוועק צו דעם פריזיוו.
איצט פאָרט א באַנעלע אאוו.

איך דין א יאָר — און ווער א פולעמיאָטשיק,
איך דין א צווייטס — און ווער א קאָמאנדיר;
פון פעלדער גרינע, פון דעם לאנד דעם ווײַטן
עס קומט א בריוועלע צו מיר.
איצט פאָרט א באַנעלע אאוו.

איז עטל דאָרט א לערערן געוואָרן
בא דעם כינגאַן, וווּ ס'בליט א נײַער דאָר.
— עך, יאָסעלע, קום גיכער שוין צו פאָרן!
וועסט בא אונדז זײַן א קאָמבײַניאָר.
איצט פאָרט א באַנעלע אאוו.

2

כ'בין דורכגעפאָרן גאנץ סיביר,
פארבײַ טײַכן, בערג, אוראל,

געהאט האנאָע אָן א שיר,
ווען כ'בין געקומען צום בײַקאַל.
ווי דערלעבט מען צו קומען קיין ביראָבידזשאַן,
פאר מיר איז דאָרט דער בעסטער פּלאַן.

איצט זיץ איך מיר לעבן טײַך בירא,
די פיש שווימען הין און צוריק,
און ארום שפּרייט זיך א וואלד, א טײַגע,
פאר מיר איז דאָ דאָס בעסטע גליק.

איך גיי אין וואלד קלײַבן ניס,
איך שלעפּ מיט זיך גאנצע זעק.
איך שטיי באַם אמור און כאַפּ זיך פיש,
צום גוטס איז ניטאָ קיין עק.

קאָמבײַנען, טראקטאָרן זײַנען פול
אַף אַלע פעלדער,
זיי אקערן, שנײַדן די ערד,
ארום לויפן ארום אין די געדיכטע וועלדער
ציגן דאפקע אָן לאנגע בערד.

וועלדער מיט ניס און טײַכן מיט פיש
געפינט איר אין ביראָבידזשאַן.
קוילן און קאָקס, א ווילדער אָקס,
און דערצו א ווילדער קאבאַן.

גריבער מיט גאָלד, סאָפּקעס מיט מאַרמאָר
געפינט איר אין ביראָבידזשאַן.
לעבן זאָל דער סערפּ און האמער!
פאר אונדז איז דאָ דער בעסטער פּלאַן.

ביראָבידזשאַנער קאָלכאָזן האָבן היפּש פּאַרזייט.
בא אונדז איז אַלץ געראָטן —
סאָיע און ווייץ אַף די פעלדער זיך שפּרייט,
די שפּײַכלערס זײַנען פול אָנגעשאָטן.

גיט נאָר א קוק א שנײַדער-פאבריק,
מע נייט אַלץ, ניי און ביי,

מאשינעס נײַע, דאָס לעבן איז א מעכײַע,
עס לעבט זיך גוט און פרײַ.

ווארט נאָר א בליק — א בענקל־פאבריק,
מיר האָבן אפ וואָס צו זיצן,
מע מאכט דאָרט בופעטן, הילצערנע בעטן,
געזונטערהייט צו פארניצן.

3

גוט־מאָרגן אײַך, ברידער,
ס'זינגט זיך מיר ווידער,
ס'זינגט זיך מיר לידער
פון סטאלינישע צײַטן
אין לאנד אין באפרײַטן.

פון יאָנטויוויים נײַע,
וואָס האָבן זיך צעהעלט
פאר מענטשן פרײַע
אפ א זעקסטכיילעק וועלט.

ווי איינ מישפאָכע אלע
לאָמיר גיין צו די וואלן.
ווו זײַנט איר, פארזאָרגער יידישע,
וואָס שטייט איר אזוינע פארכידעשטע?

יאָ, איר מעגט זיך כידעשן —
אין העכסטן ראט
מיר ווײלן אלס דעפּוטאט
אויך אן ארבעטער א יידישן.

4

פויגל, פויגל, פייגעלע,
פאָלג מיר א שליכעס,
נעם זשע אָט דאָס בייגעלע, —
טראָג עס אָפּ וואָס גיכער.

פלי, דו פייגעלע, געשווינד
איבער ווײַטע לענגען,

און דאָס בריוועלע אָט־דאָס
זאָלסט אין מאָסקווע ברענגען.

גיב עס איבער אונדזער לערער,
אונדזער גרויסן פרײַנט.
זאָג אים, אז זײַן גרויס געשטאַלט
אונדז, ווי זון, באַשײַנט.

קאַלט איז דער ווינט,
נאָך קעלטער איז דער פראָסט,
וואַרעם אָבער איז מײַן ליבע,
און מײַן ליד איז פראָסט.

דער שניי אין דרויסן שיט,
און קאַלט איז די נאַכט.
אונדזער היימלאַנד איז באַפרײַט,
אַלע אַף דער וואַך!

בויען מיר אַ שיינע היים
אַפן מיזרעך ווײַטן,
דאַנקען מיר דעם כאַוועֶר סטאַלין
פאַר די גוטע צײַטן.

אינעם קרעמעל פלי אַרײַן,
פֿיל אויס מײַן באַגער,
גריס דאָרט אַלע דעפּוטאַטן,
סטאַלינען — נאָך מער!

5

סטאַלין! פון קנעכטשאַפט האָסט פעלקער באַפרײַט,
אויך דאָס ייִדישע פאָלק אין די רעכט אויסגעגלײַכט;
מיט האַמער און האַק אין דער האַנט
מיר בויען דאָס גליקלעכע לאַנד!

איז לאָמיר פאַר דאָס פריידיק־גליקלעך לעבן
אַלע ווי איינער שטימען אָפּגעבן,
פאַר סטאַלינען דעם גרויסן, דעם פאָטער און פרײַנט,
פאַר די רומפולע מיטקעמפער שטימען מיר היינט!

ארום דעם כאוועך סטאַלין לאָמיר זיך באהעפטן
און אָפּגעבן פאַר אים אַלע אונדזערע קרעפטן.
און ווען ס'וועט שלאָגן די נייטיקע שאָ,
וועלן מיר זאָגן: אָט זײַנען מיר דאָ!
אַלע ווי איינער מיט ביקס אין האַנט
מיר שטייען אָפּ וואַך פונעם גליקלעכן לאַנד!

6

סטאַלין!
דײַן נאָמען דערמאָנען — פאַר אונדז איז אַן ערע,
דײַן שטימע דערהערן — פאַר אונדז איז אַ גליק,
דײַן פּאָשעטסט וואָרט פאַר אונדז איז אַ לערע,
דײַן בליק שײַנט אין יעטווידן מענטשלעכן בליק.

אין בלויע פאַרטאָגן, אין קלאָרע פאַרנאַכטן,
אין יעטווידן זיג איז דײַן וואָרט און דײַן בילד,
און יעטווידער בויער, און יעטווידער שלאַכטמאַן
דײַן פּאָטערשע זאָרג און דײַן צאַרטקייט דערפילט.

דײַן נאָמען — איז ליכט פון אַמאָליקע זיגן,
דײַן נאָמען — איז צוקונפט, וואָס שײַנט אונדז און לײַכט,
דײַן נאָמען עס וויסן שוין קינדער אין וויגן,
דײַן נאָמען — אַ קאַמפּ־רוף אין יעטווידן שלאַכט.

פון פעלדער פון גרינע אין לאַנד אין דעם רויטן,
פון ביראָבידזשאַן און ביז ווײַטן מאַדריד:
באַם שמידן דאָס אײַזן, באַם שנײַדן די ברויטן,
דײַן נאָמען — דער אָנהייב פון יעטווידער ליד!

דו האָסט אונדז געגעבן דאָס לעבן דאָס פרײַע,
אַ לעבן פון גליק און פון פרייד.
פאַרהיטן דאָס שיינע און גליקלעכע לעבן —
דאָס פאָלק אונדזערס שטענדיק איז גרייט.

# אינהאלט

זײַט



## I

## קינדער־לידער

### 1. שפּילן, צײלעניש

## 2. וויג־ליד

# ליבע־לידער

## 1. ליבע

## 2. צעשיידונג

## 3. פעלשונג

## מישפּאָכע און שטייגער

## סאטירע און הומאָר

### 1. קעגן פרומקייט

## 2. שפּאַסן און שמייכלען

# II

# היסטאָרישע, רעקרוטנ, פּריזיוו אונ מילכאָמע

## 1. היסטאָרישע



## 2. רעקרוטנ, פּריזיוו אונ מילכאָמע

# נויט, אַרבעט און קאַמף

## 1. נויט



## 2. אַרבעט

## 3. קאמפ

## 4. אין טורמע און קייטן



## 5. רעוואָלוציאָנערע וויג־ליד



# III

# סאָוועטישע פאָלקס־לידער

## 1. סטאלין

## 2. סאָוועטישע וויג־ליד



## 3. רויטע ארמיי

## 4. קאָלווירט און דאָרפ

## 5. טשאַסטושקעס

(פאַרשריבן אין ווײַסרוסלאַנד — אין מאָלעווער און באָברויסקער ראַיאָנען און אין קאַלינינ־דאָרפער ראַיאָן)



## 6. סאָוועטישער שטייגער

## ז. ביראָבידזשאַן





ЕВРЕЙСКИЕ
НАРОДНЫЕ
ПЕСНИ

Редактор Н. Ойслендер.
Техред А. Фридкин.
Корректор М. Кацап.

---

Сдано в набор 2/XI 1938 г,
Подписано к печати 8/III-40
Формат бум. 60×92 1/16
30,5, п. л. уч. изд. лист. 36
„Дер Эмес". №—106. Уполн.
Главлита РСФСР А—22047
Тираж 3000. Заказ № 519

---

17 ф-ка нац.книги Огиза РСФСР,
треста „Полиграфкнига".
Москва, Шлюзовая наб., д.10.

